

ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

## 104 באַנד

רעדאַקטאָר:

מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַגס־לייטער:

אברהם מיטלבערג



די רשימה פון דערשינענע בענד — צום סוף פונעם בוך

י. י. טרונק

# די וועלט איז פול מיט נסים

אָדער

# מעשה מגימל אחים

פאָלקסטימלעכער ראָמאַן

לויט

אַנקל לערער המכונה מאָרגנשטערן

פון דער שטאָט לאָדזש



ארויסגעגעבן דורכן

צענטראַל-פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין אַרגענטינע

בוענאָס-איירעס, 1955 — תשט"ו

# אינהאַלט

## צווייט בילד:

## דריט בילד:



## פערט בילד:

## פינפט בילד:



## זעקסט בילד:

## זיבעט בילד:



## אַכט בילד:

## ניינט בילד:



## צענט בילד:

## ע ל פ ט  ב י ל ד :

# יידישער מיטאָס

## (הקדמה)

.1

פרויד, יונג און זייערע תלמידים האָבן פּאַמעלעך אָנגעהויבן אויפצודעקן די טונקלעניש פון דעם אומבאַוווסטן אין אונדז און די גאָר ווייטע און גאָר באַהאַלטענע קאָנטינענטן פון דער גשמה. זיי האָבן אַנטפּלעקט סיי אירע אינדיווידועלע און סיי אירע קאָלעקטיווע דימענסיעס.

מיר האָבן איינציקווייז אָנגעהויבן צו באַקומען אַנדערע השגות וואָס שייך דעם מענטש און זיין מעמד אין דער געשיכטע פון דער וועלט.

ווערדליק אונדזערע אַמאָליקע השגות איז די געשיכטע געגאַנגען איר וועג אויף אַן, — אַזוי גערופענע — ליניע פון אַנטוויקלונג. אַט די ליניע האָט זיך אָנגעהויבן ערגיץ ביי אַ פּרימיטיווער אלף און זי האָט זיך באַדאַרפט ענדיקן מן־הסתם ערגיץ ביי אַ תיו.

ווערדליק אונדזער היינטיקן קוק־ווינקל האָט זיך די אַנטוויקלונגס־ליניע אָנגעהויבן צו ברעכן אין איר געשטאַלט ווי אַ שטריך אין דער צייט. זי האָט אָנגעהויבן צו באַקומען די צורה פון אַן עיגול. דער מענטש איז געוואָרן עפּעס אַזוינס ווי אַ קנויל פון אָנגעזאַמלטע קעגנוואַרטיקייטן. דער סוף מיטן אָנהויב האָבן זיך צוזאַמענגע־קוועטשט אין אַ ן א י נ ס.

דער מענטש וואָס איז ביז איצט געשטאַנען אַליין מיט זיין וויסן און מיט זיין ווילן האָט אָנגעהויבן אויסצוקוקן ווי אַ פּינטעלע

פון אַן עפּעס וואָס איז אַרומגענומען מיט אומצאָליקע טונקעלע כו־
חות און מיט אומצאָליקע טונקעלע וויסענישן. טונקעלע וויסענישן?
אַנדערש קאָן מען נישט אָנרופן אָט יענע וויסנס אין די קאָנטינענטן
פון דעם אומבאַוווסטן. וויסנס, וואָס ווייסן, דוכט זיך, גאָר נישט
און ווייסן, דוכט זיך, אַלצדינג.

וואָס באַלאַנגט דער אַלטער לערע פון אַ ליניע — וואָס ציט זיך
פון אַ ן א ו נ ט ן צו אַ ן א ו י ב ן — האָבן מיר געהאַט אַ
פּשוטע סכעמע און אַ פּראָסטן שניידערישן חשבון; די דימענסיע
פון מענטשלעכן לעבן באַשטייט פון דריי קלאָר־באַלויכטענע חלקים:
פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און דער מירצעשעם פון אַ צוקונפט.
דאָס לעבן פונעם פערזענלעכן מענטש האָבן מיר טאַקע גענומען ווי
אַ משל פאַר דער מענטשלעכער געשיכטע אין אַלגעמיינעם.

און עס איז אויך געווען אַ פּראָסטער שניידערישער חשבון.

ווען דער מענטש איז אַ קינד ליגט ער אין אַ וויגל און איז
גריילעך געגליכן צו דער בהמה אויפן פעלד. ער קאָן נישט רעדן
און נישט טראַכטן. שפּעטער וואַקסט ער אויס פון די קינדער־שיכ־
לעך און קאָן שוין יאָ רעדן און טראַכטן. שפּעטער ווערט ער אַלט.
שפּעטער שטאַרבט ער און עס ווערט פון אים שטויב — ווי עס
זאָגן די פריידענקער — אָדער ער גייט — ווערדליק די טעאָלאָגן
— אַריין אין גיהנום צי אין אַ גן־עדן און מוז דאָרט אָפּגעבן דין־
וחשבון פאַר זיינע מעשים.

די אַלטע מיטאָסן אין פאָלקס־מעשיות האָבן מיר פּשוט באַ־
טראַכט ווי פּרימיטיווע נאַרישע פלוידערייען וועגן דער וועלט, אי־
רע גאָטהייטן און אירע שיקזאַלן וואָס דער מענטש האָט עפּעס
דאָרט געבעבעט ווען ער איז נאָך אַן אומוויסנדיקער געלעגן אין
דעם וויגל פון דער געשיכטע.

אין די קאָנטינענטן פון אומבאַוווסטן וואָס די לעצטע תקופה
האָט אונדז אַנטדעקט — און עס זענען ערשט אָנהייבן פון יענע
טונקעלע ווייטענישן וואָס נעמען אַרום אונדזער באַוווסט וויסן און
טראַכטן — האָבן מיר געזען נייע צ ו ז אַ מ ע נ ה אַ נ ג ע ן

וואָס בינדן צו זיך צו דעם מענטש. מיר זענען געוואָרן געניים מסופק צו זיין אין אונדזער סכעמע וועגן אַ ליניע וואָס האָט אָן אָנהייב און אפשר אויך אַ סוף. ווער ווייסט צי אָט די סכעמע שטימט מיט די פאַקטן פון דער היסטאָרישער פּאַקטישקייט? אין דעם ע י ג ו ל פון אומענדלעכע געשעענישן אין וועלכן עס לעבט דאָס פינטעלע מאָמענט פון אונדזער אַנזעעוודיק מענטשלעך לעבן — דאָרט זענען מיר נישט אין ערגעץ דאָס וויגל ווו מיר זענען מכלומרשט געלעגן אין די ווינדעלעך פון אַ פּרימיטיוו. עס שיינט גאָר אויסצוקוקן, אַז מיר זענען געבוירן געוואָרן ווי אַלטע דערפאַרענע פילאָזאָפן און באַלד פון סאַמע אָנהייב האָבן מיר געטראַכט די טיפסטע מחשבות וועגן דער וועלט. מיר האָבן אָבער אונדזערע מחשבות נישט אויס־געדריקט אין לאָגישע באַגריפן, נייערט אין בילדער און אין גלייכע־נישן. מיר האָבן אונדזערע וויסענישן נישט צעגלידערט אין סיסטע־מען. מיר האָבן זיי דערציילט ווי מעשיות און ווי מיטישע גע־שעענישן. דערביי האָבן מיר פאַרדינט, וואָס נישט בלויז דאָס וויסן פאַר וועלכן מיר האָבן געהאַט אַ באַגריף, נאָר אפילו אונדזערע אַנונגען האָבן מיר געקאָנט אַרויסנעמען פון די טונקלענישן און זיי אַריינלייגן אין אונדזערע מעשיות און געשטאַלטן ווי טייערן וויין אין גאָלדענע באָקאַלן.

הוייל מיר האָבן דעמאָלט נישט געמאַכט קיין חילוק צווישן דעם באַגריף פון פאַרשטאַנד און דעם אָנעניש פון געמיט — זענען מיר דעריבער געווען בכוח צו שאַפן דאָס גרעסטע מיט וועלכן די מענטשהייט האָט דערגרייכט דעם כוח היצירה פון די גאָטהייטן, — מיר האָבן איבערגעשטאַלטיקט די וועלט אין די געפעסן פון אונ־דזערע אויסדרוקן. און דאָס זענען געמלעך די מיטישע אויסדרוקן פון דער שפּראַך.

ווייל מיר זענען דעמאָלט געווען ווייניקער מעכאַניזירט ווי היינט צו טאָג, זענען מיר געווען ווייניקער א ב ע ר ג ל ו י ב ע־ ר י ש אין אונדזערע השגות און מער געוווסט אונטערצושיידן צווישן דעם שאַבלאָן און דעם צייכן. דערימעך האָבן מיר געוווסט אַזוי פיל צו דערציילן פון אונדזער וויסן וועגן דער וועלט.

## .2

אויף די קאָנטינענטן פונעם אומבאַוווּסטן — צו וועלכע די מאָ־דערנע פּסיכאָלאָגיע האָט דערווייל קוים געעפנט אַ שפּאַלט פון אַ טירל — דאָרט ליגן נאָך די ביכער פון די אַלטע מיטאָסן ווי אויסגע־שפּרייטע מעשׂי־בראשית.

פּאַמעלעך הייבן מיר אָן משׂיג צו זיין וואָס מען איז אויסן גע־ווען צו לערנען אין די מיסטעריעס פון עלויזיס, אין די טעמפּלען פון אַלטן מצרים און אויף די שטאַפּל־טורעמס פון בבל. וואָס עס האָט אונדז געלאָזט הערן די יידיש־מיטישע קאָנסטרוקציע פון קאָסמאָס ווי מיר געפינען זיך אין די סודות פון דער קבלה.

מען האָט דאָרט געלערנט צו באַנעמען די טיפע השׂגות פון דער מענטשהייט וואָס שייך די דימענסיעס פונעם אייביקן און אומ־ענדלעכן — השׂגות וואָס מען קאָן זיי נישט אויסדריקן סיידן אין די געשטאַלטן פון דער וועלט און אין די גלייכענישן וואָס זע־נען דורכויס גענומען פון די בילדער פון אונדזערע אויגן און פון די זעענישן און אַנונגען פון אונדזער פֿאַנטאַזיע. נאָר אין דעם שלל פון די דאָזיקע משלים און צייכענעס האָבן מיר געקאָנט זאָגן און אויסדריקן דאָס וואָס עס איז בשום אופן נישט מעגלעך צו דער־ציילן אויף דעם קליינעם שטח פון אונדזער באַוווּסטקייט.

שפּעטער זענען מיר אַוועקגעגאַנגען פון אָט די בראשית־קוואַלן פון דערקענטעניש און מיר האָבן זיך איינגערעדט צו ווערן קלוגער און זעעוודיקער.

ניין. מיר זענען געוואָרן נאַרישער און בלינדער.

ווער ווייסט צי מען האָט אונדז בגוואַלד אַוועקגעטריבן פון יע־נער גן־עדן־שפע פון מחשבות? — צי מיר זענען פרייוויליק פון דאָרט אַוועקגעגאַנגען און איינגעשרומפּן געוואָרן אין אַ קטנות פון באַנעמונג.

.3

מן־הסתם געהער עס צו דער פּיראַמידע פון דער געשיכטע וואָס דער מאָדערנער מענטש האָט זיינע פּראָגרעסיווע דערקענטענישן פאַרקירעוועט אויף אַ ווייטער וואָס איז צוגלייך אַ צוריק־וועג. ער האָט די אנהייבן פון זיין וועג אָנגעהויבן צו פאַרבינדן — זאָל איך זאָגן — מיט די סופן פון זיין וועג? אפשר יאָ. אפשר וועט דאָס לעצטע דערקענטעניש זיין דאָס דער־קענטעניש צו פאַרענדיקן דאָס קרייז־ראָד פון דער געשיכטע און צוריק אַריינצוקומען אין די גן־עדנדיקע מחשבות פון דעם אָנהייב — און אַזוי אַרום צו פאַרענדיקן דעם עפּאָס מענטש אויף די פליינען פון דעם קאָסמאָס?

דאָס זענען אָבער אַבסטראַקטע חקירות וואָס פירן צוריק צו די טונקלענישן פון די שיקזאַלן פון דעם אומבאַוווסטן.

.4

אויך אין דער יידישער געשיכטע האָבן מיר אָנגעהויבן צוריק־צוגיין צו די אומבאַוווסטע קאָנטינענטן וואָס נעמען אַרום דעם יידישן מענטש און דאָס יידישע פאָלק. די קלאָר־און־באַוווסט אויס־פאָרמירטע יידישע באַגריפן ווי מיר געפינען זיי אין דער טעאָלאָ־גישער און חקירהשער ליטעראַטור האָבן אָנגעהויבן אונדז ווייניק צו דערציילן וועגן דעם קיום־געהיימניש פון יידן. מיר האָבן אָנגע־הויבן צו זוכן דאָס אייביקע פון יידן נישט בלויז דאָרטן וווּ עס דריקט זיך אויס אין די ערפורכטיק־געלערנטע בלעטער פון דער אויפגעשריבענער יידישקייט. דאָס גרויסע, — דאָס גרויסע וואָס איז תמיד אומבאַוווסט און איז נייערט אַנונג, — האָבן מיר אָנגעהויבן צו זוכן אין די קליינע טאָג־טעגלעכע מעשים פון יידישן מענטש, אין דעם שטייגער פון זיין לעבן און אין דעם אופן פון זיין אוממיטלבאַרן רעאַגירן אויף דער וועלט.

מיר האָבן אַ מיטאָס, אַ יידישן מיטאָס פון אַט דעם אומבאַ־ווּסטן און טיף־געאַנטן ווּיסעניש. און דאָס איז די שפּראַך יידיש. דאָס לשון יידיש.

איך ווייס נישט צי אין אַן אַנדער שפּראַך פון די שפּראַכן וואָס יידן האָבן גערעדט אין זייער געשיכטע — און אפשר אויך נישט דאָס ביבלישע העברעאיש — האָבן יידן אַריינגעגאָסן אַזאַ שפּע פון זייערע געבלוטן און זאַפטן ווי אין דעם לשון יידיש. י י ד י ש האָבן יידן אָנגעהויבן צו רעדן בעת זייער גאַנג אין דער וועלט און זייער וועלט־שיקזאַל האָבן דערגרייכט צו אַ באַזונדערער שטופע אין דער פּיראַמידע פון זייער נאַציאָנאַל־פּסיכישן אויפבוי. זיי זע־נען געהאַט דערגאַנגען צו אַ מדרגה, וואָס מיט איר טראַגישקייט, שווּנג און דימענסיעס האָט זי ממש אויפגעריסן אַלע קוואַלן און קוואַלעכלעך פון יידישן געמיט. י י ד י ש איז געשאַפן געוואָרן ווען יידישער קיום איז געווען אַ סינטעז פון אַ וועלט־נצחון און אַ וועלט־אומקום און אַ גאַנג צווישן לעבן און טויט. — אין אַט דער פאַרביקער סימפאָניע פון יידישן קיום האָבן אַלע סטרונעס פון דער יידישער נשמה אויפגעציטערט און אויפגעשפּילט. דאָס ליכטיקע און דאָס טונקעלע אין יידן. דאָס גוטע און דאָס שלעכטע אין יידן. דאָס סימפּאַטישע און אומסימפּאַטישע אין יידן. די דערהויבנקייטן און די געפאַלנקייטן פון יידן. די זעלבסט־זיכערקייט און דער זעלבסט־אָפּשפּעט אין יידן. דער הערָאאיזם פון לעבן און דער שפּלותדיקער פּחד פון יאוש און זעלבסט־פאַרלייקענונג. אַלע שטור־רעם־ווינטן פון דער וועלט האָבן געבלאָזן אויף די סטרונעס פון יידישן געמיט ווען דאָס ל ש ו ן י י ד י ש איז געבוירן געוואָרן און געוואַקסן.

יידן קאָן מען אין ערגעץ נישט בעסער דערקענען ווי אין דעם מיטאָס פון דער שפּראַך יידיש. אין די ריטמוסן און אין די בילדער און נשמה־ניואַנסן פון אַט דעם ווּנדערלעכן לשון וואָס איז אויף אויסנווייניק אַזוי אָרעם און אויף אינעווייניק אַזוי רייך. — יידיש איז פול מיט די עשרותן פון דעם באַוווּסטן און אומבאַוווּסטן פון דעם פאָלק ישראל.

אין יידיש טרעפן מיר יידן אויף אַ מדריגה פון אַ גרויסער היס־
טאָרישער רייפקייט.

.5

די פאָלקס־מעשיות פון אַ נאַציע ווי אויך איר שפּעטערע סוב־לימירטע ליטעראַטור זענען נייערט אָרגאַנישע אויסוווקסן און פּראָ־דוקטן פון דער נאַציאָנאַלער שפּראַך. זיי געהערן צו איר עצם און קומען אַרויס פון אירע קוואַלן. די פאָלקס־מעשיות זענען נאָך די אַנאָ־נימע שאַפונגען פונעם נאַציאָנאַלן קאָלעקטיוו און באַלאַנגען כמעט צו דער קאָלעקטיווער אומבאַוווסטקייט פון דער נאַציע. פּונקט ווי די שפּראַך. די שפּעטערע סובלימירטע לי־טעראַטור איז שוין מער אַן איכ׳ישע טאַט פון אַ נאַ־ציאָנאַלער פּערזענלעכקייט. הגם זי איז אינדיווידועל — ווערט זי אָבער דורכויס געשאַפן אויפן קאָלעקטיוון — פּסיכישן — באָדן פון דער שפּראַך.

ווילן מיר זען יידישע מענטשן ווי זיי קוקן אויס אינעם באַ־וווסטן און אומבאַוווסטן פון זייער קיום, מוז מען זיי נאָר זען אין דעם אָפּשיין פון די דריי ממעמקים: יידיש לשון, יידישע פאָלקס־מעשיות און יידישע ליטעראַטור.

אין יידיש לשון האָבן מיר די שפּע פון אַ טאָטאַלער יידישער גאַנצקייט ווי זי שפּילט זיך אָפּ אויף פאַרשידענע די־מענסיעס. שפּראַך געהער אין עצם צו די שאַפערישקייטן פון דעם אומבאַוווסטן. די פאָלקס־מעשיות שטייען צווישן די טונקלע־נישן פון דעם אומבאַוווסטן און די ליכטיקייטן פונעם באַוווסטן. אין די פאָלקס־מעשיות האָבן מיר אַ באַגעמונג פון דער וועלט ווי זי דריקט זיך אויס אין דער דראַמאַטישער דיאַלעקטיק פון געמיט, דאָס הייסט אין טראַגישן און אין קאָמישן. הינטער די שלייערן פון אַ קינדישער נאַאיוויטעט האָבן מיר דאָרט זייער אַ טיפע דערפאַ־רונג וועגן דער וועלט. די נאַציאָנאַלע און מיקלאָמפּערשט גראָטעסקע

פאָלקס-פאַנטאַזיע דערציילט אונדז פון אירע דערפאַרונגען און דער־קענטעניש.

די סובלימירטע ליטעראַטור איז שוין דער ציל-באַוווסטער וועג פון אַ נ אַ צ י אָ נ אַ ל ע ר א י ד ע. זי וויל עפּעס אויסן זיין מיט איר עקזיסטענץ.

**י. י. טרונק**

ניו-יאָרק, יוני 1954.

# פיר מעשיות

.1

פיר מעשיות זענען מיר געווען —
האָבן מיר געהאַנדלט מיט יידן.
מיט בוידן און מיט סוסים
זענען מיר געפאָרן אויף אַלערליי יאַרידן.
זענען מיר געפאָרן קיין לייפּציג, קיין רעמסס און קיין פּיתום
און איבער אַנדערע מרחקים פון קרויך־פּוילן.
מיר האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין זוילן.
מיר האָבן אומעטום פאַרקויפט טשיפּקעס
און געקויפט נסים.
מיר דערציילן ריינעם אמת־ויציב,
נישט צופיל און נישט צו ווייניק,
כדי צו פאַרשאַפן אייך תענוג.

.2

אויב מיר מאַכן אייך ס'געניאַרן —
במעלליו יתנכר
אַז דער מחבר איז מגזם און משקר —
זייט קלוגע יידן.
זאָל עס אייך נישט אַרן!
האָט איר אַ דאגה!
שפּילט מיט אונדז אויף שראַגע.
אין שפּיל איז אַלצדינג עכטער —
דער מלך און דער וועכטער,
דער גוטער און דער שלעכטער,
דער פּחדן און דער פעכטער.
עס וועט זיין אַ שיין געלעכטער
ווען אויף אונדזערע יאַרידן
וועלן זיך יאַוון חתנים פאַר אייערע טעכטער.

# ערשט בילד

## קאַפּיטל אײנס

די צוואה פון אַ פּאַרצײַטישן ייד. — דרײַ יידן קלײַבן זיך אויס
דרײַ מצוות און לאָזן זיך איבער דער וועלט.

פּאַרצײַטנס האָט אין לאַנד פּה־לין געוווינט אַ ייד. זײַן שם הקודש איז געווען ר׳ יעקב־משה. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, אַ גרויסער עושר און אַ בעל מידות־טובות. אַ שם־טוב האָט ער געהאַט איבער גאָר די תפוצות־ישראל. פאַר קיין שום ייד געדאַכט איז ער געווען אַ חשוך־בנים. דער רײַכער תלמיד־חכם האָט נישט געזשאַלעוועט קיין צדקה און ער איז אַרומגעפאָרן צו די גרעסטע צדיקים און גוטע־יידן. ווי מיר ווייסן, פועלן אַזעלכע זאַכן. און ער האָט געהאַט אויף דער עלטער דרײַ זין.

צווישן פּאַרצײַטישע יידן האָבן נאָך געשפּרודלט די קוואַלן פון תורה און שבע חכמות. נײַערט ביי די שפּעטערע דורות זענען די דאָזיקע קוואַלן פאַרשטאָפּט געוואָרן בעוונותינו הרבים.

האָט ער, דער רײַכער תלמיד־חכם, פאַר זײַנע דרײַ זין צוגענומען די גרעסטע מלמדים כדי מיט זיי צו לערנען ש״ס ופוסקים. ער האָט אויך צוגענומען די גרעסטע וועלט־געלערנטע כדי מיט זיי צו לערנען אַלע שבע־חכמות. ער אַליין האָט זײַנע דרײַ זין געלערנט צו גיין אויפן גלײַכן וועג, גענאַנט דרך־הישר. דער עיקר האָט ער זיי געלערנט זיך נישט צו יאָגן נאָך די תאוות פון עולם־הזה, וואָרעם זייער סוף איז ביטער.

מחמת די בחורים זענען נאָך געווען זייער יונג האָט ער דערווייל נאָך מיט זיי נישט געטאָן קיין שידוכים.

איז דאָך אָבער דעם מענטשנס לעבן געגליכן צו אַ צל־עובר, צו אַ שאָטן וואָס מיניעט פאַרביי. קיינער ווייסט נישט ווען עס דאַרף קומען זײַן צײַט. מאַכט זיך אַ מעשה און דער אַלטער גביר און תלמיד־חכם ר׳ יעקב־משה ווערט נעבעך מסוכן־קראַנק. די גרעסטע דאָקטוירים האָבן אים אָפּ־

געזאָגט דאָס לעבן. זעט דער ייִד, אַז אויבן האָט מען שוין פאַר אים אי־בערגעמישט דאָס לעצטע בלעטל און אַז ער באַדאַרף זיך ריכטן.

האָט ער די דריי זין צונויפגעזאַמלט אַרום זיין בעט און זיי געוואָלט זאָגן די לעצטע ווערטער וואָס אַ ייִד דאַרף זאָגן זיינע קינדער לפני פטירתו.

פאַרצייטישע יידן זענען געווען גרויסע לומדים און חכמים, האָבן זיי מיטן ליכט פון זייער שכל און איינזעעניש געקאָנט זען זאַכן וואָס וועלן געשען אפילו שפּעטער. זיי האָבן געוווסט, אַז די טבע פון מענטשן און די דרכים פון דער וועלט זענען שטענדיק און תמיד די אייגענע און זיי חזרן זיך כסדר איבער. דערימעך האָט דער שכיב־מרע געזאָגט צו זיינע דריי זין, אַז לאחר פּטירתו וועלן זיי האָבן גרויסע שונאים און וועלן אַדורכגיין אַ סך צרות. „די וועלט, ליבע קינדער" — האָט דער קראַנקער ר' יעקב־משה געזאָגט — „איז סיי אַ גן־עדן־התחתון און סיי אַ גיהנום־התחתון. עס געווענדט זיך נאָר אין דער בחירה און וואָסער וועג אַ מענטש קלייבט זיך אויס. איין כלי־זיין איז פאַראַן קעגן די מלאכי־חבלה פון דער וועלט — און דאָס זענען מצוות און מעשים־טובים. נייערט זיי אַליין קאָנען מציל זיין אַ מענטש פון אַלע פורעניות און אומגליקן. „אַ מענטש" — האָט ווייטער געזאָגט דער שכיב־מרע — „איז נעבעך דאָס שוואַכסטע באַ־שעפעניש פון אַלע באַשעפענישן און ער קאָן נישט אויף זיך נעמען דעם גאַנצן עול פון גאָר דעם גוטן און גאָר דעם רעכטפאַרטיקן. טייערע קינ־דער מיינע, פאָלגט דערימעך מיין עצה און יעדער פון אייך זאָל זיך אויס־קלייבן אַ מצווה וואָס ער זאָל זי היטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. מעג זיך אים אויסדוכטן, אַז ער וועט פאַר איר נישט עומד־בנסיון זיין און אַז עס וועט אים קאָסטן זיין גאַנץ פאַרמעגן. אָט די אַלע מכלומרשטע אויסדוכטע־נישן, מיינע ליבע קינדער, זענען נישט מער ווי די שמד־שטיק פונעם יצר־הרע. הערט אים נישט, דעם בעל־דבר, און זייט זיך מקריב פאַר דער אויס־געקליבענער מצווה. דער זכות פון דער מצווה וועט אייך ביישטיין אין אַלע סכנות".

צום סוף פון זיינע רייד האָט ער די דריי זין געבענטשט און האָט זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט און געשטאָרבן.

די זין האָבן אים באַוויינט. די גאַנצע שטאָט מיט יידן האָט נאָך אים געטרויערט און נאָכגעזאָגט שבחים.

די דריי ברידער האָבן גוט געדענקט וואָס דער פאָטער האָט זיי אָנ־געזאָגט און באַלד נאָך דער שבעה האָבן זיי אַרויסגענומען פון ספרים־אַל־מער דעם „ספר המצוות הגדול" און דעם „שולחן־ערוך". זיי האָבן אָנ־געהויבן צו זוכן און צו נישטערן אין די תרי"ג מצוות און אין די דינים און מנהגים, היינו: וואָסער מצווה יעדער איינער פון זיי זאָל זיך אויס־קלייבן פאַר אַ לעבנס־וועג. זיי האָבן לאַנג געזוכט, געבלעטערט, מעין גע־ווען און באַטראַכט. צום סוף האָבן זיי זיך מיישב געווען: בעסער וועלן זיי לאָזן אין אַ זייט די גרויסע און שווערע מצוות וואָס זענען נייערט פאַר חכמים און לומדים. זיי וועלן זיך אויסקלייבן דווקא דריי פּראָסטע פּשו־טע מצוות וואָס יעדער פּראָסטער ייד קאָן מקיים זיין און מען באַדאַרף נישט צו זיי קיין גרויס חריפות און געלערנטקייט. דריי מצוות וואָס ווערן לייכט אָפּגעהיטן פון יעדן ייד מקטן ועד גדול און פון רייך ביז אָרעם. און דאָס זענען געמלעך: די מצווה פון נטילת־ידים, די מצווה פון שלוש־סעודות און די מצווה פון מלווה־מלכה.

וכך הוה. די דריי ברידער האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט מיט די פּשוטסטע יידישע מצוות און ביי זיך באַשלאָסן: יעבור עלי מה — מעג חלילה קומען וואָס עס וויל. יעדער ברודער וועט האַלטן די מצווה ווי דאָס טייערסטע פון טייערסטן און זיך פאַר איר מוסר־נפש זיין ווען מען וועט באַדאַרפן.

אחר הדברים האלה — נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך איינגעטיילט מיט די מצוות האָבן זיי זיך גענומען איינטיילן מיט דער ירושה. איטלעכער פון זיי האָט באַקומען תרפ"ט אלפים גאָלדענע דוקאַטן במזומן, אַחוץ נחלאות, פעלדער, וויינגערטנער און לוסט־גערטנער. אַן אמתער יד־המלך. אויף הייַנטיקע יידן געזאָגט!

זענען זיי דאָך אָבער געווען, ווי אַלע פאַרצייטישע יידן במדינת פּה־לין, גרויסע לומדים און געלערנטע לייט, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז איידער זיי וועלן זיך נעמען צו מסחר און טאָן שידוכים, וועלן זיי קודם־כל מאַכן ווייטע נסיעות איבער גאָר דער וועלט און זען הכצעקתה — ווי זי קוקט

אויס, וואָס זענען אירע דרכים, צי זענען אומעטום פאַראַנען אַזעלכע גאָטס־פּאָרכטיקע קלוגע יידן ווי אין פּה־לין?

האָבן זיי באַשלאָסן, אַז יעדער איינער פון זיי זאָל גיין אויף אַ באַזונדערן דרך. איעדער זאָל אויף זיין אייגן מזל אויסמעסטן דעם כדור־הארץ אין דער לענג און אין דער ברייט. דערנאָך, ווען זיי וועלן בעזרת השם יתברך צוריקקומען פון די מרחקים, וועלן זיי זיך צונויפקומען אין איין הויז, און יעדער איינער וועט דערציילן וואָס ער האָט געזען און געהערט איבער גאָר דער וועלט. דאָס וועט אויך זיין אַ גרויסער לימוד.

האָבן זיי גענומען אַ בויד און אַוועקגעפאָרן צו דער גרענעץ פון מדינת פּה־לין. ווייטער זענען שוין קיין בוידן נישט געפאָרן. האָבן זיי געקויפט דריי סוסים ווי די לייבן. זיי האָבן זיך גאָר פיין און ברידערלעך געזעגנט. איטלעכער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין סוס, זיך פונאַנדערגעשיידט און זיך פונאַנדערגעריטן איעדער אין אַן אַנדערער זייט פון דער וועלט.

איינער איז געריטן קיין מדינת אפריקע, דער צווייטער — קיין ברבריה און דער דריטער — קיין מדינת גרנדיאה.

איצט וועלן מיר דערציילן ווי עס איז צוגעגאַנגען דעם ערשטן ברודער וואָס האָט אויף זיך מקבל געווען די מצווה פון נטילת־ידים און איז אַוועקגעריטן קיין מדינת אַפריקע.

כדי די לייענער זאָלן אים האַלטן אין זכרון לאָמיר זאָגן אַז ער האָט געהייסן ר׳ ישׂשכר־בער.

## קאַפּיטל צוויי

איז אַ הארבעריק לעבן דער מדבר סאַכאַרע. — אַ מלחמה מיט די בני־ענק. — איז מיטן דער מדבר אָן וואַסער. — דאָס גרויסע געוויין פון די מענטשן און דאָס פייפן פון די נאַכט־ווינטן.

ר׳ יששכר־בער איז געריטן טעג און נעכט און וואָכן און וואָכן. פּלוצים איז ער צוגעקומען צו אַ גרויסער מדבר און מען האָט נישט געזען איר סוף און איר ענד. האַרט ביים ראַנד פון דער מדבר איז געשטאַנען אַ הויז. ווערליק דעם אויסקוק האָט זיך ר׳ יששכר־בערן אויסגעדוכט, אַז דאָס איז עפּעס אַזאַ מין הויז וואָס אין פה־לין רופט מען עס אכסניה און אין דער מדינת־הים — הארבעריק.

איז ער אַראָפּגעשטיגן פון פערד און אַריינגעגאַנגען אין דער אכסניה.

ווי ער איז אַהין אַריינגעקומען איז אים באַפאַלן אַ גרויסער פחד. ער האָט געזען אַ סך מענטשן, וגם וועגענער און סוסים, ווי אויך מויל־אייזלען און קעמלען. די מענטשן זענען געווען באַוואָפנט מיט פיילנבויגנס און מיט אַלערליי שפּיזן און שווערדן.

איז ביי ר׳ יששכר־בערן קיין ספק ג״שט געווען, אַז ער איז אַריינגעפאַלן צווישן אַ חברה גזלנים. זיי וועלן ביי אים צונעמען די תרפ״ט אלפים גאָלדענע דוקאַטן וואָס ער פירט מיט זיך אין זעק, דערנאָך וועלן זיי אים הרגענען. ער מעג שוין באַצייטנס זיך אַוועקשטעלן ביי דער וואַנט און זאָגן ווידוי.

אַ ייד פאַרלירט דאָך אָבער קיינמאָל נישט דעם בטחון, האָט ער זיך געמאַכט האַרץ און איז צוגעגאַנגען צו דעם עלטסטן פון די מכלומרשטע גזלנים, אַן עלטערער מענטש וואָס איז געגאַנגען אָנגעטאָן כמעט אין בגדי־מלכות און האָט געראַנקערט אַ לאַנגן ליולקע־ציביק פון טייערן בורשטין. ביי אים האָט ר׳ יששכר־בער געפרעגט מיט גרויס הכנעה:

— פון וואַנען קומט איר, מיינע ליבע מענטשן, און ווו אַהין פירט אייך די נסיעה?

האָט דער רייכער מאַן מיט דעם ליולקע־ציביק אים געענטפערט מיט פיל בנעימות:

— מיר אַלע זענען סוחרים און מיר קומען פון אַלערליי לענדער. מיר פאָרן קיין אַפריקע. און מיר ווילן דאָרט מאַכן גרויסע געשעפטן. נייערט אַהינצוצו מוז מען אַדורכגיין אָט די פאָרכצומע מדבר סאַכאַרע. אין דעם דאָזיקן האַרבעריק זאַמלען זיך צוזאַמען אַלערליי סוחרים און וואַרטן ביז עס קומט זיך צונויף אַ היפשע מחנה. דעמאָלט גורטן מיר זיך אָן מיט שטאַרקן כלי־זין. ווער קאָן גאָר טראַכטן וועגן דער איינשטעלעניש אַליין אַדורכצוגיין די פאָרכצומע מדבר סאַכאַרע? עס ווימלט דאָרט מיט מורא־דיקע גזלנים וואָס שטאַמען נאָך פון די בני־ענקים. אַחוץ דעם, לויפן דאָרט פראַנק און פריי אַרום לייבן און לעמפּערטן, שלאַנגען און עקדישן און אַנדערע חיות־רעות!

האָט ר׳ יששכר־בער דאָס דערהערט, איז זיין האַרץ געוואָרן מלא שמחה. ער וויל דאָך גיין קיין מדינת אַפריקע — און דאָ האָט ער אַזאַ גוטע געלעגנהייט.

אַז דער אייבערשטער פירט אַ ייד, האָט דאָך נישט קיין שיעור צו די נסים — באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די פרעמדע סוחרים געפינט זיך גאָר אַ ייד פון מדינת תימן. די צוויי יידן האָבן זיך מיטאַנאַנ־דער דערפרייט ווי צוויי לייבלעכע ברידער און ס׳איז באַלד געוואָרן נפשו קשורה בנפשו.

ויהי כאשר הכינו — ווען אַלצדינג איז שוין געווען מוכן ומזומן צו דער ווייטער נסיעה איבער דער מדבר סאַכאַרע האָבן די סוחרים געקויפט אַלערליי שפּייזן ווי אויך אָנגעפילט זייערע געפעסן מיט וואַסער, מחמת די נסיעה איבער דער פאָרכצומער מדבר דויערט גוטע הונדערט טעג. און דאָרט איז נייערט ווייטע און הייסע זאַמדן. זיי האָבן אַלצדינג אויפגע־לאָדן אויף די רוקנס פון זייערע קעמלען און מויל־אייזלען. ר׳ יששכר־בער פון פה־לין און זיין חבר דער ייד פון תימן האָבן אויך געטאָן דאָס נעמלעכע.

וישכימו בבוקר — ווי עס האָט נאָר געבראַזגעט דער מאָרגן האָבן זיך אַלע אָנגעגורט מיט פּיילנבויגנס און שפּיזן ויסעו — און מען האָט זיך געלאָזט רייטן אין דער מדבר סאַכאַרע. מען האָט נישט מער געזען ווי הימל און זאַמד. ביינאַכט האָבן געוואָיעט ווינטן און שאַקאַלן. טייל מאָל האָט מען ביינאַכט אָנגעצונדן פייערלעך און זיך אַרום זיי אַוועקגעזעצט. די גויים האָבן געזונגען לידער איש איש בלשון עמו. די צוויי יידן האָבן געזונגען שירות ותשבחות אויף לשון־קודש.

אַלצדינג איז געגאַנגען אין דער בעסטער כשורה. צוואַנציק טעג איז מען געריטן מיטן בטחון אַז מען וועט אַדורכקומען די מדבר בשלום.

אויפן איין און צוואַנציקסטן טאָג אינדערפרי האָט מען פּלוצים געזען ווי עס פליען שטיינער. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און פון די הויכעגישן פון די זאַמדן זענען אַרויסגעקומען אַ גרויסע מחנה מדבר־גזלנים. מיר האָבן שוין דערציילט, אַז זיי האָבן געשטאַמט פון די אַמאָליקע בני־ענק. ווי אַ וויכער זענען זיי אָנגעריטן אויף הויכע ווייסע קעמלען און די קעמלען האָבן אויסגעקוקט ווי ווייסע פליענדיקע שטרויס־פייגל. צו קוקן אויף די גזלנישע בני־ענק האָט אָנגענומען אַ ציטערניש אין די לענדן. יעדער איינער פון זיי איז געווען אַזוי גרויס ווי עוג מלך הבשן און האָט נישט מער פאַרמאָגט ווי איין אויג אין קאָפּ, און פונקט אין מיטן פון שטערן. דאָס אויג איז געווען אַזוי גרויס ווי אַן אתרוג און האָט געקאָנט שאַרף קוקן אין די ווייטענישן ווי דאָס אויג פון אַן אָדלער.

די סוחרישע גויים זענען אָבער געווען גרויסע מלומדי־מלחמה. האָבן זיי נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און גענומען זייערע פיילנבויגנס און אָנגעהויבן צו באַוואַרפן די בני־ענק מיט אַ האָגל פון פיילן. יענע, די גזלנים הייסט עס, האָבן אויך נישט געהאַט די הענט אין דער קימפּעט און האָבן צוריק געשליידערט מיט שפּיציקע שטיינער.

איך, אני הקטן דער מחבר, בין נישט קיין גרויסער מאדים אין תכסיסי־מלחמה און דערימעך איז מיין פען גאָר נישט אין שטאַנד צו באַשרייבן דעם גאַנצן גאַנג פון דער דאָזיקער שלאַכט. איך ווייס נאָר, אַז אין אָוונט ווען די זון איז שוין געשטאַנען העט אין מערב און די מדבר־זאַמדן זענען געווען בלוט־רויט פון דער שקיעה איז פון די בני־ענק נישט אי־

בערגעבליבן קיין שריד ופליט. זיי זענען אויסגעהרגעט געוואָרן ביז איי־נעם. פון די גויישע סוחרים זענען אויך געפאַלן ביי אַ פופציק מאַן. מיט די צוויי יידן זענען, ווי געוויינטלעך, געשען נסים און קיין האָר איז זיי נישט געקרימט געוואָרן אויפן קאָפּ.

דערפאַר האָבן די שטיינער פון די בני־ענק צעשמעטערט די געפעסן. ס'איז נישט מער איבערגעבליבן ווי צוויי געפעסן מיט וואַסער. מען האָט גאָר פאַרגעסן דעם נצחון איבער די בני־ענק און אַ גאַנצע נאַכט האָבן אַלע ביטער געוויינט. ס'הייסט? מיר האָבן נאָך צו גיין אין דער מדבר סאַ־כאַרע אַ קיימאָ לן פון אַכציק טעג און אַכציק נעכט — וואָס וועלן מיר נעבעך טאָן אָן וואַסער?

די דאָזיקע נאַכט אין דער מדבר איז געווען אַ נאַכט פון חושך־מצרים. מען האָט געהערט דאָס וויינען פון מענטשן, דאָס פייפן פון ווינטן און דאָס וואָיען פון אַלערליי חיות־רעות, אַריינגערעכנט שלאַנגען מיט עקדישן.

## קאַפּיטל דריי

ר׳ יששכר־בער באַצאָלט זיין גאַנץ פאַרמעגן פאַר אַ מצווה. —
ער באַקומט יעדן טאָג אַ מעסטל וואַסער אויף נטילת ידים.

ויהי בבוקר — איבער די זאַמדיקע וווייטענישן פון דער מדבר איז אויפגעגאַנגען דער פרימאָרגן. אַלע האָבן שוין מער נישט געהאַט קיין כוח צו וויינען. האָט דער עלטסטער פון די סוחרים פאַררויכערט זיין לאַנגן ליולקע־ציביק און זיך אָנגערופן בזה הלשון:

— שמעני, האָרכט צו מיין עצה, ליבע פריינט. קיינער פון אונדז זאָל זיך נישט אונטערשטיין צו וואַשן מיט דעם וואַסער וואָס איז נאָך איבערגעבליבן אין די צוויי געפעסן. מיר וועלן דאָס וואַסער האַלטן נייערט אויף טרינקען. טרינקען וועט איטעדער קריגן צוגעטיילט מיט אַ מאָס. אַ טראָפּן, נישט מער. מיר וועלן זיך אַזוי שטרענג אויפפירן ביז גאָט וועט העלפן און מיר וועלן בשלום אַדורכקומען די טרוקענע מדבר.

האָבן אַלע געענטפערט בפה אחד: גערעכט ווי גאָלד! און מיר מאַכן דיך טאַקע פאַרן האַר און מושל איבער די צוויי געפעסן מיט וואַסער. ווער עס וועט דיך נישט פאָלגן, וועלן מיר אים דן זיין למיתה און מיר וועלן אים טייטן דאָ אינמיטן פון דער מדבר סאַכאַרע.

האָט ר׳ יששכר־בער דערהערט דעם דאָזיקן באַשלוס איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. — ס׳טייטש? — האָט ער צו זיך געזאָגט — ווי וועל איך נעמען וואַסער זיך צו וואַשן די הענט פאַרן עסן?

איז ער אין דער שטיל צוגעגאַנגען צו דעם עלטסטן וואָס איז געזעסן צווישן די צוויי געפעסן מיט וואַסער און כסדר גערויכערט דעם ליולקע־ציביק, ער האָט זיך פאַר אים געבוקט ביז צו דער ערד און צו אים געזאָגט בזה הלשון:

— אייער עצה, הויכגעגנעדיקער האַר, איז טאַקע גאָר ווויל און קלוג. איך בין אָבער אַ יהודי. וועדליק די געזעצן פון דת משה וישראל טאָר איך

נישט עסן קיין ברויט אומגעוואַשן. על־כן פאַרקויפט מיר יעדן טאָג אַ מעסטל וואַסער איך זאָל מיר קאָנען וואַשן די הענט פאַרן עסן. איך בין גרייט אייך דערפאַר צו באַצאָלן וויפל איר אַליין וועט נאָר וועלן.

ויאמר אליו השר — האָט זיך דער עלטסטער צו אים אָנגערופן:

— גיב מיר דיין גאַנץ פאַרמעגן און איך וועל דערפילן דיין פאַר־לאַנג.

איז ר׳ ישׂשכר־בער געלאָפן מיט גרויס שמחה און געברענגט צום שר די זעק מיט די תרפ״ט אלפים גאָלדענע דוקאַטן — ער האָט זיך נישט אי־בערגעלאָזט קיין פרוטה — און זיי אָוועקגעשטעלט פאַרן עלטסטן.

דער שר, דאָס הייסט דער עלטסטער, ווי אויך אַלע סוחרים האָבן זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט: אויף דער וועלט געפינט זיך אַזאַ ערלעכער גאָטס־פאָרכטיקער מאַן וואָס איז בכוח אַוועקצוגעבן זיין גאַנץ האָב־און־גוטס פאַר איין און איינציקער מצווה!

פאָרט האָט זיך דער שר דערמאָנט, אַז ער פאַרמאָגט נישט מער ווי צוויי געפעסן מיט וואַסער. ס׳טייטש? ווי קאָן ער דעם ייד אַלע טאָג אַוועק־געבן אַ באַזונדער מעסטל וואַסער כדי זיך צו וואַשן די הענט?

אינצווישן האָבן אַלע גויישע סוחרים אָנגעהויבן צו מורמלען, און שוין האָט געברענט אין זיי דער כעס. אָבער פאַרפאַלן. דאָס וואָרט פון אַן עלטסטן קאָן מען נישט ענדערן.

האָט דער שר גענומען די תרפ״ט אלפים גאָלדענע דוקאַטן און זיי פו־נאַנדערגעטיילט צווישן די גויים. דאָס גאָלד האָט טאַקע איינגעשטילט זייער כעס. ר׳ ישׂשכר־בער איז פאַרבליבן מיטן בלויזן העמד אויפן לייב. דערפאַר האָט ער אַלע טאָג באַקומען אַ מעסטל וואַסער כדי מקיים צו זיין די מצווה נטילת־ידים.

## קאַפּיטל פיר

ר׳ יששכר־בער ווערט אַ מדינה־גייער. — ער ווערט אַ מלמד בײַ אַ גרויסן גביר.

ויהי כאשר עברו את המדבר — ווי זיי זענען אַדורכגעקומען בשלום די וויסטענייש סאַכאַרע, האָט זיך ר׳ יששכר־בער מיישב געווען: וואָס וועל איך אָן אַ פּרוטה בײַ דער נשמה מיטגיין מיט די סוחרים קיין אַפריקע? מיט וואָס וועל איך דאָרט האַנדלען? איך בין דאָך איצט אַ נאַקעטער אָרע־מאַן.

האָט ער זיך געזעגנט מיט די סוחרים און האָט גענומען אַ גראָבן שטעקן אין דער האַנט אַרייַן, צופוס, ווי אַ מדינה־גייער, האָט ער זיך גע־לאָזט אויף גאָטס באַראָט. אולי ירחם — טאָמער וועט ער אָנטרעפן אַ שטעטל מיט יידן.

איז ער געגאַנגען און געגאַנגען און געקומען אין אַ דאָרף אַרייַן. האָט ער דאָרט געזען אַ שיין הויז. האָט מען אים געזאָגט, אַז אין דעם הויז וווינט אַ ייד אַ גביר וואָס האַנדלט מיט תבואות און איז אָנגעשטאָפּט מיט רענדלעך.

האָט זיך ר׳ יששכר־בער אַוועקגעשטעלט כעני בפתח בײַם גבירס טיר׳ און געבעטן אַ נדבה.

געעפנט די טיר האָט דער גביר אַליין. זעט זיך אויס, אַז ער איז גע־ווען אַן איידעלער ייד און האָט געהאַט אַ טביעת־עין. האָט ער זיך באַלד געכאַפּט, אַז דער מדינה־גייער איז נעבעך אַ יורד און אַז ער שטאַמט פון אַ משפחה־מיוחסת.

האָט דער גביר גאָר פריינטלעך אים דערלאַנגט שלום־עליכם און געפרעגט: מאין באת, — פון וואַנען קומט אַ ייד, ומה מעשיך — וואָס איז דיין טאָן? האָט ר׳ יששכר־בער, דער יורד נעבעך, געענטפערט און טאַקע נאָך בײַ דער טיר:

— איך בין פון מדינת פה־לין. עס איז אַ לאַנד פול מיט גרויסע לומדים און חכמים. איך אַליין קום אויך אַרויס פון לומדים און חכמים, נייערט איך וואַנדער איבער דער וועלט און זוך אַ מלמדות. אַחוץ ש״ס ופוסקים קאָן איך שרייבן אין אַלערליי שפּראַכן און האָב אויך אַ היפּשע ידיעה אין די שבע חכמות. איך נעם מיך חלילה דערמיט נישט איבער — האָט ר׳ יששכר־בער געזאָגט מיט גרויס עניוות — מחמת ביי אונדז אין פּה־לין זענען אַזעלכע קענטעָנישן צווישן יידן נישט קיין נאָווינע.

האָט זיך דער גביר שטאַרק דערפרייט דאָס צו הערן און האָט זיך אָנגערופן צום מכלומרשטן מדינה־גייער:

— בואך לשלום, ר׳ ייד. איר האָט ממש אַהער געטראָפן מיטן רעכטן פוס. איך זוך טאַקע אַ גוטן מלמד צו מיינע קינדער, וגם ער זאָל זיי לערנען שרייבן לשונות און אַנדערע שבע חכמות. איר קאָנט ביי מיר בלייבן אויף אַלעם גוטן. איך וועל אייך אויסהאַלטן כיד המלך וגם צאָלן שיינע שכירות. איך וועל אייך געבן אַ באַזונדערע שטוב וווּ צו לערנען. די שטוב איז פול מיט ספרים־אַלמערס. דערווייל קומט צו מיר אַריין אין דער סאַליע און מיר וועלן עסן וועטשערע.

כך הוה. ר׳ יששכר־בער איז פאַרבליבן מלמד ביים פרעמדן גביר. דעם גבירס קינדער האָבן אָנגעהויבן ביי אים צו האָבן אַ גרויסן תכלית הן אין תורה און הן אין חכמות חיצוניות.

## קאַפּיטל פינף

די חצופה זליכה און ר׳ ישׂשכר־בער הצדיק.

אַזוי איז פאַרבייגעגאַנגען אַ קיילעכדיק יאָר.

דעם גבירס ווייב איז אָבער נישט געווען קיין גרויסע צדיקת און זי האָט האַלט געהאַט צו קוקן אויף שיינע מאַנסבילן. ותשא את עיניה — האָט זי נישט מער געטאָן נאָר געקוקט אויף ר׳ ישׂשכר־בערן, און מחמת ער איז געווען אַ יופי פון אַ מאַנסביל איז ער איר ווילגעפעלן געוואָרן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די דאָזיקע יידענע איז געווען אַ חצופה. האָט זי אַראָפּגענומען דעם פייגנבלאַט פון מויל און האָט ר׳ ישׂשכר־בערן אָנגעהויבן צוצורעדן, — רחמנא ליצלן — ער זאָל מיט איר טאָן אַן עבירה.

ר׳ ישׂשכר־בער נעבעך איז דערציטערט געוואָרן, און ער האָט איר אָנגעהויבן צו זאָגן תוכחה און דברי־מוסר. ער האָט איר דערציילט וואָס עס געשעט ווען אַ ייד טוט חלילה אַן עבירה מיט אַן אשת־איש. הן דער ייד און הן די יידענע פאַרלירן דעמאָלט ביידע וועלטן און קומען קיינמאָל נישט אַרויס פון גיהנום.

דער ארורה איז עס געקראָכן אין קאָפּ אַריין ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. פאַרקערט: זי האָט זיך גאָר פונאַנדערגעלאַכט מיט אַ פאַרשייט געלעכטער און אים, ר׳ ישׂשכר־בערן, געוואָלט אָננעמען פאַר דער האַנט.

ווען דער ייד האָט געוואָלט מאַכן אַ געוואַלד, האָט זי מורא געהאַט, אַז דער גביר וועט עס דערהערן און האָט זיך אָפּגעטראָגן.

ותדבר אליו יום יום — די חצופה האָט אָבער צו אים גערעדט טאָג ביי טאָג און ר׳ ישׂשכר־בער האָט נעבעך דערפון געהאַט גרויס צער.

ויהי היום — צוליבן תבואה־מסחר האָט דער גביר געמוזט אַוועקפאָרן אויף עטלעכע טעג. די יידענע האָט זיך מיישב געווען און אויסגעטראַכט אַן אויסרייד און האָט די קינדער אַוועקגעשיקט מכלומרשט צו

גאַסט צו אירס אַ רייכע מומע און דער מלמד ר׳ יששכר־בער איז געבליבן אַליין מיט דער ארורה.

דער ייד איז געווען אַ גרויסער תם און האָט תחילת נישט פאַר־שטאַנען די ערמה פון דער פאַרשייטער יידענע.

עס איז געקומען אויפדערנאַכט און ער איז אַרויפגעגאַנגען שלאָפן צו זיך אין חדר. ער האָט געלייענט קריאת־שמע, זיך געלייגט אין בעט אַריין, געזאָגט „המפיל" און איינגעשלאָפן.

ויהי בחצי הלילה — ר׳ יששכר־בער שלאָפט געשמאַק אונטער דער פערענע און עס חלומט זיך אים אַ דבר־תורה. פלוצים שפירט ער ווי מען פאָרקעט אים ביי דער האַנט. ער טוט אַ מאַך־אויף די אויגן און זעט ווי די יידענע שטייט אין בלויזן העמד ביי זיין בעט און רעדט צו אים ניבול־פה.

זעט דאָך ר׳ יששכר־בער אַז אַלע מ"ט שערי־טומאה האָבן זיך אויפ־געטאָן פאַר זיין בעט, איז — איידער וואָס און ווען — כאַפּט ער אויף זיך אַרויף דאָס אויבער־מלבוש, לויפט צו צום פענצטער, האַקט אויס אַלע שויבן און אין מיטן דער פינצטערער נאַכט שפרינגט ער אַרויס אין דרויסן און אַנטלויפט אין דער נאַכט אַריין. עס דוכט זיך אים אויס, אַז הינטער אים לויפט ימח־שמו דער סמך־מם אַליין און קנאַלט און פייפט מיט אַ בייטש.

## קאַפּיטל זעקס

דער ייד ווייזט דעם יצר־הרע אַ פייג און לויפט אַרויס אין די ווינטן. — לילית פּראַוועט שוואַרץ־שבת — נאָר ווער הערט זי?

די ימח־שמוניצע לילית מיט איר פינצטערער חברותא האָבן איינגעלייגט וועלטן כדי ר' יששכר־בערן צוריקצוטרייבן אין זיין שלאָף־חדר. זיי האָבן אַרויסגענומען דאָס גאַנצע קלאַפּער־געצייג פון גיהנום און געפּרוווט צו מאַכן אַרום דעם בעל־נסיון דעם אמתן שוואַרץ־שבת. אין דער נאַכט האָבן אָנגעהויבן צו קראַכן די דונערן. די פינצטערע הימלען זענען צע־ריסן געוואָרן פון די שאַרפע ליכטיקייטן פון די בליצן. די בליצן האָבן רגע־ווייז באַלויכטן די ביימער וואָס האָבן זיך געבויגן אין שטורעם־ווינט. באַלד האָט אָנגעהויבן צו כליאַפּען אַ רעגן ווי מען וואָלט אויפגעריסן די פענצטער פון הימל און פון דאָרט אַרויסגעגאָסן גאַנצע צעבערס מיט וואַ־סער. ר' יששכר־בער איז געלאָפן אינעם שטורעם־ווינט און אין רעגן און זיך נישט אומגעקוקט, הגם די בליצן וואָלטן אים גוט געוויזן דעם וועג צוריק צו דער חצופה. ער איז געוועזן אַדורכגעווייקט פון דעם מבול און געציטערט פון קעלט. ער האָט אָבער נישט פאַרלוירן דעם בטחון אין רבונו של עולם און זיין האַרץ איז געווען מלא שמחה וואָס ער איז חלילה נישט נכשל געוואָרן אין אַן עבירה און געוויזן דעם יצר־הרע אַ פייג.

ער איז אַריינגעקומען אין אַ וואַלד. דער וואַלד האָט געוואָיעט אין די ווינטן ווי טויזנטער רוחות וואָלטן אים געשמיסן. עס האָט ווייטער געדונערט, געבליצט און געכליאַפּעט. אָבער ר' יששכר־בער האָט נישט פאַרלוירן דעם בטחון. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אונטער אַ בוים און אָנגעהויבן צו זאָגן תהילים.

זעט זיך אויס, אַז אין גיהנום האָט מען סוף־כל־סוף איינגעזען מיט וואָס פאַר אַ ייד מען האָט צו טאָן און אַז די אַרבעט איז אַן אומזיסטע. איז מען, זעט זיך אויס, דאָרט מיד געוואָרן און מען האָט צוריקגעדרייט

דעם דישל. פּלוצים איז געוואָרן שטיל און עס האָט אויפגעהערט דאָס ביי־
זע געוויטער. פאַרקערט: ויהי אור — די זון איז גאָר אַ קריך אַרויסגע־
געבן פון איר פוטער־פעסל און מחיהדיק און וואַרעם אויפגעשיינט אין
וואַלד. אַלצדינג אויפן דורכגעווייקטן ייד איז געוואָרן טרוקן.

געזען, אַז בטחון איז די גרעסטע שמירה האָט זיך ר׳ יששכר־בער
געלאָזט ווייטער גיין אין טיפן וואַלד. אים האָט זיך אפילו אויסגעדוכט,
אַז אין די וואַלד־געדיכטענישן ברומען לייבן און לעמפּערטן — נאָר וואָס
האָט אַ ייד מורא צו האָבן פאַר חיות־רעות ווען ער איז בייגעשטאַנען דעם
גרעסטן נסיון און איז אַנטרונען געוואָרן פון די נעגל פון דער גרעסטער
חיה־רעה, — און דאָס איז דער יצר־הרע. הגם ער איז אַזוי געגאַנגען אַ
גאַנצן טאָג און נישט געגעסן און נישט געטרונקען, איז ער פאָרט געגאַנ־
גען בשמחה רבה און טייםמאָל האָט ער זיך גאָר צעזונגען אין שירות
ותשבחות.

עס איז ווידער געוואָרן פאַרנאַכטלעך. אין דער רויטקייט אויף די ביי־
מער־שפּיצן האָט מען געזען אַז די זון האַלט זיך שוין ביים זעצן. פּלוצים
איז ר׳ יששכר־בער צוגעקומען צו אַ גרויסן וווּנדערלעכן בוים.

ווען אַזאַ מין בוים האָט ער גאָר געהאַט געלייענט אין די מוסר־
ספרים וואָס באַשרייבן פּאַדריבנע דעם גן־עדן־התחתון. מן־הסתם האָט דער
תנא בר־בר־חנא אויך געזען אַזעלכעביימער ווען ער איז אַרומגעפאָרן
איבער דער וועלט.

יעדער צווייג פון דעם בוים איז געווען דיק ווי דער דיקסטער באַלקן.
דער שטאַם פון דעם בוים האָט געהאַט אַ פאַרנעם פון צוויי און פופציק
איילן. זיינע וואָרצלען זענען געווען דיק מינדעסטנס צוועלף איילן. לעבן
דעם בוים איז געשטאַנען אַ שטיין פון צען איילן ברייט און פופצן איילן
הויך. דער שטיין איז געווען באַוואַקסן מיט גרינעם וואַלד־מאָך.

ר׳ יששכר־בער איז אַרויפגעקראָכן אויפן שטיין. פון שטיין איז ער
אַרויפגעקראָכן אויף די צווייגן און זיך באַהאַלטן צווישן די בלעטער פון
בוים. איטלעכעס בלאַט איז געווען אַזוי גרויס ווי אַ טיש.

ויאמר היהודי בלבבו — און ר׳ יששכר־בער האָט ביי זיך געטראַכט:
— מיט אַ ייד געשעט גאָר נישט אומזיסט. דאָס מוז עפּעס באַטייטן.

# קאַפּיטל זיבן

פירבמערלעכע גזלנים קומען אָן צו רייטן. — ר׳ יששכר־בער קאָן תרגום־לשון און קומט אַריין אין גן־עדן־התחתון.

עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט און ר׳ יששכר־בער איז נאָך אַלץ געזעסן אויפן בוים צווישן די בלעטער.

ויהי בחצי הלילה — האָט ער געלייענט קריאת־שמע, געזאָגט „המפּיל" און געוואָלט איינשלאָפן. הערט ער פּלוצים ווי עס רייטן אָן רייטער און פון פינצטערן וואַלד דערנענטערט זיך ראש אַ ליכטיקייט.

ר׳ יששכר־בער האָט אַרויסגעקוקט פון זיין באַהעלטעניש, זעט ער — אויף ריזיקע פערד קומען אָן צו רייטן אַ מחנה גזלנים. זייער גרייס איז נישט געווען אויף אַ האָר קלענער ווי די בני־ענק אין דער מדבר סאַכאַרע און אפשר נאָך גרעסער. מחמת יעדער פון די גזלנים האָט געטראָגן אַ גרויסע לאַמטערנע האָט ר׳ יששכר־בער אַלצדינג גוט געקאָנט זען.

יעדער איינער פון די גזלנים איז געגאַנגען אָנגעטאָן אַ קופּערנעם פּאַנצער און געהאַלטן אַ שווערד אין דער האַנט, אַ חרב־פּיפיות מיט צוויי שאַרפן, אַחוץ דעם זענען זיי געווען אָנגעגורט מיט קופּערנע פיילנבויגנס. איןביידע זייטן פון זייערע זאָטלען האָבן געשטעקט קופּערנע שפּיזן אַזוי גרויס ווי די ארזי־לבנון. זיי האָבן געהאַט בערד, וואָס האָבן זיי געגרייכט ביז צו די פיס און די האָר פון זייערע קעפּ זענען געווען געפלאָכטן אין צעפּ. עס איז געווען אַ ציטערניש צו קוקן. בראָש פון די גזלנים אויף אַ געוואַלדיק באַשעפעניש איז געריטן אַ מענטש וואָס איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין גאָלדענע קליידער און געטראָגן אַ גאָלדענע קרוין אויפן קאָפּ. מחמת דאָס אַלצדינג איז געווען שאַרף באַליכטן מיט די לאַמטערנעס האָט ר׳ יששכר־בער גוט געקאָנט זען ווי די קרוין איז באַזעצט מיט לויטער אבנים־טובות.

— מן־הסתם איז דאָס דער מלך פון די גזלנים, — האָט ר׳ יששכר־

בער ביי זיך געטראַכט און זיך טיפער אַריינגערוקט צווישן די בלעטער.

דער מאַן מיט דער גאָלדענער קרוין אויפן קאָפּ איז צוגעריטן צום שטיין און האָט אָנגערופן דעם שטיין מיט אַ נאָמען. ווערליק ר׳ יששכר־בער האָט געהערט איז דער נאָמען געווען אויף תרגום־לשון.

— שטיין, שטיין, עפן זיך אויף! — האָט דער מלך געזאָגט דריי מאָל.

דער שטיין האָט געפּאָלגט ווי אַ לעמעלע און האָט זיך באותו הרגע געשפּאָלטן אויף צוויי. עס איז געוואָרן אַ גרויס טויער. די פירכטערלעכע גזלנים זענען פאַרלעכווייז אַריינגעריטן אין אַ הייל וואָס איז געווען אונטערן בוים. ר׳ יששכר־בער צווישן די בלעטער איז דאָך עפּעס געווען אַ גרויסער בעל־חשבון האָט ער זיי געציילט איינס ביי איינס. עס איז אים אויסגעקומען אַ קיימאָ־לן פון פינף טויזנט גזלנים.

נאָכדעם האָט זיך דער שטיין ווידער פאַרמאַכט און איז געבליבן אַ שטומער דומם פונקט ווי פריער.

האָט דאָך אָבער ר׳ יששכר־בער געקאָנט גוט תרגום־לשון האָט ער זיך דעם נאָמען געגומען אין קאָפּ אַריין. ויאמר בלבו — און ער האָט ביי זיך געטראַכט: — אַ ייד דאַרף האָבן נישט מער ווי בטחון און נזהר זיין אין יידישקייט און דער רבונו של עולם וועט שוין זען אַז ס׳זאָל זיין כי טוב.

ער האָט נאָך אַמאָל געשמאַק געזאָגט „המפיל“ און איז אַ באשמחה־טער איינגעשלאָפן אויפן בוים צווישן די בלעטער.

## קאַפּיטל אַכט

דער מחבר סטאַרעט זיך צו באַשרייבן דעם גן־עדן־התחתון נאָך זיין פּטירה איז צו אָרעם. — ר׳ יששכר־בער איז מציל אַ בן־מלך פון גוישע הענט.

ויהי הבוקר אור — קוים האָט נאָר געבראַזגעט דער פרימאָרגן האָט זיך דער שטיין ווידער געעפנט און די פינף טויזנט גזלנים זענען צוריק אַרויסגעריטן אין וואַלד אַריין. ר׳ יששכר־בער האָט געוואַרט אַ שעה, אָפּ־געדאַוונט צווישן די בלעטער און אַרונטערגעקראָכן פון בוים.

דעם נאָמען אויף תרגום־לשון האָט ער גוט געהאַלטן אין זכרון, איז ער צוגעגאַנגען צום שטיין און אַ זאָג געטאָן:

— שטיין, שטיין, עפן זיך!

דער שטיין האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און תיכף ומיד זיך גע־עפנט.

ר׳ יששכר־בער האָט נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און איז אַריינגעגאַנגען אין דער הייל אַריין.

ווען ער איז אַריינגעקומען אינעווייניק אין דער הייל האָט ער באמת געמיינט, אַז פּאַר אים האָט זיך געעפנט דער גן־עדן־התחתון פונקט אַזוי ווי ער שטייט באַשריבן אין די ספרי־מוסר. וואוהין ער האָט געוואָנדן זיינע אויגן האָט ער געזען נייערט מירמלשטיינערנע פּאַלאַצן. זייערע דע־כער זענען געווען פון רייבעם גינגאָלד און זייערע טירן האָבן שימערירט פון פּערל און אבנים טובות. די טירן דורך וועלכע די צדיקים גייען אַריין אין גן־עדן קאָנען גאָר נישט זיין קיין שענערע. די פירהייף פון די פּאַלאַצן זענען געווען געפּלאַסטערט מיט זילבער. אַרום די פּאַלאַצן זענען געוואקסן לוסט־גערטנער וואָס עין לא ראתה. אויף די ביימער פון די גערטנער זע־נען געוואקסן אתרוגים, לימענעס, מילגרוימען און אַנדערע גלוסטיקע פּי־

רות. און אַרום דיביימער זענען געוואקסן רויזן, בשמים און אַנדערע שמעקנדיקע קרייטעכצער.

ר׳ יששכר־בערן האָט שטאַרק געחידושט וואָס גזלנים האָבן צו טאָן אין דעם גן־עדן־התחתון? און ער איז ווייטער געגאַנגען. ער איז געגאַנגען אין אַ גרויס ליכטיקייט. האָט עס אים ווייטער געחידושט: ווי קומט אין אַ הייל אַזאַ ליכטיקייט? איז ער דאָך אָבער עפּעס געווען אַ ייד וואָס איז אויסגעבונדן אין די שבע חכמות — האָט ער זיך באַלד געכאַפּט אַז די ליכטיקייט שטאַמט פון אַזאַ מין כישוף.

פּלוצים איז ער צוגעקומען צו אַ פּאַלאַץ וואָס אַלע פּאַלאַצן וואָס ער האָט ביז אַהער געזען זענען געווען נישט מער ווי קיי און שפּיי.

— מן־הסתם איז דאָס דער פּאַלאַץ פון מלך, האָט ר׳ יששכר־בער געטראַכט. נאָר צו טראַכטן איז נישט געווען קיין צייט, מחמת די טירן פון דעם דאָזיקן פּאַלאַץ זענען געשטאַנען אויפגעפּראַלטע אין דער ליכטיקייט אַריין. האָט ער נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און איז אַרויפגעגאַנגען אויף די ברייטע גאָלדענע טרעפּ אינעווייניק אין פּאַלאַץ אַריין.

וואָס ער האָט אינעווייניק געזען האָט ווידער אַריבערגעשטיגן אַלע דמיונות פון אַ ייד אויף אונדזער מישטיינס געזאָגטן עולם־הזה. דעם ווערט פון די גאָלדענע און זילבערנע כלים וואָס האָבן זיך פּשוט אַרומגעוואַלגערט אויף די מירמלשטיינערנע דילן איז דער גרעסטער בעל־חשבון גאָרגישט אין שטאַנד געווען צו באַרעכענען. אונדזער ר׳ יששכר־בער האָט זיך נישט געפּוילט און ער איז טשיקאַווע געווען צו וויסן וואָס עס טוט זיך אין די קעלערס פון דעם דאָזיקן פּאַלאַץ. האָט ער ווידער גאָר־נישט געקאָנט באַרעכענען דאָס עשרות פון די מאכלים־טובים און פון די ווייך־פּעסער מיט ישן־נושן וואָס האָבן זיך דאָרט געוואַלגערט ממש גאַנצע חמרים. אַחוץ דעם זענען דאָרט געלעגן אַלערליי כלי־זמר פון ריינעם גינגאָלד. פידלען און צימבלען פון פּימסנהאָלץ און אויסגעזעצטע מיט בריליאַנטן און שמאַראַגדן, פּויקן און פּייקלעך און אַנדערע קלעזמערישע שמאַכטעס. אַחוץ דעם זענען אין דעם פּאַלאַץ געפּלאָסן קוואַלן מיט וואַסער, ריינע ווי קרישטאָל און זיי האָבן געשמעקט מיט בשמים און ווייררוך.

אונדזער ר׳ יששכר־בער האָט פּשוט נישט געוווּסט צי איז ער אויפן עולם־הזה צי אויפן עולם הבא.

ער איז נעבעך געווען גוט הונגעריק, — האָט ער אָבער נישט גע־וווּסט צי די מאכלים זענען גלאַט־כשר און צי די וויינען זענען חלילה נישט קיין יין־נסך — האָט ער קוים קוים אויסגעזוכט אַ שטיקל טרוקן ברויט, און האָט זיך געוואַשן די הענט מיט אַ גאָלדענער שעפּ, האָט גע־מאַכט מיט גרויס כוונה „המוציא״ און אויפגעגעסן דאָס שטיקל טרוקענע ברויט. נאָך דעם האָט ער געזונגען „שיר־המעלות״ און גאָר האָפּערדיק געבענטשט „ברכת־המזון״.

נאָכן בענטשן האָט ער זיך ווידער מיישב געווען: ארדה נאָ ואראה — לאָמיך ווייטער אָקערשט אַ קוק טאָן וואָס עס טוט זיך אין אָט דעם בחצרות־המלכים. ער איז אַזוי אַדורכגעגאַנגען עטלעכע חדרים וואָס אַ יעדער איינער איז געווען שענער און וווּנדערלעכער פון דעם צווייטן.

ווען ער האָט אַזוי געעפנט אַ גרויסע גינגאָלדענע טיר איז ער אַ פריטשמעליעטער געבליבן שטיין אויף אַ שוועל פון סאַמע קאָראַלן און שמאַראַגדן — ר׳ יששכר־בערן איז פּלוצים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. אינמיטן דעם חדר אויף אַ גאָלדענער פאָטער־שטול איז געזעסן עפּעס אַ בר־נש.

תחילת האָט דער ייד געמיינט, אַז דער גאַנצער גן־עדן־התחתון איז אים אויסגעפאַלן באָקעם און אַז ער האָט אָנגעטראָפן אויף אַ גזלנישן שומר. דער שומר וועט זיכער נישט שווייגן און וועט אים איבערענטפערן צו די גזלנים אין די הענט. די גזלנים וועלן מן־הסתם אויך נישט שווייגן און אים, ר׳ יששכר־בערן, דן זיין מיט אַלע אַרבע מיתות בית־דין. ווען אונטערקויפן דעם שומר האָט ער גאָר נישט געקאָנט טראַכטן. די זאַך מיט די תרפ״ט אלפים דוקאַטן האָט ער דאָך באַצאָלט פאַר דער מצווה פון נטילת־ידים און איצט איז ער נישט מער ווי אַ נאַקעטער אָרעמאַן. ר׳ יששכר־בער האָט שוין געשמאַק געטראַכט וועגן זאָגן ווידוי — האָט ער מיט אַמאָל דערזען ווי די הענט און די פיס פון דעם פרעמדן בר־נש זע־נען געשמידט מיט גאָלדענע קייטן. ווען ער האָט אַ קוק געטאָן דעם בר־נש אין פּנים אַריין האָט ער געזען, אַז דער יונגערמאַן קוקט גאָר נישט

אויס ווי קיין גזלן, נאָר ער האָט אַן איידל בלאַס פּנים פון אַ תּלמיד־חכם.

דער יונגערמאַן האָט, זעט זיך אויס, אויך מורא געהאַט פאַר ר׳ יששכר־בערן און ער האָט הויך אָנגעהויבן צו וויינען און צו זאָגן ווידוי. ר׳ יששכר־בער האָט זיך געמאַכט האַרץ און איז צו אים צוגעגאַנגען.

— איך בין חלילה נישט קיין גזלן — האָט ער געזאָגט מיט גרויס בנעימות — איך בין אַ פּשוטער יהודי, איך הייס יששכר־בער און קום פון מדינת פּה־לין. ווערליק אייער פּנים זענט איר אויך פון די בני אברהם, יצחק ויעקב, און קוקט אויס ווי אַ בן־תּורה. איז וואָס ווען מיר דאָ שפּילן בלינדע קו? דערציילט מיר, זייט מוחל, ווי אַזוי קומט איר אַהער אין אָט דעם גן־עדן־התחתון פון גזלנים? מיר זענען ברוך־השם יידן און דעריבער האָבן מיר פולע קעשענעס מיט בטחון. זאָרגט זיך נישט, ר׳ ייד! מיטן אויבערשטנס הילף וועל איך אייך אַרויסנעמען פון דעם ביטערן געפענגעניש.

דער ייד אין די גאָלדענע קייטן איז געוואָרן מלא שמחה און האָט גאָר געוואָלט טאַנצן. נאָר גיי און טאַנץ אין קייטן? האָט ער זיך אָנגערופן:

— זייט וויסן, ר׳ יששכר־בער, אַז איך בין אַ בן־מלך און שטאַם פון די בני־משה. מיין טאַטע זאָל לעבן קיניגט איבער די בני־משה און איבער נאָך אַכט שבטים פון די שבטי־ישראל. זיין לאַנד ציט זיך פון דער מדבר סאַכאַרע ביז צו די הרי־חושך. אויף מזרח־זייט גרענעצט עס זיך מיטן סמבטיון און מיט דעם לאַנד פון די רויטע יידעלעך. אויף צפון־זייט גרענעצט עס זיך מיט די עפרות־זהב. אין מיין לאַנד זענען קיין עיך־הרע פאַראַן יידן כחול הים — כן ירבו — און עס איז אָנגעשפּיקעוועט מיט גאונים און גדולי־התורה. וו מען טוט זיך נאָר ווענדן און קערן איז דאָס לאַנד פול מיט ישיבות און בתי־מדרשים און יידן זיצן דאָרט יומם ולילה און לערנען ש״ס ופוסקים.

ר׳ יששכר־בער איז געווען אויפן זיבעטן הימל. מצווה גוררת מצווה און אים איז באַשערט מציל צו זיין אַ ייד פון גויישע הענט און נאָך וואָסער ייד! אַ לייבלעכן בן־מלך פון די בני־משה! און ער האָט זיך אָנגערופן צום געבונדענעם בן־מלך:

— ווי הייסט איר, ר׳ בן־מלך, אויפן שם־הקודש?

— איך הייס יקותיאל־פגעיאל און בין פון שבט לוי, האָט דער בן־מלך געענטפערט מיט גרויס עניוות.

— איר זענט מן־הסתם נעבעך הונגעריק, ר׳ יקותיאל־פגעיאל? האָט אים ר׳ יששכר־בער געפרעגט.

— שייך זאָגן הונגעריק — האָט דער בן־מלך געענטפערט — שוין זיבן טעג און זיבן נעכט וואָס כ׳האָב גאָרנישט געהאַט אין מויל. די בני־ענק האָבן מיר אפילו געוואָלט געבן פון זייערע מאכלים, נאָר אַלצדינג איז דאָ טריפה־חזיר. אויך די וויינען זייערע זענען טריפה־חזיר. ריינער יין־נסך. די דאָזיקע פינף טויזנט בני־ענקישע גזלנים דינען אַלע צו אַ פּיצעלע מייזל. דאָס מייזל האַלטן זיי אין אַ פּיצעלע גאָלדן שטייגל. דאָס שטייגל האָט דאָס געשטאַלט פון אַ תיפלה. אַ גאַנצן זונטיק שטייען זיי פאַר דעם פּיצעלע מייזל און בלעקעכצן און זענען מנסך יין ישן־נושן. איך שטאַרב שיער פון הונגער, ר׳ יששכר־בערשי. אפשר האָט איר ביי זיך אַ שטיקל טרוקן ברויט מיט אַ ציבעלע?

— בכבוד גדול, האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט און אַרויסגענומען דאָס רעפטל ברויט וואָס איז אים איבערגעבליבן פון דעם טרוקענעם ברייטל וואָס ער האָט געהאַט געפונען אין דעם גן־עדן־התחתון.

ר׳ יששכר־בער האָט דעם בן־מלך אָפּגעבונדן פון די גאָלדענע קייטן. דער בן־מלך האָט זיך געוואַשן צום רעפטל. ער האָט עס אויפגעגעסן מיט גרויס אַפּעטיט. דערנאָך האָט ער געזונגען „שיר־המעלות״ און פרום געבענטשט דעם „ברכת־המזון״.

## קאַפּיטל נײַן

דער בן־מלך דערציילט פון זיין פּעקל.

די צוויי יידן זענען געשווינד אַרויסגעגאַנגען פון דער הייל און אַוועק טיפער אין וואַלד. ווען זיי זענען געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ תחום־שבת האָבן זיי זיך אַוועקגעזעצט אין שאָטן פון אַן אַלטן וואַלד־בוים.

ויאמר ר׳ יששכר־בער אל הבן־מלך — האָט ר׳ יששכר־בער געזאָגט צום בן־מלך:

— ביי אונדז אין מדינת פּה־לין האָבן מיר געוווּסט פון די בני־משה און פון זייערע מדינות ניייערט פון ספרים. איצט קומט מיר אויס, גאָט זיי דאַנק, צו זיצן מיט אַ בן־משה אונטער איין בוים. און נישט מיט עפּעס סתם דאָרט אַ בן־משה, נייערט טאַקע מיט זייערס אַ בן־מלך. איך גלויב, ר׳ יקותיאל־פּגעיאל, אַז איך וועל חלילה נישט זיין קיין מורד־במלכות ווען איך וועל אייך בעטן מיר צו דערציילן פּאַדראָבנע ופּאדריבנע פון די בני־ישראל, קיין עין הרע, אין אייערע מדינות און אונטער אייער כתר־מלכות. ראשית, ווי קומט איר, זאָלט איר מיר מוחל זיין, צו זיין אַ געפאַנגענער ביי גזלנים? אייער טאַטע, דער קיניג זאָל לעבן און זיינע חיילות זענען געזעסן און געשוויגן? האַ?

ויען הבן־מלך — האָט דער בן־מלך געענטפערט:

— הנני מוכן ומזומן, — ר׳ יששכר־בער. ווערליק איך זע זענט איר אַ ייד אַ חכם ונבון און אַ למדן גדול. איך וועל אייך דערציילן דאָס גאַנצע פּעקל.

— ביי די בני־משה זענען אויך דאָ פּעקלעך? האָט ר׳ יששכר־בער געפרעגט מיט גרויס חידוש.

— אומעטום ווו ס׳זענען דאָ יידן זענען דאָ פּעקלעך — האָט דער בן־מלך געענטפערט — עולם וועלט, עולם אייביק. איך וועל אייך אַלצ־

דינג דערציילן אין לאַנגן באריכות. נאָר האָרכט מיט קאָפּ, ר׳ יששכר־בער.

— שייך זאָגן האָרכן? — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט — איך האָרך מיטביידע אויערן, ר׳ יקותיאל־פגעיאל.

אויפן אַלטן וואַלד־בוים האָבן געזונגען פייגעלעך און דער בן־מלך פון די בני־משה האָט אָנגעהויבן צו דערציילן אַ וווּנדערלעכע געשיכטע.

## קאַפּיטל צען

ר׳ שלומיאל בן פדהצור דער גענעראַל פון די בני־משה. — חריפות. שאַך־שפּיל און תכסיסי מלחמה. — ר׳ שלומיאל בן פדהצור ווערט אַלעמען געבן מאַט.

יאָרן לאַנג — האָט דער בן־מלך אָנגעהויבן צו דערציילן ר׳ יששכר־בערן — זענען מיר געזעסן בשלום ושלוה אונטער אונדזערע פייגנביי־מער און אין אונדזערע בתי־מדרשים. מיר האָבן נישט געוווסט וואָס עס הייסט מלחמה. פשוט מיר זענען געשטאַנען מיט איין פוס אין דעם ערב ימות־המשיח.

אָבער ערב שבת איז פאָרט נישט שבת.

ביי אונדזערע גרענעצן לעבן דער מדבר סאַכאַרע וווינען גויים כחול הים און זיי זענען אַלע גרויסע שונאי־ישראל. האָבן מיר געהאַלטן חיילות משום טאָמער וואָס עס מאַכט זיך. אונדזערע זעלנער זענען אויך געווען לומדי־תורה און גאַנצע טעג געזעסן און געלערנט. בין־מנחה־למעריב האָט מען זיי געלערנט מושטער און אויך ווי אַזוי זיך אומצוגיין מיט פיילנ־בויגנס.

דער הויפּט־גענעראַל פון אונדזער חייל האָט געהייסן ר׳ שלומיאל בן פדהצור. און ער האָט געשטאַמט פון שבט זבולון.

דער גענעראַל ר׳ שלומיאל בן פדהצור איז געווען אַ ייד אַן אייזער־נער קאָפּ, אַ גרויסער בעל־מפלפל און אַ חריף, ממש אַ סיני עוקר הרים, ער האָט געקאָנט צוגויפפירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט. ער איז אויך גע־ווען אַ פילוסוף גדול. אין חקירה און אין תכונה איז ער געווען אויסגע־בונדן ווי אין אשרי יושבי ביתך. ער האָט געוווסט פון אַ ווערעמל אויף דער ערד ביז צו אַ שטערן אין הימל. ער איז אויך געווען אַ גרויסער שאַך־שפּילער. און אַלעמען האָט ער געגעבן מאַט. פון שאַך־שפּיל צו תכסיסי־מלחמה איז — ווי מיר ווייסן — נישט מער ווי אַ קאַצנשפּרונג. איז גע־בליבן ביין מיין טאַטן זאָל לעבן, דעם קיניג ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי,

ווי אויך ביי זיינע יועצי־המלוכה, אַז קיין בעסערער גענעראַל ווי ר׳ שלומיאל בן פדהצור קאָן גאָר נישט געמאָלט זיין בכל מדינת מלכותו.

כך הוה. מען האָט ר׳ שלומיאלן צוגענייט גאָלדענע שליפּעס צו דער זשופּיצע און אים צוגעטשעפּעט עפּעס אַ צאַצקע אויפן ספּאָדיק און אים גע־מאַכט פאַר דעם הויפּט־גענעראַל פון אונדזערע חיילות.

דער נעמלעכער ר׳ שלומיאל בן פדהצור איז אויך געווען מיין הויף־מלמד. ער האָט מיט מיר געלערנט הן ש״ס ופוסקים און הן תכסיסי־מלחמה און שאַך־שפּילן. ברוך־השם האָב איך ביי אים געהאַט אַ גרויסן תכלית.

דער גענעראַל ר׳ שלומיאל בן פדהצור האָט דעם קריגס־ראַט פאַר־געלייגט מלחמה־פּלענער וואָס זענען געווען וואָרע מייסטער־שטיק פון שאַך־שפּיל. די קונץ איז באַשטאַנען אין דעריין, וואָס מען וועט נישט באַ־דאַרפן טאָן דעם מינדסטן שאָס און קיין שום זעלנער וועט חלילה נישט געקרימט ווערן אַ האָר אויפן קאָפּ. ווו דער שונא וועט זיך נאָר טאָן אַ ריר וועט אים ר׳ שלומיאל באַלד אַרומנעמען.

„וועט דער שונא גיין דאָ — האָט ר׳ שלומיאל בן פדהצור געזונ־גען מיט אַ גמרא־ניגון און געטייטלט מיטן פינגער אויף אַ מאַפּע וואָס איז געווען געקעסטלט ווי אַ שאַך־ברעט — וועל איך גיין דאָ. וועט ער גיין אַהין — וועל איך גיין אַהער״.

ווו דער שונא וועט רוקן דאָס פערדל וועט אים ר׳ שלומיאל אָקעגנ־רוקן די מלכה.

די גרעסטע שאַך־שפּילער פון די בני־משה — פינצטערע יידן מיט גרויסע שטערנס, — זענען זיך צונויפגעפאָרן אין אונדזער הויפּטשטאָט קרתא־דשופריאָ און נאָכגעקוקט ר׳ שלומיאל בן פדהצורס מלחמה־פּלע־נער. אַלע האָבן זיך געריבן די גרויסע שטערנס און זיך געצופּט ביי די בערדלעך. לסוף האָבן זיי אַלע געזאָגט בפה אחד:

— אפילו ווען דעם סאַמאָראָדנעם אלכסנדר מוקדן זאָל זיך פאַר־גלוסטן צו פירן מיט אונדז מלחמה וועט אים ר׳ שלומיאל בן פדהצור געבן אַ מאַט וואָס מאַט הייסט.

די בני־משה זענען צוריקגעגאַנגען צו די גמרות און זיך געפּילט זי־כער אונטער די גענעראַלסקע שליפּעס פון ר׳ שלומיאל בן פדהצור.

## קאַפּיטל עלף

אַנדערש טראַכט זיך און אַנדערש טוט זיך. — בלע המות לנצח.

דער בן־מלך יקותיאל־פגעיאל האָט געגומען אַ שמעק טאַבאַק פון ר׳ יששכר־בערס קאָרענעם שקעטעלע, ויפתח את פיו — און ער האָט ווייטער אָנגעהויבן צו דערציילן.

— פון דער מוטערס צד שטאַמען טאַקע די ביטערע גויים, די בני־ענק, פון די חומשדיקע שונאי־ישראל. אָבער פון טאַטנס צד שטאַמט אַט דער עם הדומה לחמור פון נאָך אַ וואַזשנערן יחוס. זיי קומען אַרויס פון די רפאים און פון די נפילים. סאמע עשו.

נישט געקוקט אויף זייער געוואַלדיקער גרייס האָבן זיי אָבער מחלעך ווי די פליגן. קוים זיי קאָנען זיך אונטערשרייבן. ווען עס קומט זיי אויס צו מאַכן דעם קלענסטן חשבון, מוזן זיך אַלע בני־ענק צוזאַמענעמען און אויסטאָן די שטיוואַלעס און רעכענען אויף די פינגער. חשבון איז פאַר זיי אַ שווער האַלץ־האַקן.

— איך ווייס נישט — האָט דער בן־מלך ר׳ יקותיאל־פגעיאל געזאָגט צו ר׳ יששכר־בערן — וואָס דער האָבער האָט זיי געשטאָכן. מן־הסתם האָט זיי עמעצער געזאָגט, אַז ביי די בני־משה געפינט זיך די גרויסע זשמעניע. זיי האָבן נישט לאַנג געברייעט. שונאי־ישראל זענען זיי, זענען זיי אַריבערגעגאַנגען די גרענעץ און אָנגעהויבן מיט אונדז מלחמה.

אונדזער גענעראַל ר׳ שלומיאל בן פדהצור האָט צוזאַמענגענומען אַלע זיינע מאַפּעס און אָנגעהויבן דאָס חריפותדיקע שאַך־שפּיל. אַלע שאַך־שפּילער — און דאָס זענען די אָפיצירן אין אונדזערע חיילות — האָבן געזאָגט, אַז זיי זעען שוין ווי די בני־ענק זענען מאַט.

איז עס דאָך אָבער אַן עם הדומה לחמור והידים ידי עשו — האָבן זיי געהערט ר׳ שלומיאל בן פדהצורס פּלענער ווי המן דעם גרעגער. זיי האָבן אונדזערע חיילות געשלאָגן מכות־רצח, נישט געקוקט דערויף וואָס

ווערליק דעם שכל פון תכסיסי־מלחמה האָבן גראָד די בני־ענק געהאַט פאַרשפּילט ווי די בערן.

די חיילות פון די בני־משה זענען צעשלאָגן געוואָרן אויף קרעפּל־פּלייש. דער גענעראַל ר׳ שלומיאל איז, נישט פאַר קיין שום ייד געדאַכט, געפאַלן אויפן שלאַכט־פעלד. חברה־קדישא האָט אים קוים געפונען כדי אים מטהר צו זיין כדת וכדין און אים צו ברענגען צו קבר־ישראל.

## קאַפּיטל צוועלף

תשעה־באב אין קרתא־דשופריא. — יידן לעבן מיט נסים און טוען אַ שמעק־טאַבאַק.

ויהי כשמוע המלך — האָט דער בן־מלך ווייטער דערציילט — ווען מיין טאַטע זאָל לעבן, דער קיניג, האָט געהערט די ביטערע ידיעות פון די שלאַכט־פעלדער, ותתחלחל המלכה מאוד — האָט ער זיך שטאַרק דער־שראָקן און האָט געהייסן גוזר־תענית זיין.

קיין קרתא־דשופריא זענען דערווייל צופוס און אויף מויל־אייזלען געקומען שטאַפּעטן אויף שטאַפּעטן און געבראַכט איובס בשורות: די בני־ענק ראַבעווען און ברענען און מאַכן פּאָגראָמען אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון די בני־משה און די אַכט שבטי־ישראל.

וחמתי בערה בי — האָט זיך אין מיר אָנגעצונדן דער גרויסער גרימ־צאָרן: ס׳טייטש? אַ הפקר־וועלט? האָב איך מיר אָנגעגורט מיין שווערד און מיין פּיילנבויגן און בין אַריינגעגאַנגען אין טראָן־זאַל פון מיין טאַטן דעם קיניג ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי. ער איז דאָרט געזעסן צוזאַמען מיט אַלע שרי מלכות און געזאָגט קינות. ווי ער האָט מיך דערזען האָט ער מיר דערלאַנגט דעם שרביט־הזהב — די גאָלדענע רוט — אַז מיר זאָל דער־לויבט זיין צו גענענען צו זיין כסא־מלוכה און דערביי נישט זיין קיין מורד־במלכות.

— מאַיעסטעט! — האָב איך מיך אָנגערופן צו מיין טאַטן זאָל לעבן, — גיב מיר די רעשט פון דיינע חיילות און איך וועל אַקעגנגיין די בני־ענק און נעמען פון זיי נקמה.

מיין טאַטע זאָל לעבן האָט אויף זיך צעריסן זיינע גינגאָלדענע בגדי־מלכות און איז אַרויס מיט אַ יאָמערלעך געוויין.

— זון מיינער, — האָט ער געיאָמערט — דו ווייסט וויל, אַז מיין גאַנץ פאַרמעגן איז נישט מער ווי צוויי קינדער, דו און דיין שוועסטער

די פרינצעסין חגלה. דיין שוועסטער איז פון מיר אַוועק, און איך ווייס נישט ווו איר געביין איז אַהינגעקומען...

— איר האָט מיט אייער שוועסטער אויך געהאַט טראָבל? האָט ר׳ יששכר־בער איבערגעריסן דעם בן־מלך.

— דאָס איז גאָר אַ באַזונדער פּעקל — האָט דער בן־מלך געזיפצט

— האָט געדולד ר׳ יששכר־בער, איך וועל עס אייך שפּעטער דערציילן. דערווייל האַלטן מיר ווי די בני־ענק מאַכן פּאָגראָמען אויף יידן.

— בקיצור הדבר — האָט דער בן־מלך ווייטער אָנגעהויבן — איך בין באַשטאַנען אויף דאָס מייניקע און האָב געזאָגט צום קיניג, אַז באם ער וועט מיך נישט לאָזן מלחמה האַלטן מיט די שונאי־ישראל וועל איך מיר רחמנא־ליצלן אָנטאָן אַ מעשה.

דער קיניג האָט נישט געהאַט קיין עצה. האָט מען צוזאַמענגעקליבן דאָס רעשטל חיילות און איך האָב מיך אַרויסגעלאָזט בחרבי ובקשתי.

— וואָס וועל איך אייך מאריך זיין, ר׳ יששכר־בער? די שלאַכט האָט נישט לאַנג געדויערט און פון מיין חייל איז נישט איבערגעבליבן קיין שריד ופליט. די בני־ענק האָבן עס געמאַכט מיט גרויס ערמה. זיי האָבן אונדז אַריינגענאַרט אין אַ וואַלד און דאָרט פון אונדז געמאַכט פּיפּקע. איך אַליין האָב מיך באַהאַלטן הינטער אַ בוים. די רשעים האָבן מיך באַלד דערקנאַסט און מיך געבראַכט צו זייער מלך. דער גוי איז גע־ווען אויף מיר אש־להבה. תחילת האָט ער מיר געוואָלט אָפּהאַקן דעם קאָפּ מיט זיין חרב־פּיפיות. ער האָט זיך אָבער מיישב געווען און גע־הייסן מיר פאַרבינדן די אויגן מיט אַ פאַטשיילע און אַוועקפירן אין זיין הייל. נאָכדעם ווי זיי האָבן מיך דאָרט געשמידט אין גאָלדענע קייטן האָבן זיי, די בני־ענק, גענומען פרעסן און זויפן און שפּילן אויף אַלערליי כלי־זמר.

אַזוי בין איך געזעסן אין גרויס צער ביז עס איז געשען דאָס נס און איר, ר׳ יששכר־בער, האָט מיך מציל געווען.

— אויב אַ ייד האָט נאָר בטחון געשעען אומעטום מיט אים נסים. ווי איר קוקט מיך אָן, ר׳ יקותיאל־פּגעיאל, בין איך אויך אַ ייד פון סאַמע נסים — האָט געזאָגט ר׳ יששכר־בער און גענומען אַ גרויסן שמעק־טאַ־באַק. ער האָט אויך מכבד געווען דעם בן־מלך מיט אַ שמעק־טאַבאַק.

## קאַפּיטל דרייצן

ר' יששכר־בער וועט בלי־נדר ווערן משנה־למלך ביי די בני־משה.

צוויי טעג און אַ נאַכט האָבן זיך דיביידע יידן אַרומגעדרייט אין פּוסטן וואַלד. ויהי ביום השלישי — האַרט פאַר שקיעת־החמה זענען זיי צוגעקומען צו אַ געוואַלדיקן ים־אוקינוס. האָבן זיי נעבעך נישט געוווסט ווי אַזוי זיי וועלן אַריבערקומען דעם ים. איז אָבער זייער בטחון אין נסים געווען אין לשער. דער עיקר זענען זיי געווען בשמחה רבה וואָס סוף כל סוף זענען זיי אַרויסגעקומען פון וואַלד. ווי מיר אַלע ווייסן איז אַ וואַלד פול מיט סכנת־נפשות.

ויאמר הבן־מלך — האָט דער בן־מלך זיך אָנגערופן נאָכדעם ווי ער האָט אַ קוק־געטאָן אויפן ים־אוקינוס:

—ר' יששכר־בער! אין די שמועסן מיט אייך האָב איך אַרויסגע־זען, אַז איר זענט זייער אַ קלוגער ייד. לכן איז ביי מיר געבליבן, אַז ווי־באַלד מיר וועלן בלי־נדר אַהיימקומען אין דער הויפּטשטאָט קרתא־דשופּ־ריא וועל איך בעטן ביי מיין טאַטן זאָל לעבן, דעם קיניג, אַז ער זאָל אייך מאַכן פאַר משנה־למלך.

— אַ גרויסן יישר־כוח, ר' יקותיאל־פגעיאל — האָט ר' יששכר־בער געענטפערט מיט פיל עניוות — נאָר דערווייל מוזן מיר זיך אָוועק־שטעלן דאַווגען מנחה.

## קאַפּיטל פערצן

ר׳ ישׂשכר־בער האָט אַ חלום פון גן־עדן.

ווען ס׳איז געוואָרן פינצטער על שפת־הים האָבן זיי געדאַווענט מע־ריב. זיי האָבן אפילו געטראַכט וועגן וועטשערע, נאָר זיי האָבן געמוזט יוצא זיין מיטן בלויזן טראַכטן און זיך אַוועקלייגן שלאָפן הונגעריקע.

ויחלום חלום — ר׳ ישׂשכר־בער האָט געהאַט אַ חלום. אים האָט זיך געחלומט זיין טאַטע דער אַדיר ר׳ יעקב־משה זכרונו לברכה פון מדינת פּה־לין. דער מת־טהור איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ ווייסע אַטלעסענע זשופּיצע. אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ טייער קירהש שטריימל מיט שפּיצן. מען האָט געזען בחוש, אַז דער ייד איז אָקערשט געקומען אַראָפּ־צופליען פון גן־עדן.

דער מת־טהור האָט צו ר׳ ישׂשכר־בערן געזאָגט בזה הלשון:

— בני היקר, די תרפ״ט אלפים גאָלדענע דוקאַטן וואָס דו האָסט אַוועקגעגעבן אין דער מדבר סאַכאַרע כדי צו קענען מקיים זיין די מצווה פון נטילת־ידים האָט געמאַכט אַ רושם אין די עולמות־עליונים. פאַר יעדן דוקאַט האָסטו דיר באַשאַפן אַ מליץ־יושר. אָט די מליצי־יושר זענען דיר בייגעשטאַנען ביי אַלע אומגליקן נעבעך וואָס האָבן דיך געטראָפן זינט דו האָסט פאַרלאָזט מדינת פּה־לין —אַריינגערעכנט דאָס אומגליק מיט דער פאַרשייטער יידענע. רכב וצלח בני היקר, האַלט זיך אין דער מצווה נטילת־ידים און דו וועסט ווייטער ניצול ווערן. זיי וויסן, בני היקר, אַז דער עולם־התחתון ווימלט מיט מלאכי־חבלה און מזיקים אַ סך מער ווי דאָס סאַמאָראַדנע גיהנום. יעדער ערלעכער ייד שטעקט דעם בעל־דבר ווי אַ ביין אין האַלדז און ער טראַכט גייערט אים מזיק צו זיין. זיי גוט און פרום, בני היקר, און דו וועסט גיין מעלה מעלה צו עושר און צו כבוד.

— איצטער בני היקר — האָט דער מת־טהור, ר׳ יעקב־משה גע־זאָגט און געוויזן ר׳ ישׂשכר־בערן מיט אַ פינגער — וויבאַלד דו וועסט

אויפשטיין אינדערפרי און האָבן אָפּגעדאַוונט, זאָלסטו למען־השם אָפּציילן דריי הונדערט טריט. נאָך די דריי הונדערט טריט וועסטו טרעפן דריי גרויסע שטיינער. זאָלסטו אַרונטערשטעקן די האַנט אונטער דעם מיטלסטן שטיין. דאָרט ליגט אַן אַלט כתב־יד געשריבן מיט דריבניטשקע רש״י־כתב. לייען מיט קאָפּ און עס וועט דיר, אם ירצה השם, זיין צו גרויס נוצן.

ר׳ יששכר־בער האָט געעפנט די אויגן — והנה חלום — נישטאָ דער מת־טהור. ער האָט אַביסל אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געזען ווי אין די נאַכט־פינצטערנישן, וואָס זענען שאַרף באַגאָסן מיט לבנה־ליכט, רוישט און פּאַליעט זיך קלאַפּטער־הויך דער ים־אוקינוס.

## קאַפּיטל פופצן

א זעגל־שיף פון די רויטע יידעלעך ראַטעוועט ר׳ יששכר־בערן און דעם בן־מלך יקותיאל־פּגעיאל.

ויהי הבוקר אור — האָט ר׳ יששכר־בער אָפּגעדאַוונט השכמה און זיך גענומען אָפּציילן דריי הונדערט טריט. ער האָט אָנגעטראָפן דריי שטיינער און האָט אַרונטערגעשטעקט זיין האַנט אונטער דעם מיטלסטן שטיין. כדבור המת־הטהור איז טאַקע דאָרט געלעגן אַן אַלט כתב־יד. דער כתב איז געווען געשריבן אויף אַ האַרטן פאַרגעלטן פּאַרמעט.

ר׳ יששכר־בער האָט זיך אָנגעטאָן די שפּאַקולן און גענומען מעיין זיין אין כתב־יד. ר׳ יששכר־בערן איז אַדורכגעגאַנגען אַ ציטערניש אין די ביינער. עס איז געווען אַ חיבור פול מיט קבלה־מעשית. דער עיקר זע־נען דאָרט געשטאַנען געשריבן גרויסע סודות ווי אַזוי מען איז פותר־חלומות.

ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט מיטן ספר. ער האָט זיך אָבער דער־ווייל נישט וויסן געמאַכט פאַרן בן־מלך יקותיאל־פּגעיאל.

עס איז נישט פאַרבייגעגאַנגען קיין האַלבע שעה, האָבן די ביידע יידן אויפגעהויבן די אויגן און געזען ווי אויפן ים־אוקינוס שווימט אַ גרוי־סע זעגל־שיף. זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט ביים ברעג ים און אָנגעהויבן צו פאָכען מיט פאַטשיילעס. אויף דער זעגל־שיף האָט מען עס געמוזט דערזען, מחמת מען האָט פון דאָרטן צוריק געפאָכעט מיט פאַטשיילעס.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און עס איז צוגעשוואומען אַ שיפל. ר׳ יששכר־בער מיטן בן־מלך האָבן זיך אַריינגעזעצט אין שיפל און צוגע־שוואומען צו דער זעגל־שיף.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די שיף געהער צו אַ קאַפּיטאַן פון די רויטע יידעלעך און זיין נאָמען איז ר׳ שמואל־יצחק.

ר׳ יששכר־בער האָט זיך אַרומגעקוקט אויף דער זעגל־שיף און האָט

זיינע אייגענע אויגן נישט געגלויבט. די שיף איז געווען געבויט פון סאַמע עצי־זית. ביי אַלע טירן האָבן געהאַנגען זילבערנע מזוזות. די זעגל־ביימער זענען געווען עצי־אלמוגים און די זעגל־טיכער — טייערע טערקישע טליתים.

דער קאַפּיטאַן ר׳ שמואל־יצחק האָט די ביידע יידן דערלאַנגט שלום־עליכם און זיך שטאַרק מיט זיי דערפרייט.

— וווהין גייט אייער שיף, ר׳ שמואל־יצחק? האָט דער בן־מלך געפרעגט ביים קאַפּיטאַן.

— מיר פאָרן קיין קרתא־דשופריא צו די בני־משה און מיר ווילן דאָרט נעמען לאָדונג, האָט דער קאַפּיטאַן ר׳ שמואל־יצחק געענטפערט.

מיר קאָנען זיך פאַרשטעלן די שמחה פון בן־מלך ר׳ יקותיאל־פגעיאל און פון אונדזער ר׳ יששכר־בערן פון מדינת פה־לין.

ר׳ שמואל־יצחק האָט געזען, אַז די גערּאַטעוועטע יידן זענען נעבעך הונגעריק און ער האָט זיי געהייסן זיך וואַשן צו וועטשערע. אויף דער וועטשערע האָט אויך נישט געפעלט קיין גלעזעלע ישן־נושן און טאַקע כשר למהדרין מן המהדרין.

## קאַפּיטל זעכצן

דעם מלכס חלום און מען פּויקט אין די גאַסן.

ירום הודו, דער מלך פון די בני־משה, ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי איז געלעגן אויף זיין גאָלדן בעטל אין קיניגלעכן פּאַלאַץ אין קרתאָ־דשופריא. ער האָט געחלומט אַ חלום.

וואָלט ער געזען אין חלום זיבן פעטע קי און זיבן מאָגערע קי — וואָלט דעמאָלט דער קיניג נישט געהאַט קיין האַרץ־אָפּעסעניש. ס׳איז אַ חומשדיקער חלום און ס׳איז קלאָר ווי דער טאָג, אַז ביי די בני־משה וועלן זיין זיבן זאַטע יאָר און דערנאָך זיבן הונגעריקע.

האָט ער אָבער געזען אין חלום נייערט זיבן ציגן און זיבן הענער. די ציגן האָבן געהאַט שיינע לומדישע בערדלעך און אויף די קעפּ האָבן זיי געטראָגן קירהשע שטריימלעך מיט שפּיצן. די הענער זענען געווען אַלע ווייסע. באַשיימפּערלעכע כפּרה־הענער. די זיבן ציגן און די זיבן הענער האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם קיניגלעכן גאָלדענעם בעט. די ציגן האָבן געשאָקלט מיט די בערדלעך און געמעקעט. די הענער האָבן אַריינ־געקוקט אין אַן אויפגעמישטן קרבן־מנחה־סידור און געזאָגט „בני־אדם״.

דעם דאָזיקן חלום האָט דער מלך ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי געהאַט דריי נעכט נאָכאַנאַנד און ער האָט נישט געוווסט וואָס דאָס האָט צו באַ־טייטן. האָט ער צוזאַמענגערופן אַלע יועצים, אַלע חכמים און אַלע שטערן־קוקער ביי די בני־משה. קיינער האָט אָבער נישט געקאָנט דעם חלום פּותר זיין. האָט ער אַרויסגעשיקט זיינע אחשתרנים און זיינע בני־הרמכים און זיי געהייסן אויספּויקן אין אַלע גאַסן און געמאַרקן פון זיין לאַנד, אַז הנה: ווער עס וועט באַווייזן פּותר צו זיין דעם קיניגלעכן חלום, דער וועט באַלוינט ווערן מיט גרויסע מתנות און וועט אויפן גאַנצן לעבן באַ־פרייט ווערן פון צו צאָלן פּאָדאַטקעס.

## קאַפּיטל זיבעצן

ר׳ יששכר־בער מיטן בן־מלך פאַרשטעלן זיך פאַר ארחי־פרחי. — יסכה די פעדער־שלייסערקע דערקענט דעם בן־מלך און זי פאַלט אין חלשות.

ויהי ביום השלישי ווען אַלע געמאַרקן פון די בני־משה זענען פול גע־ווען מיט דער געפויקעריי פון די אחשתרנים און בני הרמכים, איז די זעגל־שיף פון די רויטע יידעלעך געקומען אָנצופאָרן צו די ברעגעס פון קרתא־דשופריאַ.

דער בן־מלך ר׳ יקותיאל־פגעיאל האָט העננדום־פּעננדום געוואָלט אַוועקלויפן אין קיניגלעכן פּאַלאַץ און דאָרט פאַלן דעם מלך אויפן האַלדז און אים בעטן, אַז ער זאָל ר׳ יששכר־בערן מאַכן פאַר משנה. איז דאָך אָבער ר׳ יששכר־בער געווען אַ קלוגער פּוילישער ייד און ער איז שוין געהאַט אַדורכגעגאַנגען קאַלט און וואַרים, האָט ער זיך אָנגערופן צום בן־מלך:

— פון איילעניש, ר׳ יקותיאל־פגעיאל, קומט קיין גוטס נישט אַרויס. שמעני, האָרכט מיך אויס און פאָלגט מיין עצה: עס איז אַן אַלטער דרך ביי יידן זיך נישט צו שפּילן מיט עין־הרעס. יידן גייען שטיליטשקע און בהצנע־לכת. דער דאָזיקער יידישער דרך איז בדוק ומנוסה פון הונדערטער דורות יידן. לאָמיר זיך קודם־כל פאַרשטעלן, אַז קיין בן־אָדם זאָל אונדז נישט דערקענען. טוט אייך אויס, זייט מוחל, די בגדי־מלכות. איך וועל אייך לייען מיינס אַן אַלט כאַלאַטל. טוט עס אָן און זעצט זיך אַוועק אונטער אַ בוים. אינצווישן וועל איך אַוועקגיין אין די קרעמלעך פון די אַלטוואַרג־הענדלער און שמאַטע־קלייבער. דאָרט וועל איך קויפן בגדים פון אָרעמעלייט און מדינה־גייער. מיר וועלן זיך פאַרשטעלן פאַר ארחי־פרחי, כדי נישט צו רייסן די אויגן און, חלילה, נישט ניזוק צו ווערן פון אַ בייז אויג. שפּעטער, ווען עס וועט, אם ירצה השם, קומען די רעכטע

צייט וועט איר אַוועקגיין אין די חצרות־המלכים און זיך אַנטפלעקן פאַר אייער טאַטן זאָל לעבן. אַלע וועלן דעמאָלט זען, אַז דער מכלומרשטער שלעפּער איז גאָר בכבודו ובעצמו נישט קיין אַנדערער ווי דער לייבלע־כער קרוינפּרינץ.

האָט דער בן־מלך געענטפערט:

— כנים דבריך, ר׳ יששכר־בער. איר זענט גערעכט ווי גאָלד און איר זענט אַ געבוירענער משנה־למלך.

כך הוה. דער בן־מלך האָט זיך אָנגעטאָן ר׳ יששכר־בערס אַ כאַ־לאַטל און זיך אַוועקגעזעצט אונטער אַ בוים. ר׳ יששכר־בער איז געגאַנ־גען אין מאַרק אַריין אײַנצוהאַנדלען די מציאות.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט. ר׳ יששכר־בער האָט געבראַכט שמאַ־טעס וואָס אפילו אויף די גרעסטע מיסטקאַסטנס וואָלטן זיי געווען אַ יקר־המציאות, אמתער עיפּוש. ר׳ יששכר־בער האָט זיי געקויפט בחצי־חנם ביי אַן אַלטער בעטלערקע אַ שמאַטע־קלייבערקע. ער און דער בן־מלך האָבן זיך אָנגעטאָן די קרוע־ובלוע. זיי האָבן אויסגעקוקט ווי ארחי־פרחידיקע מדינה־גייער גאָך פון ששת ימי בראשית. עס איז געווען אַ רחמנות אויף זיי צו קוקן.

די ביידע פאַרשטעלטע יידן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צום הקדש. האַרט לעבן הקדש אין אַ מפולת האָט געוווינט אַן אַלטע יידענע, אַ שם־דבר אין קרתא־דשופריא. פון כמה וכמה שנים איז זי געווען אַ וויסטע עגונה און האָט געהייסן יסכה די גבאיטע. זי איז געווען פון די נשים צדקניות, פרום און גאָטספאָרכטיק. זי האָט זיך בדוחק מפרנס געווען פון צוויי פרנסות. ראשית, האָט זי אָפּגעשפּראָכן עין־הרעס און פאַר יעדן אָפּשפּרע־כעניש געגומען אַ גראָשן. שנית — האָט זי געשליסן פעדערן.

ר׳ יששכר־בער און דער בן־מלך זענען אַריינגעגאַנגען אין דער מפולת. יסכה די גבאיטע איז געזעסן אינמיטן אַ הויפן פון היגערישע פע־דערן. זי איז געווען אײַנגעפּעדערט פון קאָפּ ביז פיס גלייך זי וואָלט גע־ווען פאַרשנייט. אויפן קאָפּ האָט זי געטראָגן אַ רויטע צעריסענע שלאָף־קופּקע. פונקט האָט זי געהאַלטן ביים דאַווענען מנחה פון אַ דיקן קרבן־מנחה־סידור. דערימער האָט זי אויף דער לאַנגער אויסגעשפּיצטער נאָז

געטראָגן אַ פּאָר צעבראָכענע שפּאָקולן. בכלל האָט זי אויסגעקוקט ווי אַן אַלטע קוואָקע פון וועלכער מען האָט אויסגעצופּט אַלע פעדערן.

ביידע ארחי־פרחי האָבן אַ קוש געטאָן דער מזוזה און צוזאַמען אַ זאָג געטאָן: גאָט העלף! די יידענע האָט געמיינט, אַז עס זענען עפּעס דאָרט שלעפער און זיי געוואָלט הייסן גיין אין הקדש אריין. האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ און זיי שאַרף אָנגעקוקט מיט אירע שפּאָקולן און זי איז אַוועק־געפאַלן אין חלשות. — אין איינעם פון די קרוע־ובלוע האָט זי באותו הרגע דערקאָנט דעם בן־מלך.

וועט דאָך דער לייענער פרעגן ביים מחבר: היתכן, ר׳ ייד? אָקערשט האָט איר געזאָגט: קיין פויגל אין קרתא־דשופריא האָט נישט געוווסט אַז דאָס איז דער פאַרשטעלטער קרוינפּרינץ, און דאָ דערקענט אים עפּעס דאָרט אַ פעדער־שלייסערקע?

איז עס אָבער אַ מעשה בתוך מעשה און איך וועל עס דערציילן בתכלית הקיצור.

באַלד נאָך זיין חומש־סעודה איז דער בן־מלך קראַנק געוואָרן אויפן בייכעלע. מען האָט געשיקט נאָך די גרעסטע דאָקטוירים פון די בני־משה. זייערע רפואות האָבן געפּועלט ווי אַ טויטן באַנקעס. האָט זיך די מלכה אביגיל־הדסה מיישב געווען און האָט געשיקט נאָך דער פעדער־שלייסער־קע יסכה די גבאיטע, אַז זי זאָל דעם בן־מלך אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע. די יידענע איז טאַקע געקומען אין קיניגלעכן פּאַלאַץ אַריין און האָט דעם בן־מלך אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע. ווי מיט דער האַנט האָט דאָס ביי־כעלע אים אויפגעהערט ווייַ צו טאָן און ער האָט גאָר געבעטן, אַז מען זאָל אים דערלאַנגען וועטשערע. פון דאַנען נעמט זיך וואָס יסכה די גבאי־טע האָט דעם בן־מלך דערקענט אויפן ערשטן קוק.

הכלל, מיר קאָנען די יידענע נישט לאַנג לאָזן חלשן און מיר קערן זיך אום צו דעם עיקר פון דער מעשה.

ר׳ יששכר־בער האָט אויף דער פאַרחלשטער יידענע אַרויפגעגאָסן אַ שעפּ קאַלט וואַסער און זי קוים דערמונטערט. ווען זי האָט געעפנט די אויגן האָט ער איר געוויזן מיט אַ פינגער אויף די ליפּצן, אַז פּתח שין שאַ. טאָמער חלילה וועט זי זיך דערוועגן מגלה צו זיין דעם סוד פאַר דעם

מיגדסטן בן־אָדם וועט מען זי באַטראַכטן ווי אַ מורדת במלכות און זי דן זיין למיתה. די יידענע האָט זיך געשוואָרן ביי איר טאַטע־מאַמע, אַז זי וועט האַלטן די צונג.

— ביז וואָס־ווען — האָט ר׳ יששכר־בער געזאָגט — וועט דער בן־מלך ביי אייך איינשטיין. זייט אים מאכיל ומשקה. איר וועט דערפאַר שפּעטער קריגן באַצאָלט מיט גאָלדענע רענדלעך. דערווייל קאָכט וועטשע־רע. מיר זענען הונגעריק סכנות נפשות.

וכך הוה.

## קאַפּיטל אַכצן

מען טראָגט אַריין ר׳ יששכר־בערן אין די חצרות־המלכים.

נאָכדעם ווי ר׳ יששכר־בער האָט דעם בן־מלך באַשטאָט ביי דער פּעדער־שלייסערקע, האָט ער זיך געפּעדערט און אַוועקגעגאַנגען אין דעם קיניגלעכן פּאַלאַץ. פאַר די גאָלדענע טויערן פון קיניגלעכן פּאַלאַץ זענען כסדר געשטאַנען די אחשתרנים און די בני־הרמכים און געפּויקט וועגן דעם מלכס חלום. ר׳ יששכר־בער איז צוגעגאַנגען צו איינעם פון די דאָזי־קע קיניגלעכע הויף־לייט, האָט זיך פאַרבויגן ביז צו דער ערד און גע־זאָגט:

— חנה, זייט וויסן, ר׳ אחשתרן, אַז איך קאָן פּותר זיין חלומות.

דער הויף־מאַן האָט אָנגעקוקט דעם שלעפּער און האָט אים געוואָלט דערלאַנגען מיט דער גאָלדענער בייטש וואָס ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט. עס איז אָבער געווען אַ שטרענג געבאָט פון מלך, אַז מען זאָל נישט קוקן צי רייך, צי אָרעם. איעדער וואָס וועט קומען און וועט וועלן פּותר זיין דעם קיניגס חלום זאָל מען אים אַריינפירן אין די חצרות־המלכים.

די אחשתרנים און די בני־הרמכים האָבן געמאַכט אַן אסיפה וואָס מען זאָל טאָן מיט אָט דעם שלעפּער. אַחוץ זיינע שמאַטעס, — וואָס האָבן זיך האָפערדיק געלאָזט הערן מיט אַלע ריחות־טובות פון אַ מיסטקאַסטן, — האָט ר׳ יששכר־בער געטראָגן פאַרבלאָטיקטע לאַפּטשעס אויף די פיס. די הויף־לייט האָבן מורא געהאַט אַז ער וועט חלילה איינריכטן די גאָלדענע דילן פון טראָן־זאַל. דאָס שמעקט שוין בפירוש מיט מורד־במלכות. לסוף איז ביי זיי געבליבן, אַז צוויי אחשתרנים זאָלן ר׳ יששכר־בערן אָננעמען פאַרן קאָפּ און צוויי פאַר די פיס און אַזוי אַרום אים אַריינטראָגן אין דער לופטן לפני המלך ויועציו.

## קאַפּיטל נײַנצן

ר׳ יששכר־בער װײַזט װאָס עס איז אַזױנס אַ פּױלישער ייד און איז פּותר דעם מלכּם חלום.

דער קיניג און די שׂרי־מלוכה האָבן אַ קוק געטאָן אױפֿן שלעפּער און זײ איז פֿינצטער געװאָרן פֿאַר די אױגן. פֿונדעסטװעגן קאָן מען נישט שאַצן קײן יידישע קישקע. דער מלך ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי האָט ר׳ יששכר־בערן דערלאַנגט שלום־עליכם און אים געפֿרעגט פֿונװאַנען ער איז.

— פֿון מדינת פּה־לין, אײַער קיניגלעכע מאַיעסטעט, — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפֿערט מיט אַ סך חן.

דער קיניג האָט זיך אַ גלעט געטאָן פֿאַר דער גאָלדענער קרױן און געפֿרעגט:

— מען זאָגט, אַז פּױלישע יידן זענען גרױסע חכמים. איך האָב נישט געװוּסט אַז זײ זענען אױך ביטערע אביונים?

— לא לחכמים לחם — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפֿערט — און כך היא דרכה של תורה.

דער מלך מיט זײַנע יועצים האָבן באַלד געזען, אַז דער דאָזיקער ארחי־פּרחי איז אַ גרױסער למדן.

דערנאָך האָבן די יועצי־המלך געװאָלט ר׳ יששכר־בערן אַ טאַפּ טאָן בײַם דופק װי ער האַלט עפּעס אין חכמות חיצוניות.

אַרום דעם כּסא־המלוכה פֿון קיניג זענען געזעסן זיבעציק יועצים אין דער צאָל פֿון די סנהדרין. איטלעכער פֿון די זיבעציק האָט געקאָנט רעדן אַ באַזונדער לשון פֿון די שבעים אומות װאָס אױף גאָר דער װעלט. איטלעכער פֿון די יועצים האָט צו ר׳ יששכר־בערן גערעדט אױף אַן אַנדער לשון. ער האָט זיך נישט געלאָזט פּיקן בײַ דער צונג. אין אַלע זיבעציק לשונות איז ער געװען אױסגעבונדן װי אין סידורל. דערנאָך האָבן זײ אים גע־

פרוווט אין די שבע־חכמות. אויך דאָ האָט ר׳ יששכר־בער געוויזן ביד רמה וואָס עס הייסט אַזוינס אַ פּוילישער ייד.

האָט מען געזען בחוש אַז דער דאָזיקער ארחי־פרחי איז אַ חכם ונבון איינס אין דער וועלט. ויפתח המלך את פיו — און דער מלך ר׳ שמעיה האָט דעם שלעפער דערציילט דעם חלום מיט די זיבן ציגן און זיבן הע־נער און אים געפרעגט צי ער וועט עס קאָנען פּותר זיין?

— עס איז לייכט ווי אויפצוהייבן אַ פעדער, אייער קיניגלעכע מאַ־יעסטעט, — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט מיט גרויס האָפערדיקייט און אַרויסגענומען דאָס קאָרענע פושקעלע פון זיינע שמאַטעוואַטע קע־שענעס און געטאָן דעם אמתן שמעק־טאַבאַק לעיני המלך והשרים — נייערט...

— וואָס נייערט? — האָבן דער קיניג און אַלע זיינע זיבעציק יועצים געפרעגט אין איין קול.

— עס איז אַ סוד וואָס קיינער טאָר נישט וויסן אַחוץ זיין מאַיעס־טעט — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט מיט גרויס וואַזשנעקייט — זאָלן אַלע זיבעציק שרים מוחל זיין און אַריינגיין אין דערנעבנדיקן חדר־מיוחד. איך מוז בלייבן מיט זיין מאַיעסטעט אויג אויף אויג כדי אים צו זאָגן דעם פּתרון.

אַליין געבליבן מיטן קיניג האָט זיך ר׳ יששכר־בער אָנגערופן:

— דער באַשייד פון דיין חלום, אַדוני המלך, איז יאַוונע ויאַסנע. אין דריי טעג אַרום מאַכסטו אין דיינע חצרות־המלכים אַ סעודת ראש־חודש פאַר דיינע שרי־מלוכה און פאַר די תלמידי־חכמים פון קרתאָ־דשופריאָ. אויף דעם זעלביקן טאָג האָט זיך דער משנה־למלך ר׳ ממוכן־צבי צוזאַ־מענגעקאָמפּאַניעוועט מיטן שוואַרצן שר־המשקים אספרתאָ. זייער דעה איז גאָר שאלקהאפטיק. היינו: אספרתאָ וועט דיר און דער מלכה דערלאַנ־גען צוויי גאָלדענע בעכער מיט וויין. אין די בעכער וועלן זיין צוויי טראָפּן סם־המות. דער האָבער שטעכט דעם משנה־למלך צו ירשנען דיין כתר־מלכות.

ווי דער מלך האָט דאָס דערהערט איז חמתו בערה בו — האָט זיך אין אים אָנגעצונדן דער גרימצאָרן און ער האָט געזאָגט צו ר׳ יששכר־

בערן: — אויב עס וועט זיך אַרויסווייזן, אַז כנים דבריך, וועלן שוין דער אַלטער משנה־למלך און דער שר־המשקים ביי מיר באַקן בייגל. דו וועסט ווערן מיין משנה און וועסט מיר העלפן געוועלטיקן איבער די בני־משה.

— יישר־כוחך אדוני קיניג, — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט און זיך טיף פאַרבויגן פאַרן מלכות.

די אחשתרנים און די בני־הרמכים האָבן ווידער אָנגענומען ר׳ יששכר־בערן פאַרן קאָפּ און פאַר די פיס און אים אַרויסגעטראָגן פונעם פּאַלאַץ. העגדום־פעגדום איז ער אַהיימגעלאָפן צו דער פעדער־שלייסערקע יסכה און דערציילט דעם בן־מלך את כל הנעשה.

# קאַפּיטל צוואַנציק

ויחי ביום השלישי.

ויהי ביום השלישי — עס איז געקומען דער דריטער טאָג און מען האָט געמאַכט די קיניגלעכע סעודת־ראש־חודש. אויבנאָן צווישן אַלע שרים און תלמידי־חכמים זענען געזעסן דער מלך ר׳ שמעיה און די מלכה אבי־גיל־הדסה.

ווען מען האָט געהאַלטן פאַרן צימעס האָט דער שר־המשקים אספרתאַ אַריינגעברענגט צוויי גרויסע גאָלדענע קידוש־בעכער מיט וויין און זיי אַוועקגעשטעלט פאַרן קיניגלעכן פּאָר. אַלע האָבן געוואַרט, אַז דער מלך זאָל דער ערשטער טרינקען לחיים. דער מלך האָט אָבער געהייסן אַריינ־ברענגען אַ קעצל און דעם קעצל געגעבן טועם צו זיין פון וויין. ווי דאָס קעצל האָט נאָר אַ שמעק געטאָן צום ישן־נושן האָט עס פאַרגלייזט די איי־געלעך און אַוועקגעפּגרט.

איז געוואָרן אַ גרויסע מהומה. מען האָט באַלד געמאַכט אַ משפט און דן געווען דעם משנה און דעם שר־המשקים צו מיתת־סקילה.

ר׳ שמשי, דער קיניגלעכער סופר, האָט נאָך באותו היום גענומען זיין גענדזענע פּען און פאַרשריבן די מעשה אין די ספרי־הימים לפני המלך. וחמת המלך שככה — דער קיניגלעכער גרימצאָרן איז געוואָרן איינגע־שטילט.

# קאַפּיטל איין און צוואַנציק

יישר־כּוח, ר׳ישׂשכר־בער! איר האָט מיך, דעם מחבר, געראַטעוועט.

דער מלך ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי האָט געהאַלטן וואָרט. מען האָט ר׳ ישׂשכר־בערן בכבוד גדול געפירט אין אַ הייסן מרחץ אַריין. דאָרט האָט מען אים גוט אויסגעפּאַרעוועט פון די שמאַטעס און אַנדערע מיאוס־קייטן. דערנאָך האָט מען אים אָנגעטאָן די כמעט בגדי־מלכות פון אַ משנה און אים אַוועקגעזעצט ביי דער רעכטער זייט פון דער כּסא־מלוכה. אַלע האָבן זיך געבוקט און געשריגן: — יחי! זאָל לעבן דער ניייער משנה ר׳ ישׂשכר־בער!

איז דאָך אָבער ר׳ ישׂשכר־בער געווען אַ קלוגער פּוילישער ייד, האָט ער זיך מיישב געווען: פּאַמעלעכל! נישט געכאַפּט און בהצנע־לכת. צופיל גליקן פאַרשאַטן אַ יידן צום מאָגן. דערימעך וועל איך דערווייל דעם בן־מלך נאָך באַהאַלטן ביי יסכּה דער פּעדער־שלייסערקע און אים נישט מגלה זיין פאַרן מאַיעסטעט. אַ ייד, אַפילו ווען ער איז אַ קרוינפּרינץ, מוז אויך האָבן געדולד און וואַרטן.

צי ר׳ ישׂשכר־בער האָט דערמיט גוט געטאָן ווערליק די סודות־המלו־כה, ווייס איך נישט. מיר אָבער, דעם מחבר פון אָט דער סיפור־המעשה, האָט ער ממש אַריינגעשפּילט אין די הענט אַריין. מחמת דעם, וואָס דער בן־מלך זיצט דערווייל היינטערן פּיעקעליק ביי יסכּה דער פּעדער־שליי־סערקע וועל איך קאָנען פאַרקאָכן אַ קאַשע און פאַרפּלאָנטערן אַ פאַר־פּלאָנטערניש. אַנדערע מחברים — און מעג יעדער פון זיי האָבן צו צען קעפּ — וועלן בשום אופן נישט טרעפן ווי אַזוי איך וועל זיך אַרויסקריכן מיט גאַנצע ביינער.

די דאָזיקע מחברישע טובה וועל איך ר׳ ישׂשכר־בערן נישט פאַרגעסן כל־זמן עס וועט מיר באַשערט זיין צו זיין אַ שרייבער ביי יידן און צו האָבן דערפון וואָסער אויף קאַשע.

איצטער לאָמיר זיך אומקערן צום רעכטן און געדיכטן.

## קאַפּיטל צוויי און צוואַנציק

אַז עלילת־דם אַז ר׳ יששכר־בער איז אַ ליטוואַק. — מען דרייט איבער דעם ספּאָדיק און מען הייסט ר׳ יששכר־בערן גיין אויף מלחמה.

מיר ווייסן הן פון ספרים און הן פון די דרכים פון גאָר דער וועלט, אַז ס׳איז נישטאָ קיין בריאה וואָס איז פריי פון קנאה. אָט דאָס ביטערע עבירהלע פּאָרקעט נעבעך די קלענסטע פליג און דעם גרעסטן הכם. אין דעם דאָזיקן פּרט זענען אויך די בני־משה געווען זינדיקע בשר־ודמס.

באַלד ווי ר׳ יששכר־בער האָט אָנגעהויבן צו פּראַווען זיין אַמט פון משנה־למלך האָט זיך אָנגעהויבן ביי אַלע שרי־מלוכה אַ געמורמלעניש. ס׳טייטש און וואָס הייסט? עפּעס אַ שלעפּער אַן ארחי־פרחי, קיינער ווייסט נישט ווער ער איז און פון וואַנען ער קומט, הייבט אָן צו דרייען דאָס רעדל? דאָס געמורמלעניש איז געוואָרן העכער און העכער. ס׳ייל שרים האָבן געזאָגט, אַז דער גאַנצער ר׳ יששכר־בער קומט גאָר נישט פון פּה־לין. ער איז פּשוט אַ ליטוואַק און קומט פון דער ליטע. עס איז שוין באמת משיחס צייטן — האָט דער רוב פון די שרים געזאָגט מיט יאַשטשערקעס — ווען עפּעס דאָרט אַ ליטוואַק איז געוואָרן אַ משנה־למלך ביי די בני־משה און ביי די אַכט שבטי־ישראל.

צום מלכס אויערן האָט מען צוגעטראָגן אַלע מאָל אַנדערע פּאָטשטן. דאָס נס איז געווען וואָס דער קיניג ר׳ שמעיה האָט נישט געוואָלט הערן קיין שום מעשיות. יאָ ליטוואַק, נישט ליטוואַק — האָט ער געזאָגט צו די מלשינים — ר׳ יששכר־בער איז אַ ייד אַ חכם ונבון און ער פירט מיר די מלוכה אַז ווער מיר גוטס גינט.

די מלשינים און אונטערטראָגער האָבן געזען, אַז מיט רכילות און לשון־הרע וועלן זיי ביים מלך גאָרנישט דערגרייכן — האָבן זיי זיך אײַ־בערגעדרייט דעם ספּאָדיק. מיקלאָמפּערשט זענען זיי צדיקים אין די פּעלצן

און האַלטן פון משנה־למלך ר׳ ישׂשכר־בער שטאָל און אייזן. און זיי זע־נען געקומען פאַר דער כסא־מלוכה מיט אַ נייעם פּזמון:

— אַז מיר האָבן יאָ זוכה געווען צו האָבן אַזאַ חכם ונבון פאַר אַ משנה — האָבן זיי געזאָגט צום קיניג ר׳ שמעיה — וואָלט עס געווען דער גרעסטער יושר איינמאָל פאַר אַלע מאָל פּטור צו ווערן פון די בני־ענק. זינט זיי האָבן צעקלאַפּט דעם גענעראַל ר׳ שלומיאל בן־פּדהצור עליו־השלום און געמאַכט פּיפּקע פון זיינע מלחמה־פּלענער האָט זיי פאַר־שמעקט אַ יידישער גראָשן. זיי האַלטן אין איין מאַכן פּאָגראָמען. עס וואָלט געווען מער ווי גלייך, אַז ירום־הודו, דער מלך זאָל לעבן, זאָל נע־מען דעם קלוגן משנה, ר׳ ישׂשכר־בערן פון דער ליטע און אים אַרויסשיקן מיט חיילות. אדרבה, זאָל ער זיין אַ חכם און פאַרטרייבן די בני־ענק. אַ ליטוואַק וועט שוין געפינען אַן עצה ווי אַזוי אויסצורויכערן די גויים פון אונדזערע גרענעצן.

וואָס די מלשינים זענען אויסן געווען מיט זייערע זיסע ריידעלעך — וועגן דעם דאַרף איך די לייענער נישט אַריינשטעקן קיין פינגער אין מויל.

די דאָזיקע עצה טובה האָט גראָד יאָ אָנגעשלאָגן אין די אויערן פון מלך און ער האָט געשיקט רופן ר׳ ישׂשכר־בערן.

## קאַפּיטל דריי און צוואַנציק

א שמועס צווישן ר׳ ישׂשכר־בערן און דעם מלך וועגן תכסיסי־מלחמה.

ווען ר׳ ישׂשכר־בער איז אַריינגעקומען אין טראָן־זאַל און זיך אָוועקגעזעצט ביי דער רעכטער האַנט פון קיניג ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי, האָט אים דער קיניג דערציילט די גאַנצע מעשׂה מיט דעם גענעראַל ר׳ שלומיאל בן פדהצור און וועגן זיינע מלחמות מיט די בני־ענק. ער האָט נאָך צוגעגעבן מיט אַ ביטערן זיפץ, אַז די בני־ענק זענען גרויסע גיבו־רים און זיי לויפן ווי די אינדן איבער די שפּיצן פון די הרי־חושך, ווי אויך קלעטערן זיי אויף די העכסטעביימער ווי די וועווריקלעך. מען זאָגט אויך — האָט דער מלך צוגעגעבן מיט אַ סך עצבות — אַז זיי זענען גרויסע חכמים.

דאָ האָט ר׳ ישׂשכר־בער איבערגעהאַקט זיין מאַיעסטעט.

— איך בין מסופק, מאַיעסטעט — האָט ער געזאָגט און גענומען אַ שמעק־טאַבאַק — צי זיי זענען טאַקע, די בני־ענק הייסט עס, חכמים אויך. חכמים קלעטערן נישט אויף קיין ביימער.

— מילא יאָ חכמים, נישט חכמים — האָט דער מלך געזאָגט — נאָר זיי טוען אָן יידן געברענטע צרות. על כן דערימעך — האָט דער מלך ר׳ שמעיה ווייטער געזאָגט — איז ביי מיר געבליבן, איך זאָל דיך שיקן קעגן זיי מיט אַ סך חייל. רוים אויס די דערנער — דאָס מיינט מען די גויים — פון מיין וויינגאָרטן — דאָס מיינט מען די כנסת־ישׂראל. אגב וועסטו דיך נוקם זיין פאַר דעם בלוט פון מיין זון, דעם בן־מלך, וואָס זיי האָבן נעבעך פאַרגאָסן.

האָט דער משנה ר׳ ישׂשכר־בער געענטפערט:

— גיב מיר דריי טעג צייט אויף ישוב, אדוני קיניג, איך מוז זיך אָוועקזעצן ביחידות און מאַכן פּלענער.

— גערעכט ווי גאָלד — האָט דער מלך געענטפערט — אָן פלענער קאָן מען נישט רירן מיט קיין פינגער אין אַ מלחמה. האָט תמיד געזאָגט מיין גענעראַל עליו־השלום ר׳ שלומיאל בן פדהצור, ער זאָל דאָרט האָבן אַ ליכטיקן גן־עדן. הגם זיינע פלענער האָבן אים געהאָלפן ווי אַ טויטן באַנקעס ווען די בני־ענק האָבן אָנגעהויבן צו קלעטערן אויף ביימער.

## קאַפּיטל פיר און צוואַנציק

אַלצדינג געפינט מען אין די אַלטע כתבי־ידן!

ר׳ יששכר־בער האָט נישט לאַנג באַלאַמוטשעט. ער איז אַהיימגע־לאָפן אין זיין פּאַלאַץ און אַרויסגענומען פון אַ באַהאַלטן שופלאָד דאָס זעלטענע כתב־יד מיט קבלה־מעשית. דאָס כתב־יד וואָס ער האָט געהאַט געפונען אונטערן דריטן שטיין אויפן וועג פון ים אוקינוס. ער האָט זיך אָנגעטאָן די שפּאַקולן און אָנגעהויבן מעיין צו זיין אין די סודות־התורה וואָס זענען געשטאַנען דאָרט געשריבן.

ער האָט מעיין געווען ביז אין חצות. ווען די הענער האָבן געקרייעט האָט ער צוגעמאַכט דאָס ספר און געזאָגט צו זיך אַליין: יגעתי ומצאתי תאמין. נישטאָ אויף דער וועלט אַזאַ זאַך וואָס מען געפינט זי נישט ווען מען זוכט זי נאָר אין די זעלטענע כתבי־יד.

האָט ער געלייענט קריאת־שמע מיט גרויס כוונה און זיך געלייגט שלאָפן אין דעם גינגאָלדענעם בעטל פון אַ משנה־למלך.

## קאַפּיטל פינף און צוואַנציק

ווידער אַ שמועס וועגן תכסיסי־מלחמה.

ויהי ביום השלישי — דער מלך האָט נאָר וואָס געהאַט אָפּגעדאַווענט און געהאַלטן ביים צולייגן דעם טייערן טערקישן טלית, — קלאַפּט עס ביי דער גאָלדענער טיר און אויף דער שוועל באַווייזט זיך דער משנה ר׳ יששכר־בער. ווערליק ווי דער ייד האָט אויסגעקוקט וואָלט מען געמעגט שווערן, אַז מיר האַלטן אין סאַמע מיטן פורים.

דער מלך האָט געהאַלטן דעם צוגעלייגטן טערקישן טלית אין דער האַנט און געזאָגט צו ר׳ יששכר־בערן:

— כפי הנראה, ר׳ יששכר־בער המשנה, האָסט במשך די דריי טעג אויסגעטראַכט די אמתע עצה.

— אייער מאַיעסטעט האָט אַריינגעטראָפן אין פינטל — האָט ר׳ יששכר־בער געזאָגט נאָך אויף דער שוועל — עס איז אַן עצה פון עצה־לאַנד.

— איז ווען זאָל איך הייסן צוזאַמענפּויקן דאָס חייל? — האָט דער מלך געפרעגט און אַריינגעלייגט דעם טערקישן טלית אין טלית־זאַק אַריין.

— שקר הסוס לתשועה — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט און גענומען גאָר אַ גרויסן שמעק־טאַבאַק — וואָס טויגן מיר אייערע זעלנער צו מיין עצה, מאַיעסטעט? שכל און פּיילנבויגנס זענען אַ תרתי דסתרי. צו קלוגע מלחמה־פּלענער דאַרף מען גאָר נישט קיין חיילות. דער גאַנצער חסרון פון גענעראַל ר׳ שלומיאל בן פדהצור עליו השלומס פּלענער איז געלעגן דערין, וואָס ער האָט פאַרמישט די יוצרות און צונויפגעפּלאָנטערט דעם שכל מיט דער גבורה. ווייס איך וואָס, אדוני קיניג! אַ שכל וואָס באַדאַרף שיסן איז אויך מיר אַ שכל! איך וועל אייך געווינען די מלחמה אָן איין שאָס און אָן שפיכת־דמים חלילה. בלי־נדר וועל איך אַהער ברענגען די בני־ענק לעבעדיקע ווי די פיש און געבונדענע ווי די שעפּסן.

דער מלך ר׳ שמעיה האָט אָנגעקוקט דעם משנה, און פון גרויס חידוש זיך געקראַצט אונטער דער גינגאָלדענער יאַרמלקע וואָס ער האָט געטראָגן אויפן קאָפּ בעת דעם דאַווענען.

— אדוני קיניג — האָט ר׳ יששכר־בער ווייטער געזאָגט און ווידער גענומען אַ שמעק־טאַבאַק — זעלנער קאָסטן געלט און חכמה האָט דווקא ליב אביונישקייט. דערימעך איז מיין בקשה, אדוני קיניג: לאָזט אייערע חיילות געזונטערהייט אין דער היים. איך וועל מיר אויסקלויבן צוויי הונ־דערט שאַרפע ישיבה־בחורים לומדים מופלגים. מיט אָט די צוויי הונ־דערט לומדי־תורה וועל איך געווינען די מלחמה.

אינצווישן זענען אין טראָן־זאַל אַריינגעקומען די זיבעציק יועצי־המלך. דער קיניג האָט זיי דערציילט די מעשה.

די יועצי־המלך האָבן ביטרע געשמייכלט. זיי זענען זיכער געווען, אַז דער ליטוואַק (אַזוי האָבן זיי גערופן ר׳ יששכר־בערן) איז משוגע געוואָרן און זיי וועלן פון אים זיכער פּטור ווערן.

— אָבער דאָך — האָט דער קיניג געפּרוווט איינצוווענדן — איך וועל דיר פּאָרט מיטגעבן עטלעכע מנינים זעלנער. מיט בלויז לומדים צווישן אַזעלכע ביטערע גויים איז דאָך פּשוט סכנות־נפשות.

— פאַרלאָזט אייך אויף מיר און אויף מיינע ישיבה־בחורים, מאַ־יעסטעט, — האָט זיך ר׳ יששכר־בער איינגעשפּאַרט — מיר וועלן שוין מאַכן, אַז ס׳זאָל זיין גימל.

דאָ האָבן זיך אַלע זיבעציק שרים כאיש אחד איינגעשטעלט פאַרן מכלומרשטן ליטוואַק דעם משנה, און האָבן געזאָגט צום קיניג:

— אויב אַזאַ חכם ונבון ווי אונדזער משנה זאָגט גימל, מעג זיין מאַיעסטעט אַזוי גוט זיין און באַוויליקן צו זאָגן באָם.

זיין מאַיעסטעט ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי האָט מסכים געווען צו די זיבעציק שרי־מלכות.

## קאַפּיטל זעקס און צוואַנציק

אַ שמועס צווישן ר' יששכר־בערן מיט דעם בן־מלך נעבעך.

ר' יששכר־בער איז הענדום־פּענדום אַהינגעלאָפן צו יסכה דער פּע־דער־שלייסערקע און געוואָלט דערציילן דעם בן־מלך די גרויסע בשורה.

דער בן־מלך איז נעבעך געזעסן אין זיינע בעטלערישע שמאַטעס ביי דער גבאיטע הינטערן פּיעקעליק און געזופּט אַ מאָגער שיסעלע גריץ. ער האָט אויפגעהויבן די אויגן און אָנגעקוקט ר' יששכר־בערן אין די בגדי־מלכות פון אַ משנה. דער קרוינפּרינץ האָט געטאָן אַ זיפץ און געפרעגט:

— ווי לאַנג, ר' יששכר־בערשי, וועט איר מיך אַזוי לאָזן זיצן ווי אַן ארחי־פרחי הינטערן פּיעקעליק פון אַ פעדער־שלייסערקע?

— פון איילעניש קומט קיין גוטס נישט אַרויס — האָט ר' יששכר־בער געענטפערט און גענומען אַ שמעק־טאַבאַק — לכל זמן. אַיעדעס פּרילע אויפן ביימעלע מוז ווערן צייטיק. ווער עס וואַרט דערוואַרט זיך. גלויבט מיר, ר' יקותיאל־פּגעיאל, אם ירצה השם ווען מיר וועלן עס דער־לעבן וועט אַלצדינג זיין אָגיל ואשמח.

דער בן מלך האָט ווידער געטאָן אַ זיפץ און זיך גענומען צום שיסע־לע גריץ.

## קאַפּיטל זיבן און צוואַנציק

ר׳ יששכר־בער לאָזט זיך אויף מלחמה מיט אַ חייל פון צוויי הונדערט לומדים מופלגי־תורה.

פון אַלע ישיבות אין לאַנד פון די בני־משה האָט דער משנה ר׳ יששכר־בער אויסגעקליבן צוויי הונדערט בחורים מופלגי־תורה, אמתע כלי־מפּוארס. ער האָט זיי געגעבן אין די הענט אַריין אָרעמאַנסקע שטע־קענעס, שטריק און גאַרטלען. ער האָט זיי צוזאַמענגענומען אויפן מאַרק פון דער הויפּטשטאָט קרתא־דשופריאַ און געהייסן גיין.

בראָש פון די צוויי הונדערט לומדים האָט געשפּאַנט ר׳ יששכר־בער אָנגעטאָן אין זיינע בגדי־מלכות.

זיי זענען געגאַנגען און געגאַנגען טעג און וואָכן. סוף כל סוף זע־נען זיי צוגעקומען צו יענעם וואַלד וואָס מיר געדענקען פון די פריערדיקע קאַפּיטלען פון אונדזער סיפּור־המעשה.

אין וואַלד זענען זיי ווידער געגאַנגען דריי טעג און דריי נעכט און זענען צוגעקומען צו יענעם געוואַלדיקן רבאָ־בר־בר־חנאָ־בוים וואָס איז געוואקסן איבערן שטיין פון דער הייל פון די בני־ענק.

ר׳ יששכר־בער האָט זיינע ישיבה־בחורים געהייסן אַרויפקריכן אויפן שטיין און פון דאָרט — אויפן בוים. ווי מיר געדענקען איז איטלעכעס בלאָט פון דעם בוים געווען אַזוי גרויס ווי אַ טיש. איטלעכער ישיבה־בחור איז אַרויפגעקראָכן אויף אַ באַזונדערן בלאָט.

אַזוי ווי עס האָט געהאַלטן נאָענט צו שקיעת־החמה האָט ר׳ יששכר־בער געהייסן די ישיבה־בחורים דאַווענען מנחה און טאַקע מיט מנין.

אויף די בוים־בלעטער איז געוואָרן אַ געדאַוון, און טאַקע מיט גרויס בנעימות. ס׳האָט אויסגעקוקט, אַז דער בוים פון גן־עדן־התחתון האָט זיך צעדאַווענט תפילת־מנחה.

דערנאָך זענען אויפגעגאַנגען די שטערן און ר׳ יששכר־בער האָט גע־

הייסן דאַווענען מעריב. מען האָט ווידער געמיינט, אַז אין פינצטערן וואַלד דאַוונט אַ בוים מעריב. דערנאָך האָט מען געגעסן וועטשערע און ר׳ יששכר־בער האָט געהייסן לייענען קריאת־שמע און זיך לייגן שלאָפן — איעדער ישיבה־בחור אויף אַ באַזונדערן בלאַט.

— אַ גוטע נאַכט און שלאָפט געזונטערהייט! מחר הרת עולם — האָט ר׳ יששכר־בער געשריגן פון דעם בלאַט ווו ער איז געלעגן צוגע־דעקט מיט זיין גאָלדענער זשופּיצע. ער האָט באַלד אָנגעהויבן צו שנאָרכן.

## קאַפּיטל אַכט און צוואַנציק

עס זינגען די וואַלד־פייגעלעך. — ר׳ נח נאַשעלסקער.

כלחוף השור — איז אויפגעגאַנגען דער מאָרגנשטערן און ס׳האָבן אָנגעהויבן צו זינגען די וואַלד־פייגעלעך. אַלע צוויי הונדערט ישיבה־בחורים האָבן זיך אויפגעכאַפּט אויף זייערע בלעטער. זיי טוען אַ קוק אַהין צום בלאַט אויף וועלכן עס איז געלעגן דער משנה ר׳ יששכר־בער — און זיי האָבן זייערע אויגן נישט געגלויבט. נישט דער אייגענער ר׳ יששכר־בער!

אויפן בלאַט איז נישט געזעסן אַ משנה־למלך אין אַ גאָלדענער זשור־פּיצע, נייערט עפּעס גאָר אַן אַנדערער ייד. ווען די ישיבה־בחורים וואָלטן נישט געווען פון די בני־משה נאָר פון אַ שטעטל אין פּה־לין וואָלטן זיי נישט לאַנג געטראַכט צו וויסן ווי אַזוי ר׳ יששכר־בער קוקט אויס. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ ממזריש־געהאַקט קאַפּאָטקעלע און מיט אַ הויכער סאַמעטענער יאַרמלקע אויפן קאָפּ. אין פּה־לין וואָלט אפילו אַ בלינדער געווען געזען, אַז דאָס איז אַ ייד אַ בדחן. פּוילישע יידן וואָס זענען אַ סך אויסגעווען אויף חתונות וואָלטן אויפן אויג דערקענט דעם באַרימטן בדחן ר׳ נח נאַשעלסקער.

ר׳ יששכר־בער איז געשטאַנען אויפן בלאַט, געבאָמקעט אַ כלה־באַ־דעקנס און צוגעקנאַקט מיטן פינגער. די צוויי הונדערט פון לומדישן חייל זענען געלעגן אויף די בלעטער פונעם ביים, אויסגעדרייט די קעפּ צו ר׳ יששכר־בערן און געקוקט אויף אים מיט גרויס חידוש.

— דער וואָס האָט שכל דער לאַכט, נישט געזאָרגט און נישט גע־טראַכט, מיר הייבן אָן די גרויסע שלאַכט, — האָט ר׳ יששכר־בער געזאָגט צו די צוויי הונדערט מופלגי תורה און טאַקע מיטן גראַם ווי עס שיקט זיך פאַר אַ בדחן.

ער איז פּאַמעלעכל אַראָפּגעקראָכן פון בוים.

## קאַפּיטל נײַן און צוואַנציק

וואָס ר׳ ישׂשכר־בער האָט אָרײַנגעגאַסן אין די פּעסער מיט יין־נוסך.

ר׳ ישׂשכר־בער האָט וווּל געוווּסט, אַז איצט זענען די בני־ענק נישט אין דער הייל. כּדרכּם, ווי עס איז זייער מנהג, זענען זיי אַרויסגע־ריטן אויף זאַק־רויב — איז ער אינדערגעשווינד צוגעגאַנגען צום שטיין און צו אים גערעדט אויף תּרגום־לשון: „שטיין, שטיין, עפן זיך!״ דער שטיין האָט זיך באַלד געשפּאָלטן אויף צוויי. ר׳ ישׂשכר־בער איז אַרײַנ־געגאַנגען אין גזלנישן גן־עדן־התּחתּון.

ער האָט נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און איז אַראָפּגעגאַנגען אין די קעלערס ווו עס זענען געשטאַנען די פּעסער מיט ישן־נושן. ער האָט אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ קליין פלעשעלע מיט שלאָף־געטראַנק. דאָס פלעשעלע האָט ער מיט זיך בסתר מיטגעטראָגן פון קרתּא־דשופריא. אין אַ יעדן פאַס ישן־נושן האָט ר׳ ישׂשכר־בער אַרײַנגעטריפט איין טראָפּן פון שלאָף־געטראַנק. מער ווי איין טראָפּן אין אַ פאַס וואָלט בריות געקאָנט אײַנשלעפערן אפילו דעם מלאך־המוות.

נאָכדעם איז ער אַרויסגעגאַנגען פון דער הייל. ווי־זער האָט ער גע־הייסן דעם שטיין — פאַרשטייט זיך, אַז אויף תּרגום־לשון — זיך צו־ריק פאַרמאַכן. דער שטיין האָט זיך פאַרמאַכט און געבליבן אַ שטומער דומם.

ר׳ ישׂשכר־בער איז צוריק אַרויפגעקראָכן אויפן בוים און זיך אַוועק־געשטעלט אויף זײַן בלאַט. ער האָט געטאָן אַ קנאַק מיטן פינגער צום הייל ישיבה־בחורים און צו זיי געזאָגט אויפן בדחנישן שטייגער:

— מיר דאַרפן נישט קיין רעגן און קיין האָגל. מיר וועלן אויך נישט רירן מיט קיין נאָגל. אם ירצה השם וועט אַלצדינג זײַן אשמח ואָגיל. לאָמיר דאַווענען מיט מנין און זיך וואַשן צום אָנבײַסן.

## קאַפּיטל דרייסיק

די גרויסע פּרעסאַרניע. — ר׳ ישׂשכר־בער זאָגט גראַם. — אײ־ליו־ליו־ליו בני ענק!

עטלעכע שעה האָט ר׳ ישׂשכר־בער געוואַרט אויפן בלאַט פון בוים. פון די וואַלד־טיפענישן האָט זיך פּלוצים דערהערט דער שאַרפער זהרות־אביריו פון די רייטנדיקע בני־ענק. זיי זענען געקומען צו רייטן בחרבם ובקשתם אַקוראַט ווי מיר געדענקען פון די פריערדיקע קאַפּיטלען. בראש אויף אַ געוואַלדיק באַשעפעניש איז געריטן זייער קיניג. כדרכו, ווי עס איז זיין מנהג, האָט ער געטראָגן אויפן קאָפּ דעם טייערן כתר־מלכות. ער האָט גערעדט צום שטיין די דריי ווערטער אויף תרגום־לשון, דער שטיין האָט זיך, ווי געוויינטלעך, געשפּאָלטן אויף צוויי. די פינף טויזנט בני־ענק זענען אַריינגעריטן אין דער הייל. דער שטיין האָט זיך פאַרמאַכט און געבליבן אַ שטומער דומם.

ר׳ ישׂשכר־בער האָט געוואַרט נאָך צוויי שעה. ער איז פאַמעלעכל אַראָפּגעקראָכן פון בוים. ער האָט אויך גערעדט צום שטיין אויף תרגום־לשון און אויך אַריין אין דער הייל.

ווען ר׳ ישׂשכר־בער איז אַהין אַריינגעקומען האָט עס פונקט גע־האַלטן אינמיטן דער גרויסער פּרעסאַרניע. וואָסערע חמרים עסנוואַרג און משקאות אַזעלכע ריזן באַדאַרפן צו אכלען ווען זיי זענען הונגעריק פאַר־שטייט דער לייענער אַליין. איך באַדאַרף דאָ נישט מטריח צו זיין מיין מחברישע פעדער. אַ שאָד פּאַפּיר און טינט.

עס האָט זיך דאָרט געטאָן אויף טיש און אויף בענק. צי איז ביי זיי געווען אַ כאָסלערע צי גלאַט עפּעס אַ פינצטערע חגאָ? מען האָט געפרעסן און געזויפט צוזעצטערהייט. קאַפּעליעס זענען געשטאַנען אַרום די גאָל־דענע טישן. אויף אַלערליי כלי־זמר פון זילבער, גאָלד און פּימסנהאָלץ

האָבן זיי, די קאַפּעליעס, הייסט עס, געפּויקט, געשפּילט, געפּיפּן און גע־טרומייטערט.

ווי די בני־ענק האָבן דערזען ר׳ יששכר־בערן אין דער געשטאַלט פון דעם באַרימטן בדחן ר׳ נח נאַשעלסקער, דאָס הייסט, אין דעם ממזריש־געהאַקטן קאַפּאָטקעלע און מיט דער סאַמעטענער יאַרמלקע אויפן קאָפּ, איז ביי זיי פרחה נשמתם געוואָרן פון גרויס חידוש: ווי אַזוי האָט אַזאַ פּיצעלע פּאַרשוינדל (ווערליק דער גרייס פון די בני־ענק האָט אונ־דזער ר׳ יששכר־בער אויסגעקוקט ווי אַ פּיצעלע פּאַרשוינדל) באַוויזן צו שפּאַלטן דעם שטיין און אַריינצוקומען אין דער הייל? די פּעטע ביסנס זע־נען זיי געבליבן שטעקן אין מויל און זיי האָבן אויף ר׳ יששכר־בערן אויס־געגלאָצט זייערע אויגאַנעס.

ר׳ יששכר־בער האָט אָבער נישט לאַנג באַלאַמוטשעט. ער האָט גע־טאָן דאָס באַקאַנטע בדחנישע הוסטל און געטאָן אַ קנאַק מיט די פינגער. באַלד איז ער אַרויס מיט גראַמען:

— גאָט העלף בני־ענק! איך ווייס, אַז איר האַלט דווקא פון האַק און בראָק. עס איז ביי אייך אַ חוק: ווו עס קוקן די אויגן זאָל שיסן אַ פּיילנ־בויגן און בלוט זאָל זיך גיסן ווי וואַסער. איך, מיינע ליבע לייט, בין אַ לץ און אַ שפּאַסער. אַ מאַרשאַליק אַ גראַמער. ווען איך לייג אַוועק אַ מאמר איז ער נישט קיין דובינע און קיין האַמער און האקט נישט קיין ציינער. אַ מאַרשאַליק, — אַז ער איז אַ ויפתח את פּי האָתון ווערט שמחה וששון אפילו צווישן שטומע שטיינער. סיי טויטע ביינער און סיי שטורעמדיקע ימען ווערן פריילעך ווען אַ בדחן זאָגט גראַמען. — ווען איך רעד מיינע דיבורים ווערט די וועלט סאַמע פּורים.

פאַמעלעכל זענען די בני־ענק געקומען צו זיך. זיי האָבן זיך אָנגע־הויבן צו קאַטשען פון לאַכן און געבעטן ר׳ יששכר־בערן, אַז ער זאָל זאָגן נאָך גראַם.

ר׳ יששכר־בער האָט נישט געזשאַלעוועט און אויסגעשיט פולע קע־שענעס מיט די גראַמען פון ר׳ נח נאשעלסקער, ר׳ שמואל פאַרצעווער און פון די בראָדער זינגער.

אינצווישן זענען אַריינגעקומען הונדערטער שוואַרצע שקלאַפן און

געטראָגן גאָלדענע פּאָמעניצעס מיט אַלערליי צימעסן. דער מלך פון די בני־ענק איז געווען גאָר בגילופין פון ר׳ יששכר־בערס גראַמען. ער האָט צוגערופן ר׳ יששכר־בערן צום אויבנאָן און פאַר אים אַנידערגעשטעלט אַ גרויסע גאָלדענע פּאָמעניצע פון פלוימען־צימעס מיט חזיר־קישקע.

— עס, פאַרשווינדל, — האָט צו אים דער מלך געזאָגט און געוויזן מיט אַ פינגער אויפן צימעס.

— איך בין אַ יהודי — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט — אייער צימעס, אדוני קיניג, איז פאַר מיר טריפה־חזיר.

דער מלך איז בלאַס געוואָרן ווי די וואַנט און געזאָגט צו זיין משנה, וואָס איז אים געזעסן ביי דער רעכטער האַנט און געריבן דאָס צימעס:

— אויב עס איז אַ יודע באַדאַרפן מיר האָבן רחמים.

— זאָרג זיך נישט, אדוני קיניג — האָט געזאָגט דער משנה און זיך אָפּגעווישט די לאַנגע רוצחישע וואַנצעס וואָס האָבן געטריפט מיט חזיר־שמאַלץ — מיר וועלן מיט אים מאַכן כיק — האָט ער געזאָגט צום מלך אויפן אויער און זיך מיטן פינגער אַ פיר געטאָן איבערן האַלדז — נאָר דערווייל שאַ שטיל, אדוני קיניג. לאָמיר זיך מאַכן געפּגרט.

עס איז אַריינגעקומען דער שר־המשקים, אַ שוואַרצער עוג מלך הבשן. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ רויטער קאַפּאָטע און אויפן קאָפּ האָט ער געטראָגן אַ קראַנץ פון גאָלדענע טרויבן. הינטער אים זענען געגאַנגען הונדערטער שוואַרצע משרתים פון שר־המשקים. אַלע זענען געגאַנגען אָנגעטאָן אין פלאָמיק־רויטע קאַפּאָטעס און האָבן אויסגעקוקט ווי די מלאכי־חבלה. זיי האָבן געטראָגן גאָלדענע ווייך־בעכער מיט ישן־נושן און זיי אַוועקגעשטעלט פאַר די בני־ענק.

די גויים האָבן געזען דעם ביטערן טראָפּן האָבן זיי זיך באַלד גענומען צו דער כוסה.

קוים האָבן זיי צוגענומען די בעכערס צו די ליפּן זענען זיי באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן ווי די קלעצער.

די גאַנצע גן־עדן־התחתונדיקע הייל איז פול געוואָרן מיט דעם כראָפּען פון די בני־ענק.

## קאַפּיטל איין און דרייסיק

ר׳ יששכר־בער ראַטעוועט די געפאַנגענע בת־מלכה.

ווען ר׳ יששכר־בער האָט געזען וואָס עס טוט זיך מיט די ערלים, האָט ער נאָך אַמאָל געטאָן דאָס באַקאַנטע בדחנישע הוסטל און אָנגעהויבן אַרומצוגיין איבער די גאָלדענע חדרים. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען. די פּאַלאַצן האָבן זיך געצויגן אָן אַן עק און אָן אַ ברעג.

פּלוצים איז ער אַריינגעקומען אין א ווונדערשיינער סאַליע. שענער ווי אַלע סאַליעס וואָס ער האָט געזען ביז אַהער און — ער איז געבליבן שטיין אַ געפּלעפטער.

אין מיטן דער סאַליע אויף אַ גינגאָלדן בעטל איז געזעסן אַ נקבה.

אַזאַ יופי פון אַ שאָנקייט איז ממש עין לא ראתה. מען האָט זי געקאָנט פאַרגלייכן צו אסתר המלכה, צו בתיה בת פּרעה און אפשר צו דער לבנה אין איר פולקייט. ר׳ יששכר־בער האָט גאָרנישט געוואָלט אַזויפיל קוקן. איין מאָל: אסור להסתכל בפני אשה — מען טאָר נישט אַריינקוקן אין דעם פּנים פון אַן אשה. שנית: האָט ער שוין געהאַט לערנגעלט מיט דער יידענע בעת ער איז געווען מלמד ביים גביר אין דאָרף. די לייענער געדענקען עס מן־הסתם.

האָט ר׳ יששכר־בער אַוועקגעוואָנדן די אויגן פון דעם יופי פון דעם פּנים און ער האָט געזען, אַז די נקיבה זיצט אַ געבונדענע מיט גאָלדענע קייטן און זי וויינט און קלאָגט ווי אין תשעה־באב.

איז ער געבען שטאַרק דערשראָקן געוואָרן און געפרעגט ביי איר מה כדת, ווער זי איז און ווער עס האָט זי אַהער געברענגט?

די יפת־תואר האָט אים אָפּגעענטפערט מיט גרויס געוויין:

— ער קאָן מיך נעבעך נישט, דער גזלן! איך פאַרשטיי מיך אויף זיסע ריידעלעך. אפילו דו וועסט מיך פּייניקן מיט אַלע עינויים פון גיהנום — וועסטו אויך ביי מיר נישט פּועלן, אַז איך, די בת־מלכה, זאָל חתונה

האָבן מיט אַ גוי. איך וויל בעסער שטאַרבן צווישן יידן איידער לעבן צווישן גויים.

האָט ר׳ יששכר־בער צו איר געזאָגט מיט גרויס האַרצרייסעניש:

— טייערע בת־מלכה, געזונט זאָלסטו זיין, ס׳טייטש? ווי קומט אַ ייד אַ בדחן אינמיטן דערינען צו זיין אַ גוי אַ גזלן? דערצייל מיר בעסער דיין געשיכטע און ווי אַזוי דו קומסט אַהער. מיט גאָטס הילף וועל איך דיך מציל זיין.

די בת־מלכה האָט אָנגעקוקט ר׳ יששכר־בערן און האָט באַלד איינגעזען איר טעות. איז זי אַרויס מיט אַ נייער יללה:

— מילאָ איך בין שוין נעבעך אַ פאַרפאַלענע — האָט זי געיאָמערט — אָבער איר, ר׳ ייד! נעמט די פיס אויף די פלייצעס און אַנטלויפט ווו דער פעפער וואַקסט. באַלד וועט דער משנה פון די בני־ענק צי גאָר דער שמיילעך אַליין אַריינקומען און ווידער מיך אָנהייבן צוצורעדן אַז איך זאָל מיט זיי חתונה האָבן. אַזעלכע ריזיקע ערלים ווען זיי וועלן דערזען אַ יהודי וועלן זיי אים איינשלינגען אַ לעבעדיקן.

ר׳ יששכר־בער האָט זיך געטאָן אַ גלעט פאַר דער באָרד און מיט אַ געלעכטער געזאָגט צו דער יאָמערנדיקער בת־מלכה:

— אַלע שונאי־ישראל זאָלן ליגן אין אַזאַ מעמד ווי די בני־ענק. קומט, בת־מלכהשי, און איך וועל אייך ווייזן עפּעס שיינס.

ער האָט איר אַראָפּגענומען די גאָלדענע קייטן פון די הענט און זי אַריינגעפירט צו די בני־ענק. די גאָלדענע סאַליע ווו זיי האָבן אָקערשט געפרעסן און געזויפט האָט איצטער געהילכט פון זייער כראָפּען.

כדי די בת־מלכה זאָל בחוש זען, אַז די בני־ענק שלאָפן ווי טויטע איז ר׳ יששכר־בער צוגעגאַנגען צום מלך און אים אַ שנעל געטאָן אין דער נאָז. דעם משנה האָט ער אַריינגעשריגן אין די אויערן — נאָר גיי און שריי צו קלעצער!

האָט די בת־מלכה דאָס געזען, האָט זי פונדאָסניי אָנגעהויבן צו וויינען.

איצטער האָט זי געוויינט פון שמחה.

## קאַפּיטל צוויי און דרייסיק

ויסעו — איז דער טייטש: געפאָרן!

ר׳ יששכר־בער האָט נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און איז מיט דער בת־מלכה אַרויסגעגאַנגען אינדרויסן פאַר דער הייל.

ער האָט געטאָן אַ רוף צו די צוויי הונדערט ישיבה־בחורים וואָס זענען געשטאַנען אויף די בלעטער פון דעם בוים. ער האָט זיי געהייסן נעמען אין די הענט אַריין די שטריק און די גאַרטלען און מוחל זיין און אַראָפּקריכן פון די בלעטער.

כך הוה.

ר׳ יששכר־בער האָט באַפוילן זיין חייל די צוויי הונדערט מופלגי־תורה, צו בינדן די שלאָפנדיקע בני־ענק. מען האָט זיי געבונדן ווי די שעפסן.

שפּעטער האָט ר׳ יששכר־בער געהייסן עפענען די גאָלדענע טויערן פון די שטאַלן. מען האָט פון דאָרט אַרויסגעפירט זיבן הונדערט גרויסע זילבערנע וועגענער און פינף הונדערט גאָלדענע קאָטשן. די כראָפּנדיקע בני־ענק האָט מען הויפנווייז אַוועקגעלייגט אויף די וועגענער. די קאָטשן האָט מען אָנגעפּאַקט ביזן אויג מיט שמאַראַגדן, בריליאַנטן, פּערל און אַנדערע אבנים־טובות.

דערנאָך האָט מען געעפנט די פערד־שטאַלן פון די בני־ענק און די שטאַלן פון זייערע שאָף און רינדער. אַלצדינג האָט מען אַרויסגעפירט אין דרויסן. דער וואַלד האָט פאַרהילכט פון דעם הירזשען פון פערד און פון דעם בלעקן און מעקען פון די שאָף און די רינדער. עס איז געווען אַן אמתער יאַריד. דערנאָך האָט מען אַרויסגעפירט דאָס סוסל פון מלך. שוין איינמאָל אַ סוסל! עס האָט געקאָנט שווימען ווי אַ לויתן איבער די שטורעמדיקסטע טייכן און שפּרינגען ווי אַן אָדלער איבער די העכסטע ביימער־

שפּיצן. דערנאָך האָט ר׳ יששכר־בער גענומען די טייערע קרוין פון מלך און זי זיך אָנגעטאָן אויף דער סאַמעטענער בדחנישער יאַרמלקע.

ר׳ יששכר־בער מיט דער בת־מלכה האָבן זיך אַריינגעזעצט אין אַ גאָלדענער קאָטש. ווערליק זיין גרויסער חכמה האָט ער געהייסן, אַז די בת־מלכה זאָל זיך פאַרשטעלן פאַר אַ ישיבה־בחור כדי מען זאָל זי נישט דערקענען.

צו וואָס ער האָט עס געטאָן וועלן מיר זען שפּעטער.

דערנאָך האָט ר׳ יששכר־בער געטאָן אַ הוסטל און אַרויסגעשריגן פון זיין גאָלדענער קאָטש:

— ויסעו — איז דער טייטש, געפאָרן! די היינטיקע מעשה זאָלט איר קינדערלעך האַלטן אין זכרון עד מאה ועשרים יאָרן.

## קאַפּיטל דריי און דרייסיק

מען פּאָרט און מען רייט. — די בני־ענק זעען די בראָך.

ויהי בנסוע — די גאַנצע מחנה, דאָס הייסט, די צוויי הונדערט ישיבה־בחורים, די פינף טויזנט געבונדענע בני־ענק, די זילבערנע וועגע־נער און די גאָלדענע קאַטשן, די טשערעדעס שאָף און רינדער, האָבן זיך אָנגעהויבן צו לאָזן אין וועג אַריין. ותהום כל העיר — דער וואַלד איז פול געוואָרן מיטן קלאַפּן פון די רעדער און מיט דעם מעקען פון די טשע־רעדעס. ר׳ יששכר־בער האָט אַרויסגעשריגן פון דער קאַטש, אַז די ישיבה־בחורים זאָלן זינגען אַ פריילעך פורימדיק זמרל. זיי האָבן אים געהאָרכט און געזונגען „שושנת יעקב״.

עס זענען פאַרבייגעגאַנגען אַכט און פערציק שעה. די בני־ענק האָבן זיך אויסגעטשוכניעט פון זייער שלאָף. זיי טוען אַ קוק — זיי ליגן גע־בונדענע אויף וועגענער און פאָרן. ווער עס האָט זיי געבונדן און ווו צאָהין זיי פאָרן האָבן זיי, פאַרשטייט זיך, נישט געוווּסט פון זייער הענט און פיס צו זאָגן. תחילת האָבן זיי גאָר געמיינט, אַז עס זענען בייערט הינער־פלעט. האָבן זיי אָנגעהויבן צו רופן זייערע שוואַרצע משרתים.

ר׳ יששכר־בער מיטן כתר־מלכות אויפן קאָפּ האָט זיך נישט גע־פוילט און איז אַרונטערגעקראָכן פון דער גאָלדענער קאָטש. ער איז צו־געגאַנגען צום ערשטן וואָגן ווו דער בן־ענקישער מלך איז געלעגן און גע־ריטשעט ווי אַ חזיר. ר׳ יששכר־בער האָט אים געווונטשן אַ גוטן אויפ־שטאַנד און מיט אַ געלעכטערל אים געפרעגט ווי אַזוי ער שפּירט זיך אין קו־הבריאות.

דער גוי האָט באַלד געזען די בראָך און האָט געפרעגט ר׳ יששכר־בערן ווו אַהין ער פירט אים.

— אַז איר וועט ווערן עלטער וועט איר עס בלי־נדר וויסן. אַז מען

האַלט כסדר אַ בייטש ווערט מען סוף כל סוף אַליין געשמיסן. ווער עס גלויבט אין דער שווערד דעם לייגט מען אַריין טיף אין דער ערד, — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט, — זיך צוריק אַריינגעזעצט צו דער בת־מלכה אין דער גאָלדענער קאָטש און געהייסן פאָרן.

## קאַפּיטל פיר און דרייסיק

ביים גראַף ר׳ נפתלי אין די מאַיאָנטקעס. — די פאַרשטעלטע בת־מלכה.

ויסעו ויחנו — זענען זיי אַזוי געפאָרן און געריטן ביז זיי זענען צו־געקומען אַ תחום־שבת פאַר דער הויפּטשטאָט קרתא־דשופריאָ.

דאָרט האָט געוווינט אין זיין מאַיאָנטעק דער גראַף ר׳ נפתלי בן חו־שים. דער נעמלעכער גראַף איז געווען אַ שר ביי די בני־משה ווי אויך אַ ג״ויסער תלמיד־חכם. גראָד איז ער געזעסן ביי דער גמרא בבאָ־מציעאָ און מעיין געווען אין אַ האַרבן תוספות — הערט ער פלוצים דאָס מע־קען פון אַ סך טשערעדעס און דאָס פאָרן פון טויזנטער רעדער.

דער גראַף ר׳ נפתלי איז טשיקאַווע געווען צו וויסן מה זה? וואָס דאָס איז? וועמענס זענען די שאָף און די רינדער און ווער פאָרט אויף אַזוי פיל וועגענער? האָט ער אָוועקגעלייגט אַ פאַטשיילע אויף דער אָפּע־נער גמרא בבאָ־מציעאָ און איז אַרויסגעגאַנגען קוקן.

דער גראַף האָט זיינע אויגן נישט געגלויבט, און ער האָט זיך נישט געקאָנט כאַפּן וואָס דאָס איז.

פלוצים פאָרט אָן די ערשטע גאָלדענע קאָטש און דער גראַף ר׳ נפתלי האָט באותו הרגע דערקענט דעם משנה למלך ר׳ יששכר־בער.

דעם גראַף ר׳ נפתלים שמחה איז געווען אין לשער. איז ער צוגעלאָפן צו דער גאָלדענער קאָטש און אויסגעשטרעקטביידע הענט צום משנה און אויסגערופן: שלום־עליכם ר׳ יששכר־בער!

ר׳ יששכר־בער האָט דעם גראַף ר׳ נפתלי געוויזן את כל עשרו — דעם גאַנצן זאַק־רויב. דערנאָך האָט ער אים צוגעפירט צו די זילבערנע ווע־גענער און אים געוויזן די געבונדענע בני־ענק. דערנאָך האָט ער אים גע־וויזן אויף דער פאַרשטעלטער בת־מלכה און געזאָגט:

— אָט אָ דעם ישיבה־בחור לאָז איך אייך דערוויל איבער אין אייער פּאַלאַץ. איך פאָר ווייטער קיין קרתא־דשופריאָ און האָב נישט קיין צייט

צו באַלאַמוטשען. איך לאָז אייך איבער, אדוני הגראף, אַ גאָלדענע קאָטש מיט זעקס סוסים וואָרע לעמפערטן. טאָמער וועט דער ישיבה־בחור וועלן פאָרן שפּאַצירן, טאָ לאָזט אים, זייט מוחל, פאָרן איבער אייערע מאַיאָנט־קעס. ער דאַרף עס נעבעך האָבן צוליבן בריאות.

# קאַפּיטל פינף און דרייסיק

קרתּא־דשופריא גייט אַקעגן ר׳ ישׂשכר־בערן. — געווּנג ליטוואַקעס!

דער משנה־למלך ר׳ ישׂשכר־בער האָט אַוועקגעשיקט אַ רייטנדיקן שליח־מיוחד צום קיניג ירום הודו קיין קרתּא־דשופריאַ.

דער שליח־מיוחד האָט אונטערטעניקסט געמאָלדן, אַז דער משנה האָט אויסגעפירט דעם קיניגלעכן באַפעל און געוווּנען די מלחמה קעגן די בני־ענק. די שונאי־ישׂראל ליגן געבונדענע ווי שאָף צו דער שחיטה. דער משנה פירט זיי אייגנהענטיק פאַר די אויגן פון זיין מאַיעסטעט און די זיי־בעציק שׂרי־מלוכה.

דער גאַנצער קיניגלעכער הויף, דער סענאַט, דער גענעראַל־שטאַב, די גבאים פון אַלע שולן, די מורי־הוראות און די ראשי־ישיבות האָבן זיך אָנגעטאָן זייערע בגדי־שבת און אַקעגנגעגאַנגען ר׳ ישׂשכר־בערן מיט זיינע חיילות. ר׳ ישׂשכר־בער האָט זיך אויף טשיקאַוועסט אַרויפגעזעצט אויף דעם וועלט־באַרימטן פערדל פון דעם געפאַנגענעם ערל, דעם קיניג פון די בני־ענק. דאָס פערדל האָט געוויזן וואָס עס יכולט און געשפּרונגען מיט ר׳ ישׂשכר־בערן איבער אַלעמענס קעפּ. דער כתר־מלכות פון דעם געפאַנגע־נעם שונא־ישׂראל וואָס איז געווען באַזעצט — ווי מיר געדענקען — מיט לויטער אבנים־טובות, האָט געפינקלט אויפן משנהס קאָפּ ווי אַ תּמוזדיקע זון און ווי די שטערן אין אַ זומער־נאַכט. אויך ר׳ ישׂשכר־בערס פּנים האָט געלויכטן פון שׂמחה, גילה ודיצה. אַן אמתדיק שׂמחת־תּורה־פּנים.

ווי ר׳ ישׂשכר־בער האָט געזען דעם קיניג ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי אין זיין פּאַלנעם הוד־מלכות, איז ער, ר׳ ישׂשכר־בער הייסט עס, אַראָפּ־געשפּרונגען פון פערדל, זיך אַראָפּגענומען די גויישע קרוין פון קאָפּ און זי אַוועקגעלייגט צו די פיס פון יידישן מלך.

ויאמר המלך — האָט דער מלך ר׳ שמעיה געזאָגט:

— האָלט אייך געזונטערהייט די קרויז, ר׳ ישׂשכר־בערשי. איך האָב

מער נישט קיין זון און קיין טאָכטער. ווער וועט קיניגן נאָך מיר איבער הונדערט און צוואנציק יאָר, אויב נישט אַזאַ גיבור און אַזאַ חכם ונבון ווי איר?

ר׳ יששכר־בער האָט געטראַכט ביי זיך אין האַרצן:

— נאַרישער קיניג וואָס דו ביסט! ער ווייסט נישט, אַז דער בן־מלך זיצט הינטערן פיעקעליק ביי יסכה דער פעדער־שלייסערקע.

גאַנץ קרתא־דשופריאַ פון קליין ביז גרויס איז זיך אינצווישן צוזאַמענגעלאָפן אויפן בייזן ווונדער פון די געפאַנגענע שונאי־ישראל. אין אַלע געמאַרקן און גאַסן האָט מען נייערט גערעדט פון ר׳ יששכר־בערן. מען האָט געשמועסט, אַז בלי־נדר שבת וועט מען אין אַלע שולן און בתי־מדרשים אים מאַכן אַ „מי־שברך". די ווינטן האָבן אַריבערגעטראָגן די נייסן איבערן סמבטיון צו די רויטע יידעלעך און צו די שבטי־ישראל וואָס האָבן געוווינט אין די עפרות־זהב. אומעטום האָט מען נישט מער געהערט נאָר ר׳ יששכר־בער און ר׳ יששכר־בער, און מען האָט אים געווינטשעוועט כל־טוב. די זיבעציק יועצי־המלך, הגם די קנאה האָט זיי געפרעסן אין די ביינער, האָבן פאָרט געמוזט מודה זיין און זאָגן, אַז עס איז גוט וואָס מען האָט כאָטש איין ליטוואַק אין די מדינות פון די בני־משה. נייערט זיי האָבן צוגעגעבן: א יי ן ליטוואַק איז די־והותר פאַר די בני־משה. מער קיין ליטוואַקעס וועט מען נישט אַריינלאָזן איבער די גרענעצן.

## קאַפּיטל זעקס און דרייסיק

ר׳ יששכר־בער זאָגט גראַם און די בני־ענק ענטפערן אים מיט גראַם.

ר׳ יששכר־בער האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל די געבונדענע בני־ענק אַראָפּנעמען פון די זילבערנע וועגענער. ווען זיי האָבן אַ קוק געטאָן אויפן קיניג ר׳ שמעיה, אויף זיינע שרים און אויף דעם, קיין עין־הרע, כחול־הים פון יידן איז זיי פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן.

ר׳ יששכר־בער האָט זיך אָנגערופן מיט אַ געלעכטערל:

— איך האָב אייך באַלד געזאָגט, בני־ענק, אַז איך בין אַ ייד אַ בדחן און קאָן אייך מאַכן פריילעך. אָך און וויי איז צו אַ פאַרשפּילטן מלך! ער מעג זיך אָנטאָן אַ ווייס ליילעך און הלוך־ילך צו די פייגל און דאָרט באַקן בייגל. וואָס טויגן מיר די ריידעלעך די זיסע? זאָגט מיר בעסער, ליבע ריזן, וואָס איר קלייבט זיך אויס ס׳אַרע מיתה?

די בני־ענק האָבן דערהערט, אַז עס שמעקט מיט יענער־וועלט, איז זיי באַפאַלן אַ ציטערניש און אַ פּלאַטערניש. זיי זענען געוואָרן שוואַך ווי די פליגן און האָבן פאַרגעסן אַלע זייערע ביז איצטיקע זיגן. כאיש אחד זענען די פינף טויזנט ריזן געפאַלן אויפן פּנים פאַרן קיניג ר׳ שמעיה און אָנגעהויבן צו קושן דאָס זאַמד פאַר זיינע פיס.

— חטאתי, מיר האָבן געזינדיקט אַדוננו המלך — האָבן זיי געיאָמערט און זיך געשלאָגן מיט די פויסטן אין די הערצער אַריין. — פון איצט אָן וועלן מיר שוין זיין גוט און פרום. האָב אויף אונדז רחמנות און שענק אונדז דאָס לעבן. מיר שווערן דיר, אדוננו הקיניג, אַז מיר וועלן דיר דינען טריי און חלילה קיינמאָל אין דיר נישט מורד זיין. מאַך אונדז פאַר זעלנער אין דיינע חיילות און מיר וועלן זיך שלאָגן אין דיינע מלחמות און ברענגען אויף יידן ישועות ונחמות. ווער עס וועט אויפהייבן קעגן דיר אַ האַנט צו וואַסער און צו לאַנד, וועלן מיר אים מאַכן פאַר אַ גוטה־

למות. לאַנג לעבן זאָל דער מלך ר׳ שמעיה און זיין משנה ר׳ יששכר־בער!

אַזוי האָבן געריטשעט אַלע פינף טויזנט בני־ענק און זענען אַרויס מיט אַ גרויס געוויין ווי די ווייבער.

האָט דאָך דער מלך ר׳ שמעיה געהאַט אַ וואַרעם יידיש האַרץ און עס האָט אים שוין אָנגעהויבן צו פּאַרקען דאָס רחמנות. האָט ער זיך אָבער דערמאָנט אָן זיין זון דעם בן־מלך וועמעס בלוט אָט די רוצחים האָבן פאַר־גאָסן — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געזאָגט צו די פינף טויזנט קניענדיקע גויים:

— איר האָט דאָך געקוילעט מיין בן־יחיד. נו, מילא! זאָל דער משנה ר׳ יששכר־בער טאָן מיט אייך וואָס ער וויל.

ויען המשנה ויאמר אל המלך — האָט דער משנה ר׳ יששכר־בער געטאָן דאָס באַקאַנטע בדחנישע הוסטל און געזאָגט צום קיניג:

— אַז אַ ייד האָט בטחון, מאַיעסטעט, ווייזט ער דער גאַנצער וועלט אַ פייג און ווהין ער טוט נאָר אַ קוק רעגנט עס מיט כי־טוב. נישט גע־דאגהט, אדוני קיניג, מיר האָבן היינט אַ טאָג מיט ניסים. און עס וועט געשען נאָך אַ נס. איידער מיר וועלן זיך אומקוקן וועלן מיר זען אייער בן־מלך אַ לעבעדיקן.

דער מלך ר׳ שמעיה, דער סענאַט, דער גענעראַל־שטאַב, די גבאים, די מורי־הוראות און די תלמידי־חכמים האָבן געקוקט אויף ר׳ יששכר־בערן און זיי זענען געוואָרן נבהל ונשתומם.

## קאַפּיטל זיבן און דרייסיק

יחי! עס זאָל לעבן דער בן־מלך!

ר׳ יששכר־בער האָט נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און אַוועקגעשיקט אַ גאָלדענע קאָטש מיט אַ שליח־מיוחד צו יסכהן דער פעדער־שלייסערקע. ער האָט איר שטרענג באַפוילן, לאמור אזוי צו זאָגן:

— נעמט אַפּער, יסכהשי, דעם בן־מלך פון הינטערן פּיעקעליק און וואַשט אים גוט אַרום. זיינע בגדי־מלכות האָב איך איינגעבונדן אין אַ פּאַטשיילע און זיי ליגן ביי אייך אונטערן בעט. לאָז ער זיך תיכף ומיד אָנטאָן בכל תפארתו אין זיין גאַנצער שאַנקייט — און קומען מיטן שליח־מיוחד אין קיניגלעכן הויף אַריין. מיר וואַרטן אויף אים אַלע וד״ל.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט. דער בן־מלך אין זיינע פולע בגדי־מלכות האָט זיך — צוזאַמען מיטן שליח־מיוחד — אַריינגעזעצט אין דער גאָלדענער קאָטש. יסכה די פעדער־שלייסערקע האָט זיך אָנגעטאָן דאָס שבתדיקע טערקישע טוך אויף די פּלייצעס און זיך אַוועקגעזעצט אויפן באָק לעבן קוטשער. אַזוי איז מען מיט גרויס פּאַראַד געפאָרן פון הקדש־געסל — ווו יסכה האָט געוווינט — צום קיניגלעכן פּאַלאַץ.

די גאַסן זענען געווען שוואַרץ פון מענטשן, דאָס הייסט פון יידן. מקטן ועד גדול האָבן אַלע געשריגן: יחי! עס זאָל לעבן דער בן־מלך!

# קאַפּיטל אַכט און דרייסיק

א געוויין פון שמחה. — פורים.

וואָס עס האָט זיך געטאָן אין קיניגלעכן הויף און ביי אַלע שרים, איז גאָרנישט פאַראַן די פעדער וואָס זאָל זיין אין שטאַנד עס צו באַשרייבן.

הענדום־פּענדום האָט מען קוים באַוויזן אַרויסצוהענגען פענער. די קיניגלעכע קאַפּעליע האָט אין גרויס איילעניש צוזאַמענגעקליבן אירע פּויקן, פייפיאָלן און טראָמפּייטן און געמאַכט דעם אמתן רעש אין געפיל־דער. דער מלך און די מלכה האָבן פאַרגעסן אַלע הויפּישע עטיקעטעס. ווי פּשוטע בשר־ודמס זענען זיי אַרויסגעלאָפן אויפן גאַס און געפּאַלן דעם בן־מלך אויפן האַלדז און געוויינט פון גרויס פרייד.

יידן האָבן דאָך ווייכע הערצער — האָט דער גאַנצער כחול הים פון בני־משה מיטגעוויינט מיטן קיניג פאַר גרויס שמחה. מען וואָלט געמיינט, אַז ס'איז תשעה־באָב ווען נישט וואָס די קיניגלעכע קאַפּעליע האָט גע־פּויקט און געשאַלט אַ פריילעכס. אויך די בני־ענק האָבן געוויינט פאַר שמחה, מחמת ווען זיי האָבן געזען דעם בן־מלך אַ לעבעדיקן איז ביי זיי געוואָרן זיכער ווי דער טאָג, אַז אין דער גרויסער גראַטשקע וועט מען זיי שענקען דאָס לעבן. דער בן־מלך האָט אויך געוויינט פון שמחה.

ווען דאָס פריידיקע געוויין האָט זיך אַביסל איינגעשטילט, די קאַ־פּעליע האָט אויפגעהערט צו שאַלן, צו בלאָזן און צו פּויקן און מען האָט געקאָנט הערן וואָס מען רעדט, האָט דער בן־מלך געזאָגט צום קיניג:

— פריער גאָט און דערנאָך דער משנה ר׳ יששכר־בער — ווען נישט זיין חכמה וואָלט איך שוין לאַנג געווען דאָרט פון וואַנען מען קומט ערשט צוריק ביי תחית־המתים.

— אויך מיר וואָלטן שוין פון לאַנג געווען קדושים ווען נישט דער משנה ר׳ יששכר־בער וואָס האָט אַזוי גוט פּותר געווען דעם חלום און אונדז מציל געווען פון שוואַרצן אספּרתאָ — האָבן דער מלך און די מלכה

געזאָגט אין איין קול און פונדאָסניי אָנגעהויבן צו וויינען. דער מלך האָט זיך אויסגעווישט די אויגן מיט אַ פאַטשיילע און געזאָגט:

— דו ביסט טאַקע קרוינפּריגץ, בני היקר, נאָר אַ ייד באַדאַרף אין זינען האָבן די טובה פון כלל ישראל. פאַרן כלל ישראל וואָלט בעסער געווען, אַז איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר זאָל מען איבערדרייען דעם ספּאָדעק: ר׳ יששכר־בער זאָל זיין מלך און דו זאָלסט זיין משנה.

דער בן־מלך ר׳ יקותיאל־פּגעיאל האָט תוך כדי דיבור געענטפערט:

— מסכים. איך שענק אים אַוועק די קרוין במחילה גמורה.

צווישן די זיבעציק שרי־המלוכה איז געוואָרן אַ געמורמלעניש:

— מיר האָבן שיין דערלעבט! אַ ליטוואַק ווערט מלך איבער די בני־משה.

נאָר זייער געמורמלעניש האָט מען נישט געהערט, מחמת די קיניגלעכע קאַפּעליע האָט פונדאָסניי אָנגעהויבן צו פּויקן.

ר׳ יששכר־בער האָט זיך געוואָנדן צו די בני־ענק:

— נישטאָ ביי יידן קיין גזלנים חלילה. איך שענק אייך דאָס לעבן בתנאי, איר זאָלט זיין מיין גוואַרדיע. טאָמער וועט אייך איינפאַלן אַ שמץ פון בונט, איז ווייסט איר וויל פון פּראַקטיק — איך האָב אַ קאָפּ אויף דער פּלייצע און וועל מיך ברוך־השם קאָנען געבן מיט אייך אַן עצה.

די פינף טויזנט בני־ענק האָבן געריטשעט ווי די שכורע גויים: זאָל לעבן דער קיניג און דער משנה! מיר וועלן זיין אָרנטלעכע לייט. מיר וועלן זיין גרייט צו פאָלגן ר׳ יששכר־בערס רייד. ווער עס וועט ווידערשפּעניקן, וועט ווערן געטייט. טייטן איז פאַר אונדז אַ נחת און אַ פרייד.

— מסכים — האָט ר׳ יששכר־בער געזאָגט — גייט אַוועק אין די קאַזאַרמעס און לערנט זיך מושטער.

עס איז אַרויס אַ קיניגלעכער באַפעל, אַז מען זאָל לייענען די מגילה און שיקן אייגענע צום אַנדערן שלח־מנות. אין קיניגלעכן פּאַלאַץ האָט מען געפּראַוועט גרויסע סעודות. והעיר שושן — דאָס לאַנד פון די בני־משה — איז געווען צהלה ושמחה. מען האָט געהוליעט אין די גאַסן.

# צווייט בילד

## קאַפּיטל איינס

דער משנה־למלך ווערט אַ שדכן. — מיט אַ שירעם אין די חצרות־המלכים.

ויהי ככלות — נאָכדעם ווי עס האָבן זיך פאַרענדיקט די גרויסע מלו־כה־פּאַראַדן און די בני־משה האָבן זיך צוריק גענומען צו די ששת ימי המעשה, ויקח המשנה — האָט ר׳ יששכר־בער גענומען אַ שירעם אין דער האַנט אַריין און איז אַוועקגעגאַנגען צום קיניג אין די חצרות־המלכים.

דער קיניג ר׳ שמעיה האָט געזען דעם משנה מיט אַ שירעם אין דער האַנט האָט ער געמיינט, אַז ר׳ יששכר־בער איז געקומען זיך געזעגענען און אַז ער וויל צוריק פאָרן קיין מדינת פה־לין. דער מלך איז געוואָרן בלאַס ווי די וואַנט און געפרעגט מה זה — וואָס איז די מעשה? צי האָט אים עמעצער חלילה פוגע בכבוד געווען און מחמת דערימעך וויל ער פאַר־לאָזן זיינע גרעניצן?

— חלילה וחס, מאַיעסטעט — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט און גענומען אַ שמעק־טאַבאַק — ביי אונדז אין פה־לין פירט זיך ביי יידן, אַז אַ שדכן טראָגט אַ שירעם.

— וואָס האָט איר זיך עפּעס גענומען צו שדכנות? — האָט דער מלך ווייטער געפאָרשט — האָט איר חלילה נישט קיין פּרנסה פון די שכירות וואָס איר באַקומט ווי אַ משנה־למלך? איר גייט גאָר פאַרדינען אַ זייטיקן גראָשן?

ר׳ יששכר־בער האָט ווידער גענומען אַ שמעק־טאַבאַק און האָט דעם קיניג דערציילט די מעשה מיט דער בת־מלכה וואָס ער האָט געפונען אין דער הייל פון די בני־ענק. זי איז אַ בת־יחידה פון אַ מלך גדול וואָס קי־ניגט איבער די בני־גד ובני־ראובן. אָט די יידן וווינען העט־העט הינטער די הרי־חושך. די בתולה איז אַ יפת־תואר איינס אין דער וועלט. על־פּי דין טאָר אַ מאַנסביל נישט קיין סך דערציילן פון ווייבערישער שאָנקייט.

זאָל זיין מאַיעסטעט נעמען ווייבער און זיי אַהין שיקן צו באַשויען די כלה כמנהג, ווי עס פירט זיך ביי יידן.

— ווו איז די בתולה? — האָט דער קיניג געפרעגט.

— משום עין־הרע — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט — האָב איך זי פאַרשטעלט פאַר אַ ישיבה־בחור און זי געפינט זיך אין די מאַיאָנטקעס פון גראַף ר׳ נפתלי בן חושים. עס וואָלט געווען מער ווי גלייך, אַז איר זאָלט זי למזל חתונה־מאַכן מיט אונדזער בן־מלך.

דער מלך ר׳ שמעיה האָט זיך אָנגערופן:

— ר׳ יששכר־בערשי, קיין עין־הרע זענט איר שוין אַ ראוי לחופה. איר באַדאַרפט טאָן אַ שידוך מיטן לעבן. עס שטייט אייך אָן אַ בת־מלכה. אפשר איז דאָרט עפּעס אַ שטיקל סירכה? כ׳מיין, — אפשר האָט די בת־מלכה, חלילה, אַ געשמדטן אָדער אַ געהאָנגענעם אין איר זרע־מלוכה!

— חלילה וחס! — האָט ר׳ יששכר־בער געזאָגט און אַ פּאָך געטאָן מיטן שירעם אין דער לופטן ווי אַן אמתער שדכן — עס איז סאַמע פּימסנ־האָלץ און קפריסין שבקפריסין. נייערט ווערליק מיינע קענטענישן אין די שבע חכמות האָב איך אַ קוק געטאָן אַרויף צו די שטערן. מען האָט מיר דאָרט געוויזן, אַז זי איז נישט מיין זיווג. זי איז דער זיווג פון אונדזער בן־מלך מיום הולדה — נאָך איידער זי איז געבוירן געוואָרן.

— מילא נו — האָט דער קיניג געזאָגט — אויב אַזוי, וועט די מלכה אַביגיל־הדסה מיט נאָך עטלעכע ווייבער אַ פאָר אַהין טאָן צום גראַף ר׳ נפתלי אין די מאַיאָנטקעס און דאָרט באַשויען די בת־מלכה.

## קאַפּיטל צוויי

כלה־באַשויאונג אין די מאַיאָנטקעס פון גראַף ר׳ נפתלי. — מען מוז פרעגן ביים טאַטעשי מיט דער מאַמעשי.

ר׳ ישׂשכר־בער האָט אָוועקגעשיקט אַ שליח־מיוחד מיט אַ בריוול צום גראַף ר׳ נפתלי. אינעם בריוול האָט ער אים מודיע געווען, אַז דער ישיבה־בחור איז גאָר אַ בת־מלכה און עס האַלט ביי אַ שידוך מיטן קרוינפּרינץ. די מלכה אביגיל־הדסה וועט אַהין קומען מיט אירע הויף־ווייבער אויף באַשויאונג. אינצווישן זאָל די בת־מלכה ווערן אויס זכר און זיך צוריק אָנטאָן אירע בגדי־מלכות. די בגדי־מלכות — האָט ר׳ ישׂשכר־בער גע־שריבן צום גראַף ר׳ נפתלי — האָב איך איינגעבונדן אין אַ פּאַטשיילע. דאָס פּעקל האָט איך אַוועקגעלייגט ביי אייך אויפן בוידעם. זעט למען השם ר׳ נפתלישי, אַז אַלצדינג זאָל זיין אַגיל ואשמח מחמת עס האַלט ביי אַ מלוכה־שידוך וד״ל.

נאום הקטן באלפי יהודה,

ישׂשכר דוב בער המשנה למלך.

ויעש הגראַף ר׳ נפתלי כדבר המשנה — אין גרויס געאיילעניש האָט ער אַראָפּגענומען פון בוידעם די פּאַטשיילע מיט די בגדי־מלכות. די בת־מלכה (זי האָט געהייסן ציפּורה) האָט זיך צוריק אָנגעטאָן בכל יפיה. די קיניגלעכע מויד איז געוואָרן אויס ישיבה־בחור.

דער גראַף האָט צוגעגרייט כיבוד כיד המלך — וואָרים אָט־אָט קומט צופאָרן די מלכה אביגיל־הדסה מיט אירע ווייבער אויף צו באַשויען די כלה.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און כאָרן פּאַלאַץ פון גראַף איז אָנ־געפאָרן אַ קאָטש מיט דער מלכה און אירע פריינדינעס. די גראַטשקע איז געווען גרויס. צוליב דעם כבוד־המלכות האָבן זיך דער גראַף ר׳ נפתלי און די גראַפיניע דבורה אָנגעטאָן בגדי־שבת.

איך וויל דאָ נישט מאריך זיין, די לייענער פאַרשטייען אַליין, אַז די כלה איז ווילגעפעלן געוואָרן דער מלכּה און אירע ווייבער. זי האָט אויסגענומען הן וואָס שייך יופי און הן וואָס שייך חכמה און מידות טובות. די מלכה איז צוריק געפאָרן אין פּאַלאַץ צום מלך און האָט אים אָפּגעגעבן אַ פולנעם דין־וחשבון וועגן דער באַשויאונג.

דער מלך האָט געזאָגט צו דער מלכה: מילא נו, לאָמיר למזל האַקן טעלער און לאָמיר שרייבן תנאים.

וישאלו את פיה — איז מען צוריק געפאָרן צום גראַף ר׳ נפתלי אין די מאַיאָנטקעס און געפרעגט ביי דער בת־מלכה צי זי באַשטייט אויפן שידוך.

ותען — האָט די בת־מלכה געענטפערט ווי אַ כשרע יידישע טאָכטער:

— אָן דער הסכמה פון דעם טאַטעשי מיט דער מאַמעשי, וואָס קיניגן הינטער די הרי־חושך, איז דאָך נישט שייך צו שרייבן תנאים. עס פירט זיך נישט אַזוי ביי יידן. לאָמיר אַהין שיקן אַ שליח־מיוחד און פרעגן זייער דעה.

ר׳ יששכר־בער וואָס איז דאָ געווען אי משנה און אי שדכן האָט געפסקנט: — מסכים. וועלן מיר למזל מאַכן תנאים און חתונה צוזאַמען.

כך הוה. די בת־מלכה ציפורה איז דערוויל געבליבן על חשבון הגביר אין די מאַיאָנטקעס פון גראַף ר׳ נפתלי.

# קאַפּיטל דריי

די זיבעציק יועצים גייען ווידער ר׳ יששכר־בערן אונטערשטעלן
אַ פּיסל.

דאָס ווערעמל פון קנאה האָט נישט אויפגעהערט צו פּיקן אין די הער־צער פון די זיבעציק יועצי־המלך. טאָג ווי נאַכט האָבן זיי געטראַכט תחבולות ווי אַזוי ר׳ יששכר־בערן אונטערצושטעלן אַ פּיסל. ווען עס איז געקומען צו רייד — האָבן זיי אַלעמאָל אַרויסגענומען דעם עלילת־דם, אַז דער משנה איז אַ ליטוואַק, און אַ ליטוואַק מוז מען קוקן אויף די הענט. עס האָט אָבער גאָרנישט געפּועלט. די ליבשאַפט פון מלך צו ר׳ יששכר־בערן איז געוואָרן שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. ער האָט ממש נישט גע־טאָן אָן אים די האַנט אין קאַלט וואַסער אַריין. ער האָט ר׳ יששכר־בערן אַפילו מוסיף געווען אויף די שכירות — און דאָס האָט גאָר פאַרשאַפט בייז בלוט אין די הויכע פענצטער.

געטראַכט און געטראַכט, זענען די זיבעציק יועצים געפאַלן אויף אַ שפּאָגל־נייע שפּיצל.

אַמאָל בין מנחה למעריב זענען דער מלך און דער בן־מלך געגאַנגען שפּאַצירן אין דעם גינת־הביתן פון זייער פּאַלאַץ, דאָס מיינט מען אין קי־ניגלעכן לוסט־גאָרטן. ס׳איז געווען נאָך אַ הייסן תמוז־טאָג און ס׳האָט אָנגעהויבן צו בלאָזן אַ קיל ווינטל. אויף די אתרוג־ביימער פון דעם גינת־הביתן האָבן געזונגען פייגעלעך. די לבנה האָט אָנגעהויבן אַרויסצוקריכן פון די וואָלקנס. דער מלך מיט זיין בן־יחיד זענען געגאַנגען אין אַ טונ־קעלע אַלייע פון טייטל־ביימער. ווי געוויינטלעך האָבן זיי זיך מפלפל גע־ווען אין אַ דבר־תורה.

קומען זיי אַנטקעגן דריי פון די זיבעציק יועצי־המלך. מכלומרשט גייען זיי אויך כאַפּן פרישע לופט נאָכן הייסן תמוז־טאָג, און מכלומרשט ווילן זיי אַ קוק טאָן צי איז היינט אַ שיינע לבנה אויף מחדש צו זיין.

זאָגן די דריי יועצים צום קיניג:

— געטראַכט און געטראַכט און מיר האָבן זיך דערטראַכט. באשר בכן, מיר האָבן קיין עין־הרע אַזאַ בריה פון אַ משנה, וואָס ווען ער טוט נאָר אַ ריר מיטן פינגער ווערט פון בלאָטע גאָלד, פון שונאים ווערן פריינט, פון פינצטערניש ווערט ליכטיקייט און אַזוי ווייטער און אַזוי ווייטער. וואָלט דאָך געווען דער גרעסטער יושר, אדוננו המלך, אַז זיין מאַיעסטעט זאָל זיך דערמאָנען אין זיין טאָכטער, די פרינצעסין חגלה, וואָס איז פלוצים פאַרשווונדן געוואָרן און מיר ווייסן נישט ווו עס איז אַהינגעקומען איר געביין. פאַר אַזאַ ליטוואַק, — מיר מיינען אים הלילה נישט פוגע בכבוד צו זיין. פאַרקערט: מיר זאָגן ליטוואַק, מחמת שבת — איז עס דאָך ממש אַ דבר קטן, אַ קלייניקייט הייסט עס, צו גיין און אויסצוגישטערן און אויסצושמעקן אין דער וועלט: ווו עס געפינט זיך די בת־מלכה חגלה? אדרבה, זאָל ער, דער בריה, זי צוריק ברענגען אין די הצרות־המלכים.

וואָס די דריי יועצים זענען אויסן געווען מיט זייערע זיסע רייד־עלעך, דאַרף איך דעם לייענער נישט אַריינלייגן קיין פינגער אין מויל. ווידער האָבן זיי געמיינט פּטור צו ווערן פון ר׳ יששכר־בערן און אים אונטער־צושטעלן אַ פיסל.

כרחם אב על בנים — ווער קאָן וויסן דאָס האַרץ פון אַ טאַטע? האָט זיך דער מלך אָפּגעשטעלט אונטער אַ טייטל־בוים און אויפגעהויבן זיין קאָפּ צו דער לבנה וואָס האָט איצט אָנגעהויבן צו שיינען אין איר גאַנצער פולקייט. זי האָט באַלויכטן דעם גינת־הביתן און האָט זיך ממש געבעטן, אַז מען זאָל זי מחדש זיין.

— שיקט נאָך ר׳ יששכר־בערן — האָט דער מלך געזאָגט מיט אַ זיפץ — זאָל ער צו מיר קומען אין לוסט־גאָרטן אַריין און איך וועל מיט אים רעדן.

## קאַפּיטל פיר

די וואונדערלעכע געשיכטע מיט דער פרינצעסין הגלה.

ויהיא כבוא — ווען ר׳ יששכר־בער איז געקומען אין לוסט־גאָרטן אַריין איז דער מלך מיט אים אַוועקגעגאַנגען אין אַן אַלטאַנקע. זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין דער העל־זילבערנער שיין פון דער פולער לבנה.

ויפתח המלך את פיו — און דער מלך ר׳ שמעיה האָט פאַרן משנה אויפגעעפנט די זאָרגן פון זיין האַרץ און אים דערציילט אַ וואונדערלעכע מעשה.

— איך האָב געהאַט אַ בת־יחידה — האָט דער מלך אָנגעהויבן מיט אַ טיפן זיפץ — איז זי געווען אַ פרומע טויבֿ, פול מיט גוטע מידות און דערצו אַ זעלטענע יפת־תואר. איינמאָל איז זי געגאַנגען שפּאַצירן מיט אירע חברטעס אויפן ברעג פון ים. פלוצים האָט זיך געמאַכט אַ גוואַלדי־קער שטורעם־ווינט. דער שטורעם־ווינט האָט אויפגעהויבן די בת־מלכה און זי אַוועקגעטראָגן. קיינער ווייסט נישט וואַהין. צי איז עס געווען אַ שטור־רעם־ווינט וואָס קומט פון די פעסער מיט ווינט אין גן־עדן־התחתון? צי איז עס געווען אַ שד וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ שטורעם־ווינט און מיר אַוועקגעכאַפּט די בת־מלכה? אַלע שטערן־קוקער און פיליסופים אין מיין מלכות האָבן זיך געבראָכן די קעפּ און מיר נישט געקאָנט געבן קיין תשובה. פּרווט איר, ר׳ יששכר־בער! אפשר וועט איר דערגייין צו אַ טאָלק און מיר אויסגעפינען מיין בת־יחידה?

דאָ האָט דער מלך אַרויסגענומען אַ פאַטשיילע און זי דערלאַנגט ר׳ יששכר־בערן.

— זייט מקבל־קנין, ר׳ יששכר־בער — האָט ער געזאָגט און זיין קול האָט געציטערט פון טרערן — איך בין זיך שוין מיט אייך משדך און וועל אייך נעמען פאַר אַן איידעם. נדן וועל איך אייך געבן מיין גאַנץ מלכות און דערצו תרפ״ט אלפים גאָלדענע דוקאַטן במזומן.

ר׳ יששכר־בער האָט גענומען אין דער האַנט דעם שפּיץ פון דעם מלכּס פּאַטשיילע און האָט געענטפערט:

— דער שידוך געפעלט מיר. דער נדן געפעלט מיר אויך. גיט מיר דריי טעג צייט אויף ישוב, מאַיעסטעט. דאָס איז דווקא נישט קיין דבר קטן.

— נאַט אייך די דריי טעג, — האָט דער מלך ר׳ שמעיה געזאָגט און געטאָן אַ טיפן זיפץ.

# קאַפּיטל פינף

ר׳ יששכר־בער זוכה אין דעם כתב־יד מיט קבלה־מעשית.

וילך — איז ר׳ יששכר־בער צוריק געגאַנגען אין זיין פּאַלאַץ. ער האָט זיך פאַרשלאָסן אין זיין חדר־מיוחד. ער האָט אַרויסגענומען פון אַ שופלאָד דאָס באַוווּסטע כתב־יד מיט קבלה־מעשית. ער האָט זיך אָנגעטאָן די שבתדיקע אַטלעסענע קאַפּאָטע מיטן שטריימל און האָט אָנגעצונדן צוויי וואַקסענע יום־כיפור־ליכט. ער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף דער נאָז די שפּאַקולן און אָנגעהויבן מעיין צו זיין.

דריי נעכט כסדר איז ער אַזוי געזעסן אַ פאַרטיפטער אין דעם זעלטענעם כתב־יד. יעדע נאַכט האָט ער עס ערשט אַוועקגעלייגט ווען די הענער האָבן געקרייעט.

אין דער דריטער נאַכט צו חצות — די הענער האָבן געקרייעט — האָט ר׳ יששכר־בער צוגעמאַכט דאָס כתב־יד. ער האָט גענומען אַ גרויסן שמעק־טאַבאַק און געזאָגט צו זיך אַליין: — יגעתי ומצאתי תאמין. אַלצדינג געפינט מען אין די אַלטע כתבי־יד ווען מען זוכט נאָר גוט.

## קאַפּיטל זעקס

ר׳ יששכר־בער ווער אם ירצה השם צוריק ברענגען די פּרינצעסין הגלה.

ויהי ביום השלישי אינדערפרי איז ר׳ יששכר־בער אַהינגעגאַנגען אין קיניגלעכן פּאַלאַץ. ווידער האָט ער געטראָפן דעם קיניג ר׳ שמעיה בעת יענער האָט אָקערשט געהאַט אָפּגעדאַוונט און געהאַלטן ביים צולייגן דעם טייערן טערקישן טלית. דער קיניג האָט נאָר אַ קוק געטאָן אויפן משנה און האָט באַלד געזען, אַז ער, דער משנה, האָט עס.

— איך וועל אם ירצה השם צוריק ברענגען די בת־מלכה — האָט ר׳ יששכר־בער געזאָגט — איך גרייט מיך אין וועג אַריין. איך בין מיך געקומען געזעגענען מיט אייער מאַיעסטעט.

— זאָל איך צוזאַמענרופן אייער חייל, דאָס הייסט, די צוויי הונ־דערט ישיבה־בחורים? — האָט דער קיניג געפרעגט.

— חלילה! — האָט ר׳ יששכר־בער פינצטער געזאָגט — איך גיי אַליין און איך גיי צופוס.

דער מלך ר׳ שמעיה האָט וויל געוווסט, אַז ר׳ יששכר־בער האָט גישט האָלט ווען מען פרעגט ביי אים קשיות און ער האָט געשוויגן.

## קאַפּיטל זיבן

א ייד אַ מדינה־גייער מיט אַ פּעקל אויף די פּלייצעס.

ויאמר — האָט ר׳ ישׂשכר־בער געזאָגט צום קיניג ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי, אַז ער האָט בדעה זיך אַוועקצולאָזן אין וועג אַריין בלי־נדר מאָרגן אינדערפרי כלחוך.

— כ׳וועל הייסן אַרויסהענגען פענער און אייך אַרויסבאַגלייטן בתופים ובמחולות, מיט טראָמפּייטן און פייפיאָלן — האָט דער קיניג צו אים געזאָגט.

— ניין, מאַיעסטעט, — האָט ר׳ ישׂשכר־בער געענטפערט קורץ און שאַרף — עס איז נישט קיין יידישער דרך עפּעס צו דערגרייכן מיט רעש און געפּילדער.

ר׳ ישׂשכר־בער האָט קוים מסכּים געווען, אַז דער מלך און דער בן־מלך זאָלן אים באַגלייטן ביז אַ תחום־שבת פון קרתא־דשופריא.

כך הוה. צומאָרגנס אינדערפרי האָבן אַלע דריי פאַרלאָזט די הויפּט־שטאָט. ר׳ ישׂשכר־בער האָט געטראָגן אין דער האַנט אַ גראָבן אָרעמאַנסקן שטעקן. אויף די פּלייצעס האָט ער געטראָגן עפּעס אַ פּעקל איינגעבונדן אין אַ פאַטשיילע. ווען זיי זענען געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ תחום־שבת מחוץ לעיר, האָט זיך ר׳ ישׂשכר־בער געוואָנדן צו די מאַיעסטעטן:

— גייט צוריק לחיים ולשלום. פון איצט אָן מוז איך גיין אַליין. למען השם מען זאָל וואַרטן מיטן בן־מלכּס חתונה ביז איך וועל אם ירצה השם קומען מיט דער בת־מלכּה.

דער מלך און דער בן־מלך האָבן געוויינט פון גרויס גערירטקייט. זיי האָבן געמוזט זיך אומקערן.

ווען זיי זענען פאַרשוווּנדן פון זיינע בליקן האָט ר׳ ישׂשכר־בער אויפגעבונדן די פאַטשיילע און פון דאָרט אַרויסגענומען די ארחי־פרחי־מלבושים וואָס ער האָט געהאַט געקויפט ביי דער שמאַטע־קלייבערקע. ער

האָט זיך אָנגעטאָן ווי אַ ייד אַן אָרעמאַן אַ מדינה־גייער. די בגדי־מלכות פון אַ משנה האָט ער איינגעבונדן אין דער פּאַטשיילע. ער האָט גענומען דאָס פּעקל אויף די פּלייצעס, געזאָגט תפילת־הדרך און זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

## קאַפּיטל אַכט

ר׳ יששכר־בער ווערט צוריק משנה־למלך און פאָרט אַוועק מיט אַ שיף.

וילך — דער משנה־למלך ר׳ יששכר־בער אין דער געשטאַלט פון אַן אָרעמאַן אַ מדינה־גייער איז געגאַנגען און געגאַנגען טאָג־אויס טאָג־איין. ויהי ערב ויהי בוקר — אַ סך מאָל איז אונטערגעגאַנגען די זון און ווי־דער אויפגעגאַנגען. ער האָט גענעכטיקט אין וועלדער אונטער ביימער, אין קרעטשמעס און אין הקדשים.

ענדלעך איז ער צוגעקומען צום ברעג פון גאָר אַ פרעמדן ים. אויפן ברעג האָבן שפּאַצירט פרעמדע סוחרים. אויף די פאַליעס פון ים האָט זיך געוויגט אַ גרויסע זעגל־שיף. די זעגל־טיכער זענען געווען אַראָפּגעלאָזן ווי די מידע פליגל פון אַ וואַסער־אָדלער.

נאָכדעם ווי ר׳ יששכר־בער האָט אָנגעקוקט די סוחרים און די זעגל־שיף האָט ער זיך באַהאַלטן הינטער אַ בוים. דאָרט האָט ער אַראָפּגענומען דאָס פּעקל פון די פּלייצעס. ער האָט זיך פונדאָסניי אָנגעטאָן אין די בגדי־מלכות. די אָרעמאַנסקע שמאַטעס האָט ער פאַרבונדן אין דער פּאַטשיילע.

די סוחרים האָבן געזען ווי פון הינטערן בוים קומט אַפּער אַ מענטש אין בגדי־מלכות — האָבן זיי זיך שטאַרק פאַרוואונדערט.

ר׳ יששכר־בער איז צו זיי צוגעגאַנגען און געפרעגט מאין באתם? ווער זענט איר און ווער איז די שיף?

האָבן זיי אים געענטפערט:

— מיר זענען סוחרים פון אַ ווייט לאַנד און דאָס איז אונדזער שיף. מיר פאָרן שוין זייער לאַנג אויפן ים און מיר זענען אַראָפּגעגאַנגען דאָ אויפן ברעג זיך אַביסל איבערצושפּאַצירן אויף דער יבשה.

— קאָן איך מיט אייך מיטפאָרן? — האָט ר׳ יששכר־בער געפרעגט.

— מיטן שענסטן כבוד — האָבן די סוחרים געענטפערט — גייערט איר מוזט באַצאָלן דעם קאַפּיטאַן די שיף־לוין. ער וועט אייך זיכער מיט־נעמען בשמחה רבה.

## קאַפּיטל ניין

א שטאָט וווּ מען טאַנצט און מען הוליעט. — דער ווונדערלעכער משנה און די גרויסע חתונה. — אַ ייד פון פּה־לין.

ויסע — איז ר׳ יששכר־בער מיטגעפאָרן מיט דער שיף.

דריי חדשים זענען זיי געשוווּמען צווישן הימל און וואַסער. די ווינטן זענען געווען גוטע און די שיף האָט לייכט געשוועבט איבער די פּאַליעס פאָרויס.

צום סוף פון דריטן חודש האָט זיך פונדערווייטנס געוויזן יבשה. די יבשה איז פּאַמעלעכל צוגעקומען נענטער. עס האָבן זיך באַוויזן די טור־רעמס און טורעמלעך פון אַ גרויסן כרך. די שיף האָט זיך דערנענטערט צום ברעג — און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די שטאָט איז געבויט פון סאַמע מירמלשטיינערנע פּאַלאַצן און אַנדערע ווונדערלעכע בנינים. עס איז געווען די הויפּטשטאָט פון אַ גרויסן מלך.

דער קאַפּיטאַן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם אַנקער און די זעגל־טיכער פון דער שיף. ר׳ יששכר־בער און די אַנדערע סוחרים זענען אַראָפּגעגאַנגען אין שטאָט אַריין.

וכאשר באו — ווען זיי זענען נאָר אַריינגעגאַנגען אין דער ערשטער גאַס, האָבן זיי געזען ווי עס שפּילן אַ סך קאַפּעליעס אויף אַלערליי כלי־זמר. די איינוווינער פון דער שטאָט, פון קליין ביז גרויס, האָבן אַלע גע־טאַנצט אין די גאַסן.

ר׳ יששכר־בער האָט געפרעגט ביי אַן איינוווינער פון דער שטאָט: לשמחה מה זו עושה? אַזאַ לאַנד פון גאָלער שמחה האָט ער נאָך נישט געזען אויפן גאַנצן כדור־האָרץ.

ענטפערט אים דער איינוווינער:

— עס איז היינט אַ גרויסע שמחה ביי אונדז. אונדזער קיניג ירום הודו מאַכט חתונה זיין בת־יחידה מיטן משנה־למלך. אַזאַ משנה־למלך

געפינט זיך נישט אין גאָר דער וועלט. שיין איז ער ווי אָדם־הראשון, קלוג ווי שלמה המלך און אַ העלד ווי שמשון הגיבור. באַלד נאָך דער שבע־ברכות וועט אים אונדזער קיניג אָנטאָן דעם כתר־מלכות און איבערגעבן די מלוכה. אונטער אַזאַ שיינעם, קלוגן און העלדישן מלך וועלן מיר זיכער זיין קעגן יעדן פיינט און אַנדערע שונאי־ישראל. דערימעך איז גרויס די שמחה אין אונדזער לאַנד און מיר שפילן און טאַנצן אין די גאַסן.

— ווער איז דער משנה און פונוואַנען קומט ער? — האָט ר׳ יששכר־בער ווייטער געפאָרשט.

— ער איז אַ ייד פון מדינת פה־לין, — האָט דער איינוווינער גע־ענטפערט און געכאַפּט אַ ריקודל.

## קאַפּיטל צען

ר׳ יששכר־בער רייט אויף אַ פערדל. — שמואל־שעפּסל! — בתופים ובמחולות.

כשמוע ר׳ יששכר־בער את דבריו, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז עס קאָן נישט זיין קיין אַנדערער ווי איינער פון זיינע ברידער. ווער קאָן עס זיין? שמואל־שעפּסל צי יצחק־וואָלף?

ר׳ יששכר־בער האָט נישט לאַנג געטראַכט און איז אַוועק אויפן פערד־מאַרק. דאָרט האָט ער זיך אויסגעקליבן אַ סוסל איינס אין דער וועלט. ער האָט באַצאָלט דערפאַר אַ טייערן מקח, נאָר וויפל ער זאָל נישט האָבן באַצאָלט איז דאָס פערדל געווען אַ מציאה.

ר׳ יששכר־בער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויפן טייערן פערדל און אָנגעהויבן צוזורייטן צו די חצרות־המלכים. מענטשן האָבן געקוקט: אַזאַ יופי פון אַ מאַנסביל, אָנגעטאָן אין גאָלדענע בגדי־מלכות רייט אויף אַ סוסל! מען האָט אויף אים געטייטלט מיט די פינגער און געשריגן: יחי! ביי קיינעם איז נישט געווען דער מינדסטער ספק, אַז דאָ רייט דער חתן, דער משנה.

ר׳ יששכר־בער איז צוגעריטן צום קיניגלעכן פּאַלאַץ. אויפן הויף פֿור־נעם פּאַלאַץ זענען געשטאַנען מירמלשטיינערנע און גאָלדענע זיילן. עס האָבן געבליט מאַראַנצן־ביימער אין שמעקנדיקן צוויט. שפּרונג־בר־נעמער האָבן געשפּריצט מיט קלאָרע און שמעקנדיקע וואַסערן. עס זענען געווען פאַרזאַמלט די שרי־מלוכה פון לאַנד. אַלע זענען זיי געגאַנגען אָנגעטאָן אין גאָלד און אין פּורפּור. די קיניגלעכע קאַפּעליעס האָבן געשפּילט. קיניגלעכע פּאַזשן האָבן געשאַלט אויף זילבערנע פּאַנפאַרן.

דער קיניג מיטן חתן דעם משנה זענען געשטאַנען ביים פענצטער פון פּאַלאַץ און האָבן אַרויסגעקוקט אויף דער גרויסער שמחה אין דער הויפּט־שטאָט.

פלוצים זעט דער קיניג ווי עס קומט אָן צו רייטן אַ מענטש וואָס איז גלייך צום חתן דעם משנה ווי איין טראָפּן וואַסער צום צווייטן. האָט ער זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט: ווי קומט דער משנה דער חתן צו רייטן אויף דער גאַס? אָקערשט איז ער דאָך געשטאַנעןביים פענצטער? דער מלך דרייט אויס דעם קאָפּ. דער משנה שטייט טאַקע לעבן אים.

ותפעם רוחו — האָט ער דעם משנה געוויזן מיט אַ פינגער אויף דעם קיניגלעכן מאַן אויפן פערד.

דער משנה קוקט און קוקט דורכן פענצטער. תוך כדי דיבור האָט ער דערקענט ווער עס איז .

— עס איז מיין ברודער יששכר־בער, — האָט ער אויסגעשריגן מיט גרויס שמחה און דאָס פנים האָט אים אויפגעלויכטן מיט אַ ווונדערלעכער ליכט.

געשווינד לויפט ער אַראָפּ פון די קיניגלעכע טרעפּ — און אָט איז ער שוין ביי ר׳ יששכר־בערן.

ר׳ יששכר־בער האָט אויך תוך כדי דיבור דערקענט דעם משנה. איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון פערדל און אַ געשריי געטאָן אויפן הויכן קול:

— שמואל־שעפסל!

זענען זיי זיך געפאַלן אויף די העלדזער.

ווי קאָן איך מיך גאָר אונטערנעמען צו באַשרייבן די פרייד פון די צוויי ברידער? עס וועט אַ סך געזינטער זיין פאַרן מחבר ווען ער וועט דאָ איינגעמען אַ לעפעלע שטומעניש.

אינצווישן האָט עס דערגרייכט אין די חצרות־המלכים ווער עס איז געקומען און אַקוראַט אויסגערעכנט צו דער חתונה. אַ ווערטעלע אַ־יכ־צורעדן! דער לייבלעכער ברודער פון חתן!

דער מלך, די מלכה, די בת־יחידה די כלה, אַלע זענען אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ מקבל־פנים צו זיין דעם טייערן גאַסט. באַלד זענען זיך צו־זאַמענגעלאָפן אַלע שרי־מלכות. מען האָט ר׳ יששכר־בערן גענומען אונ־טערן אָרעם און אים בתופים ובמחולות מיט טראָמפּייטן און פייפיאָלן אַריינגעפירט אינעווייניק אין פאַלאַץ.

אַלע שרי־מלוכה האָבן זיך געכאַפּט, אַז וועדליק ר׳ יששכר־בערס

שליפעס דערקענט מען באַלד, אַז ער איז אַ משנה־למלך ביי די בני־משה. איז די שמחה געוואָרן נאָך גרעסער. מען האָט דאָך בחוש געזען, אַז ר׳ ישׂשכר־בער און ר׳ שמואל־שעפּסל זענען איינגעטונקט אין יחוס ביז איבער די אויערן.

האָט מען נישט געוואַרט אויף דעם חופּה־וואָרעמעס. דער מלך האָט שוין באַפוילן צו באַלעווען. נאָכדעם ווי מען האָט אויפגעגעסן די קיניגלעכע מאַכלים און אויסגעטרונקען די וויינען וואָס האָבן פּאַרריסן ממש ווי יין־המשומר, האָט דער חתן ר׳ שמואל־שעפּסל געזאָגט צום מלך:

— זיין מאַיעסטעט וועט מיר מוחל זיין ווען איך וועל אַראָפּגיין מיט מיין ברודער ר׳ ישׂשכר־בער אין גינת־הביתן, אין לוסט־גאָרטן אַריין הייסט עס, און אים דאָרט דערציילן מיין געשיכטע. דערנאָך וועלן מיר צוריק קומען און מיין ברודער וועט דערציילן זיין געשיכטע. עס וועט זיין וואָס צו הערן, אדוני קיניג און מחותן.

— מהיכא־תיתי — האָט זיין מאַיעסטעט געענטפערט — וואָס מיט דיר, חתן לעבן, איז געשען, ווייס איך וויל, און עס שטייט ביי מיר פאַרשריבן אין די ספרי־מלוכה. איך בין באמת טשיקאַווע צו הערן די מעשׂה מיט דיין ברודער.

ביידע ברידער זענען אַראָפּגעגאַנגען אין לוסט־גאָרטן אַריין און זיך אַוועקגעזעצט אין אַן אָפּגעלעגענער אַלטאַנקע. דאָרט האָט ר׳ ישׂשכר־בער געפרעגט ביי זיין ברודער ר׳ שמואל־שעפּסלען:

— ווי איז דיר געגאַנגען, ברודער לעבן, מיט די דריי סעודות פון הייליקן שבת־קודש?

— אָט דאָס טאַקע וועל איך דיר דערציילן — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געענטפערט — און עס האָט גאָר נישט קיין שיעור צו די ניסים וואָס געשען, ווען אַ ייד האַלט וואָרט און איז זיך מקריב פאַר יידישקייט.

# דריט בילד

## קאַפּיטל איינס

ר׳ שמואל־שעפּסל זעצט זיך אַרויף אויף אַ שיף. — „וועלט־שוויי־
געניש” — און מען דאַרף האָבן רחמים.

ויהי כאשר נפרדנו — ווען מיר, די דריי ברידער, האָבן זיך דעמאָלט פונאַנדערגעשיידט ביי דער גרענעץ פון פּה־לין — אַזוי האָט ר׳ שמואל־שעפּסל אָנגעהויבן זיין סיפּור־המעשה — האָט ער, ר׳ שמואל־שעפּסל הייסט עס, זיך אַרויפגעזעצט אויף זיין פערד און אָנגעהויבן צו רייטן. ער איז געריטן וואָכן און וואָכן ביז עס האָט זיך אויסגעלאָזט די יבשה און ער איז צוגעקומען צו אַ געוואַלדיקן ים־אוקינוס.

דאָרט, ביים ברעג, איז געשטאַנען אַ גרויסע זעגל־שיף מיט סוחרים. גראָד האָט זי געהאַלטן ביים אָוועקלאָזן זיך אין די מרחקים צווישן הימל און וואַסער.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט דעם קאַפּיטאַן באַצאָלט שיף־לוין און ער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף דער שיף.

מען האָט פונאַנדערגעלאָזט די זעגל־טיכער און מען האָט אָנגעהויבן זיך צו דערווייטערן אויפן ים. די ווינטן זענען געווען גוטע און די שיף האָט זיך ממש געגליטשט איבער די פאַליעס. אויפן עלפטן טאָג כלחוך — סטאָפּ. די ווינטן ווערן שטיל. די וואַסערן ווערן שטיל ווי זיי וואָלטן געווען איינגעשלאָפן. די שיף רירט זיך נישט אויף אַ טריט ווייטער. די מאַטראָזן אַרבעטן נעבעך מיט זייערע רודערס עבודת־הפרך. גיי פאַר אין אַן עולם־דומם!

מיר טוען אַ קוק דעם קאַפּיטאַן אין פּנים אַריין און מיר זעען, אַז דאָרט איז חושך־מצרים. פאַרשטייען מיר, אַז עס איז נישט גוט און מען דאַרף האָבן גרויס רחמים.

זאָגט צו אונדז דער קאַפּיטאַן:

— ליבע מענטשן, וואָס וועל איך דאָ פֿאַר אייך מגלה זיין? מיר זע־נען פֿאַרפֿאָרן אין איינעם פֿון די געפֿערלעכסטע מקומות וואָס געפֿינען זיך אין גאָר די ימים. אויף די ים־מאַפּעס שטייט דאָס דאָזיקע אָרט פֿאַר־שריבן מיטן נאָמען „וועלט־שווייגעניש". דאָס איז אַן אָרט פֿון פֿאַר ששת־ימי־בראשית און עס איז נאָך נישט באַשאַפֿן געוואָרן. דערימעך איז עס דער אמתער דומם. נישטאָ דאָ קיין לעבנס־אָטעם ווי אין יעדער יצירה. קומט אַ שיף אַהער — איז אויס מיט דער וועלט. מען פֿאָרט נישט ווײַ־טער. ס'יידן עס טרעפֿן זיך נסים און אַ ווינטל פֿאַרבלאָנדזשעט אַהער על־פּי מיקרה. נסים, מײַנע ליבע מענטשן, טרעפֿן זיך איינמאָל אין הונדערט יאָר. מײַן עלטער־עלטער זיידע איז אויך געווען אַ שיפֿס־קאַפּיטאַן און איז אויך אַמאָל אַהער פֿאַרקראָכן. ער איז דאָ געשטאַנען פּונקט דרײַ יאָר מיט אַ טאָג. די שפּײַז האָט זיך, פֿאַרשטייט זיך, אויסגעלאָזט. צום ערשט האָט מען אויפֿגעגעסן אַלע מײַז וואָס האָבן זיך געפֿונען אויפֿן שיף. דערנאָך האָבן זיך די מענטשן אויפֿגעגעסן איינער דעם אַנדערן. פֿאַר־שטייט זיך על־פּי־גורל. אויף מײַן עלטער־עלטער זיידע איז עפּעס דער גורל נישט געפֿאַלן און ער איז געבליבן לעבן. דערנאָך איז פֿאָרט גע־קומען אַ ווינטל. אַרויסגעפֿאָרן פֿון דאַנען איז שוין קיינער נישט מער, אַחוץ די פּוסטע שיף מיט מײַן עלטער־עלטער זיידע.

אַזוי האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט און געוויזן מיט דער האַנט אויף די וואַסערן פֿון דעם „וועלט־שווייגעניש" אַרום דער שיף. — וואַסערן פֿון פֿאַר דער וועלט־באַשאַפֿונג.

אַלע מענטשן אויף דער שיף האָבן אָנגעהויבן צו וויינען און צו יאָ־מערן.

ויכמרו רחמיו — האָט דער קאַפּיטאַן רחמנות געקריגן אויף די ווײַ־נענדיקע מענטשן. דאָס האַרץ איז אים איבערגעגאַנגען פֿון רחמנות און ער האָט אַזוי געזאָגט:

— כל זמן שהנשמה בקרבי מוז אַ מענטש האָפֿן. וווּ־דען? אַן אַנדערע עצה האָט ער? על כן דערימעך, ליבע מענטשן, ברענגט אַהער אַלע שפּײַזן און אַלדאָס ברויט וואָס געפֿינט זיך אויף דער שיף. יעדער וועט באַקומען

צוויי שטיקלעך ברויט נישט גרעסער ווי די איילבירטלעך. מיט דעם וועט ער מוזן אויסקומען דריי טעג. מיר וועלן פּרווון צו דערהאַלטן אונ־דזער לעבן ביז אולי־ירחם — טאָמער וועט פאָרט אפשר אָנבלאָזן דאָס ווינטל.

## קאַפּיטל צוויי

ר׳ שמואל־שעפּסל גליבט אין נסים און כאַפּט אַ טענצל.

ויעשו כדבר הקאַפּיטאַן — און מען האָט איינגעטיילט די שפּייז לויט זיין עצה. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גאַנצע שפּייז קלעקט נישט מער ווי אויף דרייסיק טעג.

ר׳ שמואל־שעפּסלען איז פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. איז ער צו־געגאַנגען צום קאַפּיטאַן און האָט צו אים געזאָגט מיט זייער אַ ביטער האַרץ:

— איך בין אַ יהודי, האַר קאַפּיטאַן. ווערליק דת משה וישראל מוז איך יעדן שבת האָבן דריי כזיתים ברויט צו עסן די דריי הייליקע סעודות.

אויף דער שיף זענען געפאָרן נאָך יידן. זענען זיי געוואָרן מלא חמה און זיי האָבן אָנגעהויבן אויף ר׳ שמואל־שעפּסלען אַנצושרייען:

— קוקטס מיר אָן דעם וצדקתך — האָבן זיי געשריגן — מיר זענען אויך יידן. מיר זענען אויך געשטאַנען אונטערן באַרג סיני פּונקט ווי איר — אָבער אין אַזאַ שעת־הדחק און אין אַזאַ סכנות־נפשות! רעדט נישט קיין נאַרישקייטן, ר׳ יהודי. עס איז פּשוט אַ חרפּה פאַר די ערלים.

— איר יידן, יידן — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזאָגט — עפּעס רעדט איר, זאָלט איר מיר מוחל זיין, גאָר נישט ווי יידן. ס׳טייטש גלייבט איר דען נישט, אַז אַ ליאַדע מינוט וועט געשען דאָס נס און עס וועט אַ בלאָז טאָן דאָס ריכטיקע ווינטל? ווי קאָן אַ ייד אפילו איין רגע לעבן אָן אמונה אין נסים? וואָס איז אַ ייד אויף דער וועלט, אויב נישט דאָס גרעסטע נס? עס זאָל מיך קאָסטן מיין גאַנץ פאַרמעגן וועל איך עס אויך בשמחה רבה אַוועקגעבן כדי מקיים צו זיין די מצווה פון שלוש־סעודות. איר וועט זען — און אין דעם בין איך זיכער ווי דער טאָג — אַז צוליב דעם יידישן

בטחון אַליין וועט קומען דאָס גוטע ווינטעלע. נישט געדאגהט יידן! קומט און לאָמיר כאַפּן אַ ריקודל.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט נישט געוואָרט וואָס די אַנדערע יידן וועלן זאָגן. ער האָט אָנגעהויבן צו טאַנצן מיט גרויס התלהבות, געפּאַטשט מיט די הענט און אַריינגעשריגן אין דעם „וועלט־שווייגעניש״: שבת־קודש! שבת־קודש!

# קאַפּיטל דריי

וואָס קאָן זיין אַ גרעסערע שמחה פאַר אַ ייד ווי זיך
מוסר־נפש צו זיין פאַר אַ מצווה?

ויהי כשמוע — ווי דער שיפס־קאַפּיטאַן האָט געהערט, וואָס אָט דער בעל־בטחונדיקער ייד זאָגט און ווי ער טאַנצט בעת אַלע אויף דער שיף יאָמערן און קלאָגן, — ויאמר — האָט ער זיך אָנגערופן צו ר׳ שמואל־שעפּסלען כהאי לישנא:

— איך בין שוין אַן אַלטער שיפס־קאַפּיטאַן און האָב שוין געזען ווי אַלערליי מענטשן פירן זיך אויף אין אַ סכנה. אַזאַ מין ייד זע איך דאָס ערשטע מאָל. מסכים. איך וועל דיר יעדן שבת געבן דריי כזיתים ברויט אויף די דריי הייליקע סעודות. בייערט צוויי תנאים וועל איך מיט דיר אויסנעמען.

— איך באַשטיי פון פריער אויס אויף אַלע תנאים, — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געשריגן און נישט אויפגעהערט צו טאַנצן.

— ראשית, — האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט בנעימות — זאָג מיר וויפל פאַרמעגן דו האָסט ביי דיר אויף דער שיף.

—תרפ״ט אלפים גאָלדענע דוקאַטן — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזאָגט — איך לויף שוין און ברענג זיי אַהער. איך וועל מיר נישט איבער־לאָזן אפילו אַ פּרוטה.

— דער צווייטער תנאי איז נאָך אַ שווערערער — האָט דער קאַפּי־טאַן געצויגן זיינע ווערטער און דערביי שאַרף אָנגעקוקט ר׳ שמואל־שעפּסלען — הער זיך צו: נאָך דרייסיק טעג ווען עס וועט זיך אויסלאָזן די שפּייז און מיר וועלן אָנהייבן אויפצועסן איינער דעם אַנדערן, מוזטו באַשטיין, אַז דו פאַלסט נישט אַרונטער אונטערן גורל. דו וועסט זיין דער ערשטער, מיין ליבער בעל־בטחון, וועמען מיר וועלן קוילענען און אָפּקאָכן. דאָס זענען די צוויי תנאים בכדי דו זאָלסט קריגן די כזיתים ברויט אויף די

דריי שבת־סעודות. נו, איצט לאָמיר זען וואָס אַ ייד טוט ווייטער מיטן בטחון, האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט, און ווידער שאַרף אָנגעקוקט ר׳ שמואל־שעפּסלען.

— הייסט עס — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל ווי פאַר זיך איבערגע־חזרט דעם קאַפּיטאַנס תנאים — נישט בלויז איך וועל אָוועקגעבן מיין גאַנץ פאַרמעגן פאַר אַ מצווה, נאָר איך וועל פאַר איר גיין אויף מסירת־נפש, איז עס דאָך באמת גאָר גוט און וויל.

איז ער אַריינגעפאַלן אין נאָך אַ גרעסערער התלהבות און איז ממש געשפּרונגען אין דער לופטן פאַר שמחה.

— טאַנץ, טאַנץ! — האָבן אַלע מענטשן אויף דער שיף געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען — דו וועסט ערשט טאַנצן אין טאָפּ ווען עס וועלן אַדורכגיין די דרייסיק טעג.

— וואָס מיינט איר? — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזאָגט און זיין פּנים האָט געלויכטן — אַז איך בין דער ערשטער ייד ביים רבונו של עולם וואָס טאַנצט און זינגט שירות ותשבחות אין טעפּ און אין אַנדערע קאַלך־אויוונס?

און ער איז הענדום־פּענדום געלאָפן ברענגען די זעק מיט די תרפ״ט אַלפים גאָלדענע דוקאַטן און זיי אָוועקגעגעבן דעם שיפס־קאַפּיטאַן.

## קאַפּיטל פֿיר

פינף מאַטראָזן שלייפן די מעסערס.

טאָג נאָך טאָג איז פאַרגאַנגען אינמיטן דעם „וועלט־שווייגעניש". די שיף האָט זיך נישט גערירט. דאָס עסן איז געוואָרן קנאַפּ און קנאַפּער. ר' שמואל־שעפּסל האָט אויף אַלע שבת באַקומען די דריי כזיתים ברויט.

די מענטשן אויף דער שיף האָבן אויסגעקוקט שוואַרץ פון הונגער און מרה־שחורה.

אין דרייסיקסטן טאָג פאַר מנחה, די זון האָט זיך געהאַלטן ביים זעצן איבער דעם „וועלט־שווייגעניש". די שיף רירט זיך נישט. — גייט דער קאַ־פּיטאַן צו צו ר' שמואל־שעפּסלען.

— מאַך דיך גרייט צו דער שחיטה — האָט ער געזאָגט — אַלע שפּייז אויף דער שיף האָבן זיך אויסגעלאָזט. וועסט האַלטן דיין צוזאָג?

דער קאַפּיטאַן האָט געטאָן אַ פייף. פינף מאַטראָזן מיט שאַרפע בליצנדיקע מעסערס אין די הענט זענען געקומען און זיך אַרומגעשטעלט אַרום ר' שמואל־שעפּסלען. זייערע אויגן האָבן געפינקלט ווי ביי הונגע־ריקע וועלף.

— אוודאי וועל איך האַלטן וואָרט און מיך מוסר־נפש זיין פאַר מיין יידישקייט — האָט ר' שמואל־שעפּסל געענטפערט. זיין פּנים האָט ממש געלויכטן פון אינערלעכער שמחה — יעדער נידון־למיתה, האַר קאַפּיטאַן, האָט דאָס רעכט עפּעס צו פאַרלאַנגען פאַרן טויט. אַזוי פירט זיך עס פון קדמונים ביי יעדער אומה ולשון.

— וואָס פאַרלאַנגסטו? האָט דער קאַפּיטאַן געפרעגט.

די מאַטראָזן האָבן אָנגעהויבן צו שלייפן זייערע מעסערס.

— איך וויל אָפּדאַווענען דאָס לעצטע מאָל ווי אַ ייד, האָט ר' שמואל־שעפּסל געזאָגט.

— דאַוון! האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט.

## קאַפּיטל פינף

ר׳ שמואל־שעפּסל שטעלט זיך דאַוונען. — אויפן „וועלט־שווייגע־ניש" ווערט אַ שטורעם־ווינט. — שמחת־פּורים אויף דער שיף. — די גויים ווילן זיך מגייר זיין.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך אָנגעטאָן טלית און תפילין און זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל פון דער שיף מיט דעם פּנים צו די וואַסערן פון דעם „וועלט־שווייגעניש". אַרום אים זענען געשטאַנען די פינף מאַט־ראָזן און האָבן געשליפן זייערע מעסערס. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט גע־דאַוונט מיט גרויס התלהבות און געקוקט דאָ אויף די הימלען אויבן, און דאָ אויף די וואַסערן אונטן.

נאָכדעם ווי ער האָט אָפּגעדאַוונט שמונה־עשרה און געזאָגט די גע־העריקע קאַפּיטלעך תהילים, האָט ער זיך אָנגעהויבן אויסצוטאָן די תפי־לין.

ווי ער האָט נאָר געהאַלטן דעם „של־ראש" אין דער האַנט, זענען די הימלען פּלוצים געוואָרן שוואַרץ פון כמאַרעס. עס האָט זיך געמאַכט אַ שטורעם־ווינט אשר לא קם. דאָס „וועלט־שווייגעניש" האָט אָנגעהויבן צו ווישן און ס׳האָבן געגומען יאָגן גרויסע פאַליעס. די פאַליעס האָבן אַ געם געטאָן די שיף אויף זייערע שוימיקע רוקנס און זי אַרויסגעטראָגן פון פאַר־דעם־בראשיתדיקן ים ווי מען טראָגט אַ קינדער־שפּילכל.

אַלע מענטשן אויף דער שיף זענען צוגעלאָפן צו ר׳ שמואל־שעפּס־לען און געוואָלט פאַלן פאַר אים אויפן פּנים. ער האָט אָבער אויפגעהויבן דעם תפילין „של־ראש" און געוויזן מיט אים אויפן שוואַרצן פאַרכמאַ־רעטן הימל:

— וואָס ווילט איר פון מיר? — האָט ער געשריגן — איך בין נאָר אַ פּראָסטער ייד. איך קאָן נישט מער ווי דאַוונען צום אויבערשטן.

אויף דער שיף איז געוואָרן שמחת־פּורים. די גויים האָבן געשריגן,

אַז וויבאַלד זיי קומען נאָר אַהיים לויפן זיי זיך מגייר זיין און וועלן ווערן יידן און היטן שבת. די יידן וואָס האָבן פריער געהאַט טענות צו ר' שמואל־שעפּסלען, האָבן אויף זיך גענומען אַ נדר צו היטן די דריי סעו־דות פון שבת־קודש ביז צו מסירת־נפש.

איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט איז די שיף צוגעשוואומען צו אַ גרויסער שטאָט.

דער שיפס־קאַפּיטאַן האָט בכבודו ובעצמו געברענגט צו שלעפּן אויף די פּלייצעס די זעק מיט די תרפ"ט אלפים גאָלדענע דוקאַטן און זיי גע־וואָלט צוריקגעבן ר' שמואל־שעפּסלען. ר' שמואל־שעפּסל האָט געזאָגט: לאו! ער נעמט נישט צוריק קיין געלט מיט וועלכן ער האָט געקויפט אַ מצווה.

דערווייל האָט מען געזען, אַז מען איז צוגעקומען צו אַ כרך גדול. ר' שמואל־שעפּסל האָט באַשלאָסן אַראָפּצוגיין אין דער שטאָט אַריין און צו זען הכצעקתה — וואָס עס טוט זיך דאָרט? ווי גייט עס דאָרט יידן אין פּרנסה און אין יידישקייט? אגב האָט ער פאַר זיך אויך געוואָלט אויסזוכן אַ שטיקל פּרנסה. איז ער דאָך איצט געווען אַ נאַקעטער אָרע־מאַן.

## קאַפּיטל זעקס

ר' שמואל־שעפּסל זוכט אַ שטעלע אין אַ פּרעמדער שטאָט. — דער גרויסער אדיר ר' יואל־מנשה.

ויבוא העירה — ר' שמואל־שעפּסל איז אַריינגעגאַנגען טיף אין שטאָט אַריין. עס איז געווען אַ שטאָט פון אַ גרויסן קיניג. דריי טעג האָט זיך ר' שמואל־שעפּסל אַרומגעדרייט אַ הונגעריקער אין אירע גאַסן און געמאַרקן און געזוכט אולי ירחם — צי וועט ער ערגעץ באַקומען אַ שטע־לע פון אַ משרת.

אויפן דריטן טאָג ווען די זון איז געשטאַנען פּונקט אינמיטן הימל איז ער צוגעקומען צו אַ גרויסן פּאַלאַץ. דער פּאַלאַץ איז נישט געווען בלויז אַ מקום צו וווינען. אין די רחבותן פון זיינע מירמלשטיינערנע זיילן זע־נען געווען אַלערליי געוועלבן און קראָמען און אַלע פול געפּאַקט מיט גרויס עשרות. ר' שמואל־שעפּסל האָט געזוכט מיט די אויגן אין וועלכער קראָם ער זאָל אַריינגיין און בעטן אַ שטעלע. פּלוצים זעט ער אַ גאָלדן שילדל. אויפן שילדל שטייט אָנגעשריבן, אַז דאָ וווינט אַ גרויסער אדיר אַ חלפן און זיינע קאַנטאָרן זענען צעשפּרייט ממש איבער אַלע שבעה ימים.

ווי ר' שמואל־שעפּסל שטייט אַזוי און לייענט דאָס שילדל און איז טשיקאַווע צו דערגיין צי דער אדיר איז אַ ייד צי להבדיל אַן ערל — הערט ער ווי מען רופט אים אויבן פון אַ פענצטער פון פּאַלאַץ. והקול קול יעקב, מען רופט אים אויף פשוט יידיש־לשון:

— פּרעמדער ייד, זייט אַזוי גוט און קומט אַרויף!

ר' שמואל־שעפּסל הייבט אויף די אויגן, זעט ער ווי פון פענצטער ווינקט צו אים און רופט עפּעס אַן אַלטער ייד. אַ ייד אָנגעטאָן אין אַ הויכער סאַמעטענער יאַרמלקע וואָס איז רייך באַנייט מיט עטרה־גאָלד.

ר' שמואל־שעפּסל גייט אַרויף און קומט אַריין אין אַ גרויסער סאַליע וואָס עין לא ראָתה. די סאַליע איז פול מיט טייערע מעבלען און זעלטע־

נע חפצים, ווי אויך מיט טייערע קרישטאָלענע שענק. און די שענק זענען פול מיט גאָלד און מיט זילבער און מיט אבנים־טובות.

אויף אַ פאָטער־שטול ביים פענצטער זיצט אַן אַלטער ייד. ער איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ זעלטענעם סאַמעטענעם שלאָף־ראָק וואָס איז געווען געשטיקט מיט גאָלד. דער ייד האָט אויסגעקוקט ווי גאָר אַ גרויסער פּריץ. ער האָט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען אָבער גערעדט אויף פּשוט יידיש־לשון, גאָר פריינטלעך געשמייכלט און אים דערלאַנגט שלום־עליכם.

— פונוואַנען קומט אַ ייד? און וואָס איז אייער טועכץ? — האָט ער געפרעגט.

— איך קום פון מדינת פה־לין — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געענט־פערט. — ס׳איז אַ לאַנד וואָס איז קיין עין־הרע אָנגעפּראָפּט מיט תלמידי־חכמים. מיין טאַטע איז אויך געווען אַ תלמיד־חכם און ער האָט מיך גע־לערנט אַ סך זאַכן.

כשמעו את דבריו — ווי דער אַלטער ייד, דער פּריץ, האָט געהערט פונוואַנען דער פרעמדער ייד, ר׳ שמואל־שעפּסל, קומט, האָט ער זיך שטאַרק דערפרייט און געזאָגט:

— געלויבט זאָל זיין השם־יתברך וואָס האָט מיר צוגעשיקט אַ ייד פון מדינת פה־לין. אַ ווערטעלע אויסצורעדן! די וועלט קלינגט דאָך, אַז פּוילישע יידן זענען פרומע ערלעכע יידן, גאָטספאָרכטיקע לייט, און זייער טוען און טראַכטן איז נייערט צו געפעלן דעם רבונו של עולם און צו טאָן זיין רצון. צען יאָר זיץ איך שוין דאָ ביים פענצטער און קוק אויס אַן ער־לעכן ייד וועמען איך זאָל קאָנען מאַכן פאַר אַ ממונה איבער גאָר מיין פאַר־מעגן. איך בין שוין, ווי איר זעט, אַן אַלטער מאַן און קאָן מער נישט פירן די מסחרים כמקדם. מיין ווייב איז אַפילו נאָך גאָר אַ יונגע. זי איז מיין צווייט ווייב און איך האָב זי גענומען אויף דער עלטער. נאָר וואָס פאַר־שטייט אַ יידענע אין מסחר? קיין קינדער האָב איך נישט. אויף די היגע מענטשן קאָן מען זיך דאָס מינדסטע נישט פאַרלאָזן. אין יראת אלהים במקום הזה. נישטאָ קיין גאָטספאָרכטיקייט אין דער דאָזיקער שטאָט. מחמת זיי טראַכטן קיינמאָל נישט וועגן אויבערשטן — ליגט זיי דער קאָפּ נייערט אין פרעסן און אין זויפן און אין באַגנבנען איינער דעם אַנ־

דערן. ווען איך בין געווען יינגער האָב איך געוווסט ווי זיי צו האַלטן אין צוים. אויף דער עלטער בין איך ממש הפקר. דערימעך זיץ איך דאָ בײַם פענצטער און קוק מיר אויס די אויגן, אולי ירחם — אפשר וועט קומען אַן ערלעכער ייד. ווי נאָר איך האָב אײַך דערזען, האָט אַ גרויסע שמחה זיך דערוועקט אין מיין האַרץ און זי האָט מיר געזאָגט: יואל־מנשה — אַזוי הייס איך אויפן שם־הקודש — דו האָסט דיך דערוואַרט. עס איז גע־קומען דער ריכטיקער.

ר׳ שמואל־שעפּסל איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ ווי עס איז דער שטייגער פון אַ פּוילישן ייד. נאָר זיין האַרץ איז פול געווען מיט תפילות ותשבחות צום בורא־עולם.

— זאָגט מיר נאָר ווי איר הייסט, מיין קינד, און וואָס איר קענט. טאָמער זענט איר שוואַך אין לשונות, וועל איך צונעמען אַ לערער און ער וועט אײַך לערנען שפּראַכן און חכמת־החשבון — האָט ר׳ יואל־מנשה געזאָגט.

— איך הייס שמואל־שעפּסל, אין מדינת פּה־לין האָט מיך מיין טאַ־טע געלערנט אַלערליי לשונות און אַלערליי חשבונות.

דער אַלטער פּריץ, ר׳ יואל־מנשה, האָט פון אַ טייערן שופלאָד אַרויס־גענומען באַשריבענע קוויטלעך. די קוויטלעך זענען געווען געשריבן אויף אַלע זיבעציק לשונות מחמת ער, דער אַדיר, האָט געהאַט זיינע קאַנטאָרן פאַרשפּרייט איבער גאָר דער וועלט.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט איבערגעלייענט אַלע קוויטלעך ווי אשרי יושבי ביתך.

שפּעטער איז ר׳ יואל־מנשה צוגעגאַנגען צו די קרישטאָלענע שאַפּעס און פון דאָרט אַרויסגענומען גאָלדענע קעסטעלעך אָנגעשפּיקעוועטע מיט אבנים־טובות. ער האָט געהייסן ר׳ שמואל־שעפּסלען אָפּשאַצן די איידעלע שטיינער און זאָגן מה־יקר, דאָס הייסט, וויפל עס איז דער פּרייז פון יעדן אבן־טוב באַזונדער.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט נאָר אַ קוק געטאָן און האָט אָפּגעשאַצט דעם ווערט פון די אוצרות ביז צו אַ פּרוטה.

דער אדיר ר׳ יואל־מנשה האָט זיך גאָרנישט געקאָנט אויסוווּנדערן.

ס׳טייטש אַ יונגערמאַן זאָל פאַרמאָגן אַזאַ שלל פון קענטעניש? ויאמר, און ער האָט געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען:

— סיידן אין אַ מדינה ווי פּה־לין וווּ יידן זענען פרום און גאָטס־פּאָרכטיק קאָנען וואַקסן אַזעלכע זעלטענע פּירות. וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדן? איר בלייבט דער ממונה על כל הונו, אויף מיין גאַנץ האָב־און־גוטס הן אין דער היגער שטאָט און הן איבער אַלע ימים און לענדער. איך וועל פון גאָרנישט וויסן, נייערט זיצן און זאָגן תהילים און לערנען אַ פּרק משניות. מער קאָן איך נעבעך  נישט. יאָ, יונגערמאַן ר׳ שמואל־שעפּסל! עס איז די העכסטע צייט פאַר מיר צו זאָרגן אויף תכלית פאַר דער נשמה. אַ ייד דאַרף זיך גרייטן אָפּצוגעבן דין־וחשבון פאַרן שופט פון דער וועלט. בשכר זה, וואָס איר וועט פירן מיינע מסחרים וועט איר נאָך מיין טויט ירשנען אַ העלפט פון מיין פאַרמעגן. די אַנדערע העלפט האָב איך פאַרשריבן מיין ווייב. אויף אייער חלק וועלן אויספאַלן תרפ״ט מיליאָן גאָלדענע דוקאָטן אין בלויזן במזומן.

ר׳ יואל־מנשה האָט נישט לאַנג געטראַכט און ר׳ שמואל־שעפּסלען אָנגעטאָן אין טייערע זיידענע קליידער. ער האָט אים צוגעשפּיליעט אַ גרויסן גאָלדענעם זייגער מיט אַ שווערער גאָלדענער קייט. די קייט און דער זייגער זענען געווען אויסגעזעצט מיט אבנים־טובות.

דערנאָך האָט ער אַריינגערופן זיינע קנעכט, משרתים און דינסט־מיידן. צוזאַמען זענען זיי געווען אַ קיימא־לן פון אַ צוויי הונדערט נפשות, זכרים און נקבות, — און ער האָט צו זיי געזאָגט מיטן האַרבן פּסוק:

— פון היינט אָן איז אָט דער יונגערמאַן אייער פאָלנער באַלע־באָס. איר מוזט אים פאָלגן און אים זיין אונטערטעניק. טאָמער וועט איר אויף דאָס מינדסטע ווידערשפּעניקן וויסט איר ווייל, אַז וועדליק די גע־זעצן פון אונדזער שטאָט האָט ער דאָס רעכט אייך צו שמייסן מיט ריטער און אַריינצוזעצן אין תפיסה, און  אַפילו דן צו זיין דיני־נפשות, דאָס הייסט, אייך צו באַשטראָפן מיט טויט־שטראָף.

## קאַפּיטל זיבן

ר׳ שמואל־שעפּסלס שטוב קלינגט ווי אַ גלאָק.

— ויהי מאז הפקיד אותי — ווי ר׳ שמואל־שעפּסל איז נאָר געוואָרן דער ממונה איבער ר׳ יואל־מנשהס האָב־און־גוטס, און ער האָט אָנגעהויבן צו טאָן אין זיינע מסחרים, האָט די הצלחה אַ שפּיל־אויף געטאָן מיט אַ נייעם אימפּעט. די עשרותן זענען ממש אַריינגעפּלאָסן דורך טירן און פענצטער. ר׳ יואל־מנשה האָט פון גאָרנישט געוואָלט וויסן. גאַנצע טעג האָט ער געזאָגט תהילים און מעמדות. פונדעסטוועגן האָט ער פאָרט נישט געקאָנט צוהאַלטן די אויגן און נישט זען די שפע, קיין עין־הרע, וואָס האָט זיך צענומען זינט ר׳ שמואל־שעפּסל איז אונטער די בעלקעס פון זיין הויז. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געהאַט אַ סך חן אין די אויגן פון זיין באַלעבאָס, און ער האָט אים ליב געהאַט מיט דער ליבשאַפט פון אַ פאָ־טער צו אַ בן־יחיד.

ווי מיר האָבן שוין געשריבן, איז די דאָזיקע שטאָט — לאָמיר זאָגן, אַז זי האָט געהייסן גימל־דלת — געווען אַ רעזידענץ־שטאָט. דאָרט האָט געוווינט דער קיניג מיט זיינע שרי־מלוכה. ר׳ יואל־מנשה איז נאָך מנעו־ריו געווען אַ גרויסער חשוב אין קיניגלעכן הויף. דער קיניג און די קיניגין האָבן ביי אים געקויפט אבנים־טובות און תכשיטין. שפּעטער איז ר׳ שמואל־שעפּסל געוואָרן דער איינגייער אין די חצרות־המלכים. ער האָט דאָרט אַהין געברענגט צו פאַרקויפן אַלערליי אבנים־טובות און ברי־ליאַנטן.

פּאַמעלעכל האָט זיך דער מלך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס מיט ר׳ שמואל־שעפּסלען און האָט געזען, אַז אָט דער ייד קאָן אַלע זיבעציק לשו־נות ווי אַ וואַסער. אין די שבע־חכמות איז ער ממש אַ בן־בית. הגם מלכים זענען גרויסע בעלי־גאווה און זיי רעדן זיך איין אויף זייערע מדי־נות, פונדעסטוועגן האָט זיך דער מלך אויסגעטאָן דאָס שעם־היטל און

געזאָגט, אַז אין פֿאַרגלייך צו דעם פוילישן ייד זענען אַלע זיינע אונטער־טאַנען סאַמע חמור־קעפּ און טאַקע מקטן ועד גדול. ווען עס האָט געהאַלטן ביי שווערע מלוכה־חשבונות און די גרעסטע שרי־מלוכה האָבן דאָרט אַריינגעקוקט ווי די הענער אין בני־אדם און נישט געוווסט מה דקאַמרי רביצין — האָט מען געשיקט נאָך ר׳ שמואל־שעפּסלען. ער האָט נאָר אַ קוק אַריין געטאָן אין די חשבונות און אַלצדינג איז געווען יאַוונע ויאַסנע.

ושמעו — ר׳ שמואל־שעפּסלס שם־טוב האָט אָנגעהויבן צו קלינגען ווי אַ גלאָק.

## קאַפּיטל אַכט

דער בעל־דבר נעמט זיך צו ר׳ שמואל־שעפּסלען.

לא אָרכו הימים — עס זענען נישט פאַרבייגעגאַנגען קיין צוויי יאָר האָט זיך אַרויסגעוויזן וואָס אין דער שטאָט גימל־דלת הייסט אַ יונג ווייבל פון אַן אַלטן מאַן. ותשא את עיניה — ר׳ יואל־מנשהס חלק שני — מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט אויף דער עלטער, — האָט נישט געמאַכט קיין גרויסע מחזקות. זי האָט אַרונטערגענומען דאָס פייגן־בלעטל פון מויל און ר׳ שמואל־שעפּסלען פּשוט כּפשוטו תּובע געווען, אַז ער זאָל מיט איר טאָן אַן עבירה. עס איז דער שטייגער פון בעל־דבר, אַז ווען ער נעמט זיך צו אַ ייִדענע ווייסט ער נישט פון קיין גרענעץ. באַלד נאָך דער תביעת־ביאוף איז געקומען אַ צווייטע פּראָפּאָזיציע, נעמלעך: וויבאַלד ר׳ שמואל־שעפּסל וועט איר זיין צו ווילן, וועט זי, דאָס ווייבל הייסט עס, אַריינטאָן סם־המות אין דעם אַלטנס עסן. נאָך דער שבעה וועט זי חתונה האָבן מיט ר׳ שמואל־שעפּסלען כּדת משה וישראל. וואָס טויג דיר, לעקיש, צו זיין אַ משרת, ווען דו קאָנסט זיין דער גאַנצער כּל־ולך? אַזוי האָט דאָס ווייבל געזאָגט. דערביי האָט זי געלאַכט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען ווי דער גאַנצער יצר־הרע.

ר׳ שמואל־שעפּסלען האָט אַרומגענומען אַ ציטערניש אין די לענדן. עס איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. ער האָט דערזען צו וואָס דער יצר־הרע פון אַ ייִדענע קאָן זיך דערטראַכטן: ניאוף און שפיכת־דמים. ויפתח את פיו — ר׳ שמואל־שעפּסל האָט אַרויסגענומען די צונג פון מויל און דער פאַרשייטער אשה געהאַלטן אַ לאַנגן דרש מיט דברי־מוסר. דערביי האָט ער איר אויסגעמאָלן דאָס גיהנום פון אַלף ביז תיו.

אויף דעם ווייבל האָט קיין האָר נישט געציטערט. זי האָט ווידער צו אים געלאַכט ווי דער פאָלנער יצר־הרע און אים ווידער תּובע געווען בפה.

אַזוי איז צוגעגאַנגען טאָג ביי טאָג. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געזען, אַז ס׳איז ביטער.

## קאַפּיטל נײַן

ביים בעל־דבר וואַקסן די אַפּעטיטן.

צו אַ ייד אַ בעל־נסיון האָט דער בעל־דבר גאָר באַזונדערע אַפּעטיטן. דער ימח־שמוניק שלאָפט נישט קיין נעכט, נייערט ער טראַכט ווי אַזוי אַ בעל־נסיון צו דערגיין די יאָרן.

איז ווייניק געווען דאָס ווייבל אין דער היים. איז דאָך, ווי מיר ווייסן, ר׳ שמואל־שעפּסל געווען אַן איינגייער אין די חצרות־המלכים. ותשאָ את עיניה — די מלכה האָט אָנגעהויבן צו וואַרפן אַן אייגל אויפן פּוילישן ייד. זי האָט אויך ארונטערגענומען דאָס פייגן־בלעטל פון מויל און ר׳ שמואל־שעפּסלען אָנגעהויבן תובע צו זיין, אַז ער זאָל מיט איר טאָן אַן עבירה. און ווידער די אייגענע מעשה — זי וועט אַריינטאָן סם־המות אין די געקעכצן פון זיין מאַיעסטעט און נאָכדעם ווי מען וועט דעם מלך באַגראָבן מיט די גרויסע פּאַראַדן, וועט זי, די מלכה הייסט עס, חתונה האָבן מיט ר׳ שמואל־שעפּסלען ותשם כתר מלכות בראשו — זי וועט אים מאַכן פאַר מלך.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט ווידער באַקומען אַ ציטערניש אין די לענדן. ויפתח את פיו — ער האָט דער מלכה געזאָגט די אייגענע דברי־מוסר וואָס ער האָט געזאָגט ר׳ יואל־מנשהס יונג ווייבל. און ער האָט איר, דער מלכה, אויך גאָר מאָראַליש אויסגעמאָלן דאָס גיהנום און טאַקע פון אַלף ביז תיו.

עס איז געווען ווי אַן אַרבעס צו דער וואַנט. די מלכה האָט געלאַכט מיט אַ סך פאַרשייטקייט און אים אויך גערופן: טיפּש.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט נעבעך געזען ווי דער בעל־דבר האָט זיך צו אים גענומען מיט צוויי פייערן. דער ימח־שמו וויל דווקא ביי אים צו־נעמען אַלע ש״י עולמות וואָס וואַרטן אויף אַן ערלעכן ייד.

הכלל וואָס וועל איך דאָ מאריך זיין? פון אַלע זייטן איז ר׳ שמואל־שעפּסלען געווען ביטער וואָס ביטער הייסט.

## קאַפּיטל צען

לילית הייבט אָן אירע שמד־שטיק, נאָר אַ ייד אַ בעל־נסיון איז נישט קיין ווערטעלע.

ויהי היום — דער קיניג מיט זיינע שרים זענען אַוועקגעריטן אין די ווייטע וועלדער כדי דאָרט צו שיסן אויף חיות רעות. ויבוא המן — איז אין קראָם אַריין צו ר׳ שמואל־שעפּסלען געקומען אַ שליח־מיוחד פון דער מלכה. מה רעש? וואָס איז? ר׳ שמואל־שעפּסל זאָל נישט לאַנג באַלאַ־מוטשען און באותו הרגע קומען אין די חצרות־המלכים מיט אַ קעסטעלע בריליאַנטן. דער מלכה האָט זיך פאַרגלוסט צו קויפן בריליאַנטן.

ר׳ שמואל־שעפּסלען האָט אַרומגענומען אַ ציטערניש. ער האָט וווּל געוווּסט, אַז די מעשה מיט די בריליאַנטן איז נישט מער ווי אַן אויסרייד. פּשוט — די מלכה וויל אים אויפס כוח מכשיל זיין מיט אַן עבירה.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט גענומען אַ קעסטעלע בריליאַנטן. פריער האָט ער געזאָגט די קאַפּיטלעך תהילים פון „תפילה לעני כי יעטוף". דער־ביי האָט ער זיך גוט אויסגעוויינט און געבעטן ביים רבונו של עולם כוח ביישטיין דעם נסיון.

וויבאַלד מען האָט נאָר ר׳ שמואל־שעפּסלען אַריינגעפירט אין אַ חדר־מיוחד פון די חצרות־המלכים איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן.

אויף אַ גאָלדן בעטל צווישן טייער בעטגעוואַנט איז געזעסן די מלכה אַ האַלב־נאַקעטע און מיט רויטע צעלאָזענע האָר. זי האָט אויסגעקוקט אַקוראַט ווי די לילית וואָס שטייט פאַדראַבנע באַשריבן אין זוהר. די מלכה האָט נישט געמאַכט קיין גרויסע קונצן, נייערט אַראָפּגענומען דאָס פייגן־בלעטל פון מויל און געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען: שכבה עמי, זיי מיר צו ווילן.

האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזען, אַז דער בעל־דבר מיט אַלע זיינע לאַ־פּיטוטן האָבן זיך צו אים גענומען. ער האָט אפילו געשפּירט ווי דער ימח־

שמו איז אים, ר׳ שמואל־שעפסלען הייסט עס, אַריינגעקראָכן אין כח־הדם, און פון דאָרט פּאַרקעט ער אים, טרייבט אים צו דער מלכה, און רופט אים: שמואל־שעפסל, זיי נישט קיין לעקיש...

ווער ווייסט וואָס עס וואָלט געשען ווען ער וואָלט נישט צוגעמאַכט די אויגן און געזען, ווי ער שטייט אין טלית און תפילין פאַר דעם „וועלט־שווייגעניש" און אַרום אים שטייען די פינף מאַטראָן און שלייפן די מע־סערס.

די האַלב־נאַקעטע מלכה לויפט צו צו אים, כאַפּט אים אָן פאַר דער קאַפּאָטע און וויל אים ציען אין גאָלדענעם בעטל אַריין.

דאָ זענען ר׳ שמואל־שעפסלען בייגעשטאַנען אַלע זכות־אבות. ער איז צוגעלאָפן צום פענצטער, אויסגעהאַקט אַ שויב, און איז אַראָפּגע־שפּרונגען אין לוסט־גאָרטן אַריין וואָס איז געוואַקסן אונטן אַרום די חצרות־המלכים.

די מלכה האָט זיך אָנגעהויבן צו רייסן פאַר אירע רויטע לילית־האָר און געוואַלדעוועט צו אירע קיניגלעכע וואַכן, אַז אויב דאָס לעבן איז זיי ליב זאָלן זיי נאָכלויפן און כאַפּן דעם פּוילישן ייד און אים צוריקברענ־גען אין איר חדר־מיוחד.

ר׳ שמואל־שעפסל איז געלאָפן ווי אַ וויכער אין די אַלייען פון דעם לוסט־גאָרטן. ער האָט געהערט ווי הינטער אים לויפן און שרייען די קי־ניגלעכע וואַכן. ער איז געלאָפן אָן אָטעם ביז ער איז צוגעקומען צו דער זילבערנער בריק וואָס פירט פון לוסט־גאַרטן צום ים־אוקינוס.

ער איז אַרויפגעלאָפן אויף דער בריק. הינטער אים זענען געלאָפן די קיניגלעכע וואַכן.

ר׳ שמואל־שעפסל איז צוגעקומען צום ים. דער אוקינוס האָט גע־רוישט אין זיינע טיפענישן און געשפּריצט מיט שוים. נאָך אַ רגע און די קיניגלעכע וואַכן וואָלטן אים, דעם בעל־נסיונדיקן ייד, געהאַט אַרומגע־רינגלט.

— איך וויל בעסער דערטרונקען ווערן במצולות הים איידער עובר זיין אויפן רצון פון בורא־עולם — האָט ר׳ שמואל־שעפסל צו זיך אַ גע־שריי געטאָן, און האָץ! ער איז אַריינגעשפּרונגען אין די טיפעניש פון ים־אוקינוס.

## קאַפּיטל עלף

ר׳ שמואל־שעפּסל אינעם בויך פון אַ פיש.

די נסים וואָס געשעען מיט אַ ייד ווען ער איז זיך מוסר־נפש פאַר יידישקייט זענען אין לשער.

וכאשר קפץ אל הים — און ר׳ שמואל־שעפּסל איז נאָך נישט גע־ווען מיטן קאָפּ אונטער די פּאַליעס, האָט אים איינגעשלונגען אַ געוואַלדי־קער ים־פיש.

ווען ער האָט געעפנט די אויגן איז אים אויסגעקומען, אַז ער געפינט זיך אין אַ גרויסער סאַליע פון אַ זעלטענעם חצרות־המלכים. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז נייערט געווען דער אינעווייניקסטער בויך פון דעם ים־פיש.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געשפּירט ווי די גרויסע סאַליע שווימט מיט אים. און ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס שווימט דער פיש במעמקי־הים — אין די טיפענישן פון אוקינוס. ער האָט געזען ווי אין דער שפּיץ פון דער סאַליע לייכטן צוויי גרויסע פענצטער מיט אַ וואונדערלעכן אור־הגנוז. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך באַלד געכאַפּט, אַז דאָס זענען די צוויי אויגן פון פיש. ויאמר בלבו — האָט ער צו זיך געזאָגט, אויב דער צער פון טראָגן איז יאָ אַזוי גרויס און איך בין ווי יונה הנביא אין דעם בויך פון אַ פיש, איז לאָמיך צוגיין צו די צוויי אויגן און אַרויסקוקן און זען די גבורות־הבוראַ במצולות הים, אין די אָפּגרונטן פון ים אוקינוס.

וואָס האָט ר׳ שמואל־שעפּסל דאָרט געזען? ווען אייגער — און זאָל ער אפילו זיין אַ מער געראָטענער מחבר ווי מיין ווינציקייט — און ער זאָל האָבן טויזנט מיילער און צען טויזנט טינטערס און ער זאָל רעדן און שרייבן טעג און נעכט, וועט עס אים אויך נישט קלעקן צו דערציילן די מעשה־בראשית אינעווייניק אין ים. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געזען ברוּ־אים וואָס זענען אַזוי גרויס ווי די הרי־אַררט. אַנשטאָט אויגן האָבן זיי

אויף די שטערנעס גרויסע פלאַקערן מיט ווייס פייער. די פלאַקערן באַ־לייכטן די ים־טיפענישן אויף הונדערטער מיילן ווייט. ער האָט געזען וועלדער מיט קאָראַלן־ביימער וואָס אַקעגן זיי זענען די אַרזי־לבנון בייערט פּיצינקע גרעזעלעך. ער האָט אויך אָנגעטראָפן אויף טויזנטער דערטרונ־קענע שיפן. שיפן פון אַלערליי קאַפּיטאַנען וואָס זענען געפאָרן אויבן און אונטערגעגאַנגען דורך שטאַרקע שטורעם־ווינטן. די בר־מינן־שיפן וויגן זיך אין די אונטערשטע שטראָמען גלייך ווי זיי וואָלטן געדאַווענט אָדער געזאָגט ווידוי. אַחוץ דעם איז ר׳ שמואל־שעפּסל אַדורכגעשווומען דורך אונטערשטע ים־מדבריות וואָס זענען געווען באַשיט מיט פּערל און אבנים־טובות און האָבן געלויכטן אין די אונטערשטע פינצטערנישן ווי גן־עדן־פעלדער.

ויהי ערב — זעט זיך אויס, אַז עס איז געוואָרן אויפדערנאַכט. דער פיש האָט אויפגעהערט צו שווימען. זיינע פענצטער־אויגן האָבן זיך פאַר־לאָשן. מן־הסתם האָט זיך דער פיש געלייגט שלאָפן אויף די וואַסערן. מחמת דער פיש האָט כסדר איינגעשלונגען אבנים־טובות איז אינעווייניק אין זיין בויך אויך ביינאַכט געווען ליכטיק ווי אין אַ גן־עדן־טאָג. די אבנים־טובות האָבן העל אַרויסגעלויכטן פון אַלע ווינקעלעך.

אינמיטן דעם בויך פונעם פיש האָט זיך ר׳ שמואל־שעפּסל אָוועקגע־שטעלט מיטן פּנים צו מזרח און געדאַווענט מעריב. ער האָט געדאַוונט הויך אויפן קול און מיט גרויס כוונה. ער האָט געדאַנקט דעם בורא־עולם פאַר אַלע חסדים.

נאָך מעריב האָט ר׳ שמואל־שעפּסל אָנגעהויבן זוכן אינעם בויך פון פיש. דער ייד איז בעבעך געווען שטאַרק הונגעריק. ער האָט געפונען אַ שטיקל טרוקן ברויט. צוזאַמען מיטן שטיקל ברויט האָט דער פיש געהאַט איינגעשלונגען אַ קופּערנע שעפּ.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט דערין געזען אַ נייעם אצבע־אלהים. האָט ער זיך געוואַשן מיט דער קופּערנער שעפּ און געזאָגט שאו־ידיכם און אויפגע־געסן דאָס שטיקל ברויט מיט גרויס שמחה. דערנאָך האָט ער געזונגען שיר־המעלות און געבענטשט מיט התלהבות.

פאַרן שלאָפן־גיין איז ער ארומגעגאַנגען אין דעם בויך פון פיש און

אויפגעקליבן גאַנצע זשמעניעס מיט אבנים־טובות. ער האָט זיי אַריינגע־לייגט אין די קעשענעס. ווען די קעשענעס זענען שוין געווען פול ביזן אויג האָט ער אַרויסגענומען זיין פאַטשיילע און אָנגעשיט אַ פולע פאַ־טשיילע מיט בריליאַנטן. דעם ווערט פון די אוצרות איז גאָר נישט געווען אָפּצושאַצן. דערנאָך האָט ער געלייענט קריאת־שמע מיט גרויס כוונה און זיך אַוועקגעלייגט אויף אַ קישקע פונעם פיש. ער האָט געזאָגט „המפיל" און באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן.

# פערט בילד

## קאַפּיטל איינס

דער פּיש שלינגט איין אַ בת־מלכּה. — זי איז אַ גרויסע צדיקת און הייסט רחלע.

ויהי ביום השני לעת ערב — ר' שמואל־שעפּסל האָט אָקערשט גע־האַט אָפּגעדאַוונט מנחה. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ קישקע אינעם פּיש און אָנגעהויבן צו טראַכטן וועגן וועטשערע, וועגן בטחון וכדומה גבורות־הבורא. פּלוצים — פּליוך! אינעם פּיש טוט אַ זעץ אַריין אַ שטראָם מיט וואַסער.

דער פּיש האָט איצט געמוזט איינשלינגען אַ וואַזשנע מנה־יפה — טראַכט ביי זיך ר' שמואל־שעפּסל — און אפשר טאָקע עפּעס אַזוינס וואָס אַ ייד מעג עסן? איך בין גאָר שטאַרק הונגעריק.

ר' שמואל־שעפּסל טראַכט נישט לאַנג. ער גיט אַ קוק — מיט דעם שטראָם וואַסער איז אַריינגעשווומען אין פּיש אַריין עפּעס אַ מענטשלעך געשטאַלט פון אַ נקיבה.

— נעבעך אַ דערטרונקענע — האָט ער אַ זיפץ געטאָן — מן־הסתם איז אויבן אַ שטורעם־ווינט און אַ שיף איז אונטערגעגאַנגען.

ר' שמואל־שעפּסל לויפט געשווינד צו און נעמט די נקיבה אָן פאַרן דופק. דער דופק קלאַפּט. אין דער נקיבה איז נאָך דאָ חיות. זי איז נייערט פאַרחלשט פון שרעק. ער האָט זי אָנגעהויבן צו מינטערן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די נקיבה האָט אויפגעפענט די אויגן. זי האָט זיך אפילו אויפגעשטעלט אויף די פיס. זי האָט געקוקט אויף ר' שמואל־שעפּסלען מיט גרויס פּחד און שטאַרק געפינטלט מיט די אויגן.

ערשט איצט האָט ר' שמואל־שעפּסל אָנגעהויבן צו זען, אַז די נקיבה איז אַ יפת־תואר וואָס עין לא ראתה. זי איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין טייע־רע גינגאָלדענע קליידער אָנגעשפּיקעוועטע מיט אבנים־טובות. אויפן האַלדז האָט זי געטראָגן אַ גאָלדן קייטעלע. אויפן קייטעלע האָט געהאָנגען

אַ בריליאַנט וואָס איז מינדעסטנס געווען אַזוי גרויס ווי אַ הינערן איי.

מען האָט ר׳ שמואל־שעפּסלען נישט באַדאַרפט אריינשטעקן קיין פינגער אין מויל. ער האָט באַלד געזען, אַז דאָס איז אַ לייבלעכע בת־מלכה.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט אָנגעהויבן צו איר צו רעדן דברי־תנחומים.

די בת־מלכה איז געשטאַנען גאָר אַ צעמישטע און געציטערט און גע־פלאָטערט פון גרויס פּחד. מן־הסתם האָט זי ר׳ שמואל־שעפּסלען געהאַלטן פאַר אַ שד צי פאַר עפּעס אַן אַנדערן פון יענע לייט. עס איז קיין וווּנדער נישט. וואָס טוט אַ פּשוטער בן־אדם אינעם בויך פון אַ פיש?

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט איר מבטיח געווען, איר געוויזן זיינע ציצית און געשווירן ביי זיין נאמנות, אַז ער איז אַ ייד. און נישט עפּעס סתם דאָרט אַ ייד, נייערט אַ ייד וואָס לעבט מיט בטחון און מיט נסים. ער האָט איר דערציילט אַלצדינג וואָס עס איז מיט אים געשען און ווי אַזוי דער רבונו של עולם פירט זיין וועלטל אין שייכות מיט יידן — און אַז ער, ר׳ שמואל־שעפּסל, איז זיכער ווי דער טאָג: נישקשה, אויך פון דעם דאָזיקן געפענגעניש במצולות־הים וועלן זיי אם ירצה השם באַפרייט ווערן און וועלן נאָך דערלעבן כל־טוב.

ערשט דעמאָלט איז ותפתח את פיה — האָט זיך די בת־מלכה באַ־רואיקט און געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען, אַז זי איז אַ בת־ישראל און גלויבט אין דעם איינציקן גאָט וואָס אויף הימל און ערד.

די שמחה איז געווען אין לשער. עס איז ווידער געשען אַן אצבע אלהים: צוזאַמען מיט דער בת־מלכה האָט דער פיש געהאַט איינגעשלונ־גען אַ פריש וואַרעם ברייטל און אַ קאָשיקל מיט עפּל.

ר׳ שמואל־שעפּסל מיט דער בת־מלכה האָבן זיך געזעצט עסן ווע־טשערע. זיי האָבן געגעסן מיט גרויס אַפּעטיט.

# קאַפּיטל צוויי

די יידן ווערן אַרויסגעשפּיגן אויף אַן אינדזל. — דער מחבר באַווייזט גרויס מייסטערשאַפט אין אַלערליי באַשרייבעכצן. — די בת־מלכה דערציילט איר געשיכטע און די לייענער מעגן אָנשטעלן די אויערן און האָרכן.

פּונקט אינמיטן דער וועטשערע שפּירן זיי, ר׳ שמואל־שעפּסל מיט דער בת־מלכה הייסט עס, ווי זיי ווערן געהויבן אין דער לופטן.

דער פיש האָט זיך מיישב געווען און האָט זיי אויסגעשפּיגן אויף אַן אינדזל.

סיידן אַ ייד אַ למדן וואָס איז אויסגעבונדן אין קבלה און אין מדרש האָט געקאָנט האָבן אַ השגה אין די שיינקייטן פון דעם אינדזל.

דער אינדזל איז געווען געגליכן אַקוראַט אויף דער האָר צו דעם גן־עדן־התחתון, צי גאָר צו דעם גן־עדן העליון. דיביימער וואָס האָבן דאָרט געוואקסן האָט מען נאָר געקאָנט פאַרגלייכן צו דעם עץ־החיים און צו דעם עץ־הדעת און צו די ביימער וואָס יידן פלעגן אויסמאָלן אין זייער שולן און סוכות. לולב־ביימער, אתרוג־ביימער, ביימער פון פייגן, באָקסערן און מילגרוימען. זיי זענען טאַקע געווען באַלאָדן מיט אָט די אַלע גלוסטיקע פּירות. די צווייגן מיט די גלוסטיקע פּירות האָבן דער־גרייכט ביז צו דער ערד און האָבן זיך פּשוט געבעטן: מאַך איבער אונדז אַ בורא־פּרי־העץ, און זאָל דיר וווּל באַקומען!

אויף די ביימער זענען געזעסן פייגל און פייגעלעך פון אַלערליי קאָ־לירן. זיי האָבן געפּיפּן און געזונגען אַ מין פייגל־תהילים, ביחידות און בציבור. לינדע ווינטעלעך האָבן שטיל געווייעט ווי זיי וואָלטן אָקערשט געהאַט אַרויסגעקומען פון די בשמים־ביקסן צו וועלכע די צדיקים שמעקן אין גן־עדן. ווו מען האָט נאָר געוואָנדן די אויגן האָט מען געזען וואַסער־

קוואַלן. דאָס וואַסער איז געווען קלאָר ווי זילבער, פריש און קיל. עס האָט ממש געקאָנט מחיה־מתים זיין.

ר׳ שמואל־שעפסל און די בת־מלכה האָבן אויפגעהויבן די אויגן צום הימל. זיי האָבן געוויינט פאַר שמחה. ר׳ שמואל־שעפסל האָט אָנגעהויבן צו זינגען שירות ותשבחות. מחמת קול באשה ערוה און אַ נקיבה טאָר נישט זינגען ווען אַ מאַנסביל הערט, האָט די בת־מלכה הויך געזאָגט ווייבערישע תחינות אויף פשוטן עברי־טייטש.

נאָכדעם האָבן זיי זיך אָוועקגעזעצט אונטער דעם שאָטן פון אַ פייגנבוים, געמאַכט אַ ברכה און געגעסן זיסע פייגן און געטרונקען פון דעם פרישן קילן וואַסער.

אונטערן שאָטן פון דעם פייגנבוים האָט ר׳ שמואל־שעפסל געזאָגט צו דער בת־מלכה:

— איך הייס שמואל־שעפסל און קום פון מדינת פה־לין. די נסים וואָס זענען מיט מיר געשען וועל איך בלי־נדר דערציילן שפעטער. קודם־כל ספרי לי, דערציילט מיר טייערע בת־מלכה געזונט זאָלסטו מיר זיין, דיין געשיכטע. ווי אַזוי ביסטו אַריינגעקומען אין דעם בויך פון דעם ים־פיש?

ותען הבת־מלכה — האָט די בת־מלכה געזאָגט:

— ווי איך זע, ר׳ שמואל־שעפסל, זענט איר אַן ערלעכער ייד, אַ מלומד־בנסים און קומט אַרויס פון יידן תלמידי־חכמים. הנה זייט וויסן, אַז איך בין אַ טאָכטער פון אַ גרויסן און מעכטיקן קיניג. ער קיניגט איבער פיל אינדזלען אויפן ים־אוקינוס. איך הייס רחלע און בין אַ בת־יחידה ביי מיין טאַטע־מאַמע. איבער אַ סך אינדזלען אויפן ים האָט מיין נאָמען געקלונגען ווי אַ זעלטענע יפת־תואר ווי אויך אַ גרויסע ווילגעלערנטע אין שפּראַכן און אין אַנדערע חכמות. זינט איך בין געקומען צו מיין שכל האָב איך מיר געטאָן אַ שבועה — יעבור עלי מה — וועל איך נישט חתונה האָבן מיט קיין בן־מלך צי מיט אַן אַנדערן שר. דאָס רייכקייט און מלכות פון דער וועלט זענען אייטל הבל־הבלים. כשתבוא פרקי — ווען איך וועל דערגרייכן די שמונה עשרה לחופה וועל איך ביירערט נעמען אַ מאַן אַ תלמיד־חכם און אַ בעל־מידות־טובות און מעג

ער זיין אפילו אַ ייד אַן אָרעמאַן, צי אַ ייד אַ שלעפּער. האָט דאָך אָבער מיין חכמה און שאָנקייט געהאַט אַ שם איבער אַלע אינדזלען פון גאָר דעם ים־אוקינוס — האָט רחלע די בת־מלכה ווייטער דערציילט — האָבן אַלער־ליי מלכים געשיקט שדכנים צו מיין טאַטן און זיך געוואָלט מיט מיר משדך זיין.

והנה נמצא — האָט די בת־מלכה געזאָגט — עס געפינט זיך אַן אינדזל אויף דער גרענעץ צווישן דעם ים אוקינוס און דעם ים־הקרח. די גרייס פון דעם אינדזל איז ת״ק מאות פרסה על ת״ק מאות פרסה, פינף הונדערט מייל אויף פינף הונדערט מייל. עס הייסט דאָס „ריזן־אינדזל״. דאָרט קיניגט אַ מעכטיקער קיניג פון די ריזן. ער האָט זיין אייגנס דריי זינדלעך. שוין איינמאָל זינדלעך! זייערע קעפּ דערגרייכן ביז צו די וואָלקנס. מיט זייערע הענט קאָנען זיי דערלאַנגען ביז צו די שפּיצן פון ארזי־לבנון. די גבורה פון אָט די דריי בחורים איז אין לשער ואין לספר. ווען אַלע מענטשן פון גאָר דער וועלט זאָלן זיך אַוועקשטעלן אויף איין זייט און די דריי תכשיטים אויף דער אַנדערער — וועלן זיי, די דריי, הייסט עס — נעמען און מאַכן פון אַלע מענטשן קאַשע.

עס איז נישט גוט, ר׳ שמואל־שפּסל, ווען אַ שם־טוב איז אין אַלע־מענס מיילער — האָט די בת־מלכה רחלע געזאָגט. — מיין נאָמען האָט דערגרייכט אַהין צו די אויערן פון אָט די דריי בנאָקלעך. זענען זיי גע־גאַנגען און געזאָגט צו זייער פאָטער, אַז באם איך וועל נישט ווערן זייער כלה, נעמען זיי און מאַכן פון דער גאַנצער וועלט אַ תוהו־ובוהו.

האָט יענער קיניג גענומען און געשיקט שדכנים. די שדכנים זענען געווען אַ גענעראַל מיט צען ריזן. מיט זייער גרייס האָבן זיי פּשוט פאַר־פינצטערט די זון. זיי זענען געגאַנגען אָנגעטאָן אין גאָלדענע פּאַנצערס, זהב־טהור, און געקומען צורייטן אויף סוסימלעך — וואָס אַקעגן יעדן פערדל אַליין איז דער סאַמע שור־הבר — אַ מלופּם־קינד. די עלף שד־כנים האָבן מיטגעבערענגט אַ בריוול פון ריזן־קיניג צו מיין טאַטן דעם מלך.

ריזן זענען נישט גורס קיין לאַנגע דיבורים. אין בריוול איז געשטאַ־נען געשריבן קורץ און שאַרף: באם מיין טאַטע וועט זיך נישט משדך

זיין מיטן ריז, וועלן די דריי בנימלעך אַהער קומען אויף אונדזער אינדזל און נישט איבערלאָזן לעבעדיק פון אַ מענטש ביז אַ פליג. כדי דאָס בריוול זאָל נישט בלייבן קיין מלוכה־סוד און אַלע יידן אויף אונדזער אינדזל, אנשים ונשים וטף זאָלן וויסן וואָס עס גרייט זיך אויף זיי ווען איך וועל נישט ווערן קיין כלה פאַר איינעם פון די דריי פרינצלעך — האָבן עס די שדכנים אויסגעפּויקט און אויסגעטראָמפּייטערט אין אַלע גאַסן און גע־מאַרקן פון אונדזער אינדזל.

אויפן אינדזל איז געוואָרן תשעה־באב. מען האָט גוזר תענית געווען און געהייסן זאָגן תהילים. אויף מיין טאַטנס קאָפּ האָט זיך דער כתר־מלכות געטרייסלט פון שרעק און פּחד.

די בת־מלכה רחלע האָט אַ ווײַלע געשוויגן. באַלד האָט זי זיך אויס־געשמייכלט און געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען:

איך האָב מיך אָבער נישט געשראָקן. איך האָב געוווסט, אַז מיט מיין חכמה וועל איך שוין וויסן ווי אַזוי אַרויסצוקריכן פון דער פּעטשקע.

צומאָרגנס כלחוך איז דער גאַנצער אינדזל פון גרויס ביז קליין גע־קומען אויפן הויף פון אונדזערע חצרות־המלכים. מען האָט געשריגן, גע־ליאַרעמט און געדראָעט מיין טאַטן מיטן האַרבן פּסוק. ס׳טייטש? וואָס באַלאַמוטשעט ער? באם — האָבן אונדזערע אונטערטאַנען געליאַרעמט — מיין טאַטע וועט זיך נישט משדך זיין מיטן ריזן־קיניג נעמען זיי און מאַכן אַ רעוואָלוציע און זעצן אַראָפּ מיין טאַטן פון זיין כסא־מלוכה. מיך, די בת־מלכה, וועלן זיי מיט עקסטרא־פּאָטשט אַוועקשיקן צום ריזן־עמלק.

כשמוע המלך — ווען מיין טאַטע דער מלך האָט געהערט, אַז עס שמעקט מיט רעוואָלוציע, איז ער נאָך מער דערשראָקן געוואָרן. הענט און פיס האָבן אונטער אים אָנגעהויבן צו ציטערן. איר ווייסט דאָך, ר׳ שמואל־שעפּסל, וואָס עס הייסט פאַר אַ מלך צו ווערן עפּעס סתם דאָרט אַ צי־ווילנע פאַרשוינדל.

דער עולם יידן האָט אָבער וואָס אַמאָל שטאַרקער געטומלט. ס׳האָט שוין באַלד געהאַלטן ביי פּעטש.

איר זענט דאָך, ר׳ שמואל־שעפּסל, אַ ייד וואָס קאַטאָרי איר זענט אויסגעפאָרן אַ וועלט, ווייסט איר דאָך מן־הסתם אַז עס איז אַ מנהג פון

קדמונים — ביי יעדן מלך אויפן הויף אַוועקצושטעלן אַ גאָלדענעם צי אַ זילבערנעם באַלעמער. עס געווענדט זיך ווי רייך דער מלך איז. פון אַט דעם באלעמער רעדט דער מלך צום פאָלק ווען דאָס פאָלק הייבט אָן צו ווערן אַ שייגעץ. האָב איך מיך נישט לאַנג מיישב געווען און בין אַ גיי־אַרויף געגעבן אויפן באַלעמער און האָב געטאָן אַ געשריי צום עולם: שמעני, ליבע יידן, זייט שטיל און האָרכט מיך אויס...

האָט מען פון אַלע זייטן געשריגן: שאַ! רחלע די בת־מלכה וויל רעדן.

עולם איז טשיקאַווע געווען צו וויסן וואָס איך וויל זאָגן.

— גייט אַהיים צו אייערע ווייבער און הייסט זיי קאָכן וועטשערע — האָב איך געשריגן — בלי־נדר אין דריי וואָכן אַרום פאָר איך אַליין אַוועק אויפן ריזן־אינדזל און האָב דאָרט חתונה מיט איינעם פון די דריי שקצים. דאָס נעמלעכע האָב איך געשריבן אין אַ בריוול. דאָס בריוול האָב איך אַוועקגעגעבן דעם ריזן־גענעראַל מיט זיינע עשרת בני המן.

דער גענעראַל האָט גענומען דאָס בריוול און האָט זיך גאָר פריינט־לעך מיט אונדז געזעגנט. ויסע — ער איז אַוועקגעפאָרן אַהיים מבשר זיין די דריי בנימלעך, אַז אָט נעם איך און גיי מיט איינעם פון זיי אונטער דער חופה.

## קאַפּיטל דריי

אחר הדברים האלה.

אחר הדברים האלה — איז דער עולם זיך צעגאַנגען. מיר די קי־ניגלעכע פאַמיליע זענען צוריק אַריינגעקומען אין די חצרות־המלכים. האָבן מיינע עלטערן אָנגעהויבן ביטער צו וויינען.

— עס גייט אונדז נישט איין די גאַנצע מלוכה — האָבן זיי גענאַ־טערט — ווען מיר דערמאָנען זיך וואָס דיך דערוואַרט, ליבע טאָכטער. וועסט נעבעך פאַרפינצטערן דיינע יאָרן צווישן ווילדע ריזן און מענטשן־פרעסער. עס זענען דאָך גאָר ביטערע ערלים. זיי דינען צום ים און צו אַנדערע כוכבים ומזלות. ס'הייסט, טאָכטער האַרציקע, מיר וועלן דיך אַוועקגעבן צו אַזאַ שווער און שוויגער?

— זאָרגט זיך נישט, ליבע עלטערן — האָב איך זיי געטרייסט. — אומזיסט האָט איר צו מיר געהאַלטן מלמדים ערלעכע יידן? זיי האָבן מיך געלערנט יידישקייט. עס וועט זיי שוין דאָרט אויפן ריזן־אינדזל אויספאַלן באָקום דער שידוך מיט אַ יידישער בת־מלכה.

האָבן דאָך מיינע עלטערן ווויל געוווסט, אַז איך בין אַ קלוג מיידל און אַ גרויסע מלומדת, האָבן זיי זיך ווי עס איז געטרייסט און געגאַנגען עסן וועטשערע.

אַ גאַנצע נאַכט בין איך געלעגן אויף מיין גאָלדן בעטל און גע־טראַכט מחשבות. וואָס פועלן חכמה און יידישקייט ווען מען האָט צו טאָן מיט אַזעלכע ריזן? האָב איך צו מיר גערעדט אין דער נאַכט־פינצטערניש.

עס איז ביי מיר געבליבן: יעבור עלי מה — אויב מיין קלוגשאַפט וועט נישט קלעקן עמלקן אָנצוטאָן אַ ספּאָדיק און איך וועל זען, אַז כלו כל הקצין — עס שפּילן די קלעזמאָרים און מען גייט שוין צו דער חופה און צו דער גילדערנער יויך — וועל איך מקדש־השם זיין און אַריינ־שפּרינגען אין ים. מאַך עס למען השם — האָב איך צו מיר געזאָגט אין

דער נאַכט־פינצטערניש — אָגיל ואשמח, קיילעכדיק און שפּיציק. וואָרעם די דריי בנימלעך קאָנען חלילה זיך וועלן נוקם זיין אין יידן און זיי וועלן אַהער קומען אויף אונדזער אינדזל און דאָ גישט איבערלאָזן לעבעדיק פון אַ מענטש ביז אַ פליג.

## קאַפּיטל פיר

די בת־מלכה גייט צו דער שחיטה און יידן ווייזן אַז זיי זענען נישט קיין גזלנים.

ותספר — די בת־מלכה רחלע האָט ר׳ שמואל־שעפּסלען ווייטער דערציילט די מעשה פון איר געשיכטע.

וכשהגיע — ווען עס איז געקומען נאָך די דריי וואָכן און איך האָב באַדאַרפט אַוועקצופאָרן אויפן ריזן־אינדזל האָט מען ערשט געזען וואָס עס הייסט יידישע גזלנים און וואָסערע טייערע הערצער יידן האָבן. מען האָט פאַרגעסן אַז אָט־אָט האָט מען געסטראַשעט מיט רעוואָלוציע. ונכמרו רחמיהם — דאָס רחמנות פון אונדזערע אונטערטאַנען צו מיר איז געווען אין לשער. מאַנסבילן האָבן זיך געווישט די אויגן מיט זייערע פאַטשיילעס. ווייבער האָבן אויפגעהויבן אַ יללה. „רחלע די בת־מלכה גייט נעבעך צו דער שחיטה״ — האָט מען געהערט פון אַלע ווינקעלעך. ביי אַ לויה טוט זיך נישט אַזאַ חושך ווי עס האָט זיך אָפּגעטאָן בעת איך האָב געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן צו מיין פינצטערער חתונה. מיינע קיניגלעכע עלטערן און אַלע שרי־מלוכה האָבן גלאַט פאַרגאָסן באָכן מיט טרערן.

## קאַפּיטל פינף

דאָס ריזן־אינדזל גייט באַדראָם. — דאָס פּעטשעלע פון חתן.

אַזוי פינצטער ווי עס איז געווען ווען איך האָב פאַרלאָזט מיין אינדזל, אַזוי ליכטיק און שאַליק איז געווען דאָס ריזן־אינדזל ווען איך בין אַהין אָנגעקומען אויף מיין שיף.

דאָס אינדזל האָט ממש געפלאַטערט פון פענער און געפלאַקערט פון פייער־ווערק, שטורקאַצן וכדומה אילומינאַציעס. די קאַפּעליעס פון די ריזן האָבן געטראָמפּייטערט, געקלאַפּט און געפּויקט, אַז מען האָט געמיינט ס'איז אַן ערד־ציטערניש און די וועלט גייט אונטער.

דער מלך מיט זיינע דריי תכשיטים האָבן געפינקלט פון דער ערד ביז צו די וואָלקנס אין גאָלד, זילבער און אין אַנדערע אבנים־טובות. זיי זענען געריטן אויף מוראַדיקע העלפאַנטן. די העלפאַנטן זענען געווען נישט קלענער ווי די הרי־חושך. הינטער זיי זענען געריטן אויף שור־הברס דאָס גאַנצע קיניגלעכע חייל. אויפן ערשטן בליק האָב איך אָפּגעציילט אַ קיימאַ־לן פון אַ מאה אלף זעלנער, ימח־שמו זאָלן זיי ווערן.

מען האָט געקלונגען אין אַלע תיפּלהס און געפּיפן פון אַלע קוימענס.

מיט אַזעלכע גרויסע פּאַראַדן האָט מען מיך אַריינגעפירט אין קי־ניגלעכן שלאָס.

דער קיניג האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ כסא־מלוכה וואָס איז מינ־דעסטנס געווען אַזוי גרויס ווי אַ פינף־שטאָקיקע קאַמעניצע. אַרום אים האָבן זיך אַוועקגעשטעלט די דריי תכשיטימלעך.

— קלייב דיר אויס אַ חתן איינעם פון די דריי פּרינצן, האָט דער קי־ניג צו מיר געזאָגט.

איך האָב אַבי אין דער וועלט אַריין געוויזן מיט אַ פינגער אויף

איינעם פון די דריי, — דערביי האָב איך מיר געטראַכט: הלוואי, רבונו של עולם, וואָלט איך אייך אַלע דריי באַגראָבן אין איין טאָג.

פאַר שמחה האָט דער אויסגעקליבענער געטאָן אַ פּאַטש אין דער וואַנט אַרייַן. די וואַנט האָט נישט לאַנג געטראַכט און פון דעם פּרינצלעכן פּעטשעלע איז זי באַלד צעפאַלן אויף קאַשע.

## קאַפּיטל זעקס

קוצעניו־מוצעניו צווישן ר׳ שמואל־שעפּסלען מיט דער בת־מלכה. — מען שרייבט למזל תנאים.

עס לויפן די טעג און איך זע, אַז פון אַ ספּאָדיק איז נאָך ווייט. אין עצה ואין תבונה — קלער היינט, קלער מאָרגן. עס רוקט אָן דער פינצטערער חופּה־טאָג און מען גרייט זיך. ווי דער שטייגער איז ביי גויים מאַכן זיי כאַסלערע אין אַ זונטיק. אָט איז שוין זונטיק. מיין ליכטיקער חתן איז אויפן זיבעטן הימל.

דינען זיי דאָך צום ים, איז ביי זיי אַ מנהג: אין יום־החופּה גייט מען זיך בוקן צום אָפּגאָט, דאָס מיינט מען דעם ים.

מיין חתן הייסט מיך אָנטאָן די שענסטע בגדי־מלכות. ווי אַ כלה־מתנה שענקט ער מיר אָט דעם בריליאַנט אין דער גרייס פון אַ הינערן־איי וואָס איך טראָג נאָך אויפן האַלדז. צום ים מוז מען זיך בוקן — זאָגט דער חתן מיינער — מיט אַ בריליאַנט אויפן האַלדז.

די גאַנצע קיניגלעכע מישפּאָכטע מיט די שרי־מלכות האָבן אָרונטערגענומען די היטלען און אָנגעהויבן צו בלעקעכצן. מען איז געגאַנגען צום ים. ווען עולם איז צוגעקומען צום טיפסטן אָרט האָט מען זיך אָנגעהויבן צו בוקן. מכלומרשט האָב איך אויך געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך וויל מיך בוקן צו דער עבודה־זרה און האָב מיך גאָר טיף איינגעבויגן. האָב איך מיך אויסגעגליטשט און פּליוך! איך בין אַריינגעפאַלן אין די טיפענישן. דאָרט האָט מיך איינגעשלונגען דער פיש און איך בין געפאַלן אין חלשות ביז דער אויבערשטער האָט מיר צוגעשיקט ר׳ שמואל־שעפּסלען אין דעם געשטאַלט פון אַ מלאך־המושיע. דאָס איז מיין געשיכטע בתכלית הקיצור. אַצינד, ר׳ שמואל־שעפּסל, דערציילט מיר די נסים וואָס זענען מיט אייך געשען.

ר׳ שמואל שעפסל האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און אַלצדינג דערציילט פון אַלף ביז תיו וואָס די לייענער ווייסן שוין.

נאָכדעם ווי ר׳ שמואל־שעפסל האָט פאַרענדיקט זיין געשיכטע האָט זיך די בת־מלכה רחלע אָנגערופן:

— וואָס ווען מיר, ר׳ שמואל־שעפסל, שפּילן קוצעניו־מוצעניו ווי עפּעס דאָרט שניידער־יונגען? הנה זייט וויסן, ר׳ ייד, אַזאַ מאַן ווי איר האָב איך געזוכט. איר זענט אַן ערלעכער ייד, אַ תלמיד־חכם און אַ חכם ונבון אין די שבע־חכמות און אין די זיבעציק לשונות. קיין שדכנים, ר׳ שמואל־שעפסלשי, זענען נישט פאַראַן דאָ אויפן אינדזל. אויב אייך איז ליב, וישר הדבר בעיניך, — עס גייט אייך איין דער שידוך, איז לאָמיר עס נישט פאַרציען אין דער לאַנגער באַנק און שוין למזל שרייבן תנאים. אם ירצה השם ווען מיר וועלן אַהיים קומען וועט אייך מיין טאַטע זאָל לעבן געבן נדן זיין כתר־מלכות און זיינע אינדזלען אויפן ים אוקינוס. וישאלו את פיה — זאָגט מיר, ר׳ שמואל־שעפסלשי, צי איר באַשטייט?

— שייך באַשטיין — האָט ר׳ שמואל־שעפסל געזאָגט — אַ ווערטעלע צו זאָגן: אַזאַ צדיקת פאַר אַ ווײַב.

זיי האָבן זיך געווונטשן מזל־טוב און געשריבן תנאים אויף אַ בלאַט פון אַ לולב. ר׳ שמואל־שעפסל האָט דער בת־מלכה געגעבן אַ כלה־מתנה אַ בריליאַנט פון די בריליאַנטן וואָס ער האָט געהאַט ליגן איינגעבונדן אין דער פאַטשיילע.

# קאַפּיטל זיבן

דער פּאַלאַץ פון גן־עדן־התחתון. — ברוכים הבאים טייערע יידן!

חתן־כלה האָבן פאַרבראַכט אויפן אינדזל עטלעכע טעג, געגעסן פייגן, געטרונקען וואַסער און געשמועסט אַלערליי דברי־תורה ווי אויך פילאָסאָפיה און מחקר. דערווייל האָט אָנגערוקט פרייטיק ערב שבת קודש. ר' שמואל־שעפּסל האָט זיך דערמאָנט אין דער מצווה פון שלוש־סעודות.

— מען מוז מקיים זיין די מצווה שלוש־סעודות, כלה מיינע, רחלע די בת־מלכה, — האָט ר' שמואל־שעפּסל געזאָגט צו זיין באַשערטער — איך מוז האָבן דריי כזיתים ברויט צו מאַכן „המוציא". לאָמיר אָקערשט ווייטער גיין אויף דעם דאָזיקן שיינעם אינדזל און זוכן נסים.

די כלה האָט געזאָגט צום חתן: גערעכט ווי גאָלד! זיי האָבן זיך אָנגעהויבן ווייטער אַוועקצולאָזן אויפן וואונדערלעכן אינדזל.

זענען זיי געגאַנגען ביי אַ צוויי תחום־שבת. פּלוצים האָבן זיי דערזען פונדערווייטנס אַ גרויסן פּאַלאַץ. תחילת זענען זיי געווען זיכער, אַז איז אַ שטאָט מיט יידן. וואָס קאָן זיין אַ גרעסער נס ווי אַ שטאָט מיט יידן? מען וועט דאָרט האַלטן שבת בריוח גדול. זיי גייען ווייטער. נישטאָ מער ווי דער פּאַלאַץ. זענען זיי ווידער געוואָרן ביי זיך אַ ביסל געפאַלן. האָבן זיי זיך מיישב געווען: מילא, וועלן מיר האַלטן שבת אין פּאַלאַץ. שייך אין אַזאַ פּאַלאַץ זאָלן זיך נישט געפינען קיין דריי כזיתים ברויט?

קומען זיי אַריין אין דעם ערשטן חדר פונעם פּאַלאַץ.

דאָס חדר איז וואונדערלעך אויסגעמאָלן מיט זעלטענע ביימער און מיט גילדענע פּאַוועס. מען האָט פשוט געמיינט, אַז די געמאָלטע ביימער רוישן און די גילדענע פּאַוועס פאָכען מיט זייערע שיינע פליגל.

גייען זיי אַריין אין צווייטן חדר.

דאָס צווייטע חדר איז נאָך שענער געווען. די ווענט זענען געווען פון לויטער ווייסן זילבער. אויך דאָ איז קיינער נישט געווען.

זיי זענען אַריבערגעטראָטן די שוועל פון דריטן חדר.

ר׳ שמואל־שעפסל און די בת־מלכה רחלע האָבן געמוזט צוהאַלטן די אויגן. עס האָט אויף זיי געשלאָגן אַ גרויס ליכטיקייט. די ווענט זענען דאָ געווען פון ריינעם גינגאָלד און דאָס גינגאָלד האָט געלויכטן ווי די זון ווען מען נעמט זי אַרויס פון איר פוטער־פעסל.

פאַמעלעכל האָבן זיי געעפנט די אויגן. זיי האָבן געזען אַ שטול פון לויטער אבנים־טובות. די אבנים־טובות האָבן געלויכטן ווי די שטערן אין הימל.

אויף דער שטול איז געזעסן גאָר אַן אַלטער מאַן, אַ ייד. זיין לאַנגע באָרד איז געווען ווייס ווי דער שניי אויפן באַרג חרמון. זיין פנים האָט גע־לויכטן ווי דאָס פנים פון משה רבינו בעת ער איז אַרונטערגעקומען פון באַרג סיני.

דער אַלטער ייד איז אויפגעשטאַנען פון זיין שטול און געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפסלען מיט דער בת־מלכה:

— ברוכים הבאָים, טייערע יידן!

זיין קול איז געווען זיסער ווי דאָס קול פון די גרעסטע חזנים.

ער האָט געוויזן מיט אַ האַנט אויף צוויי גאָלדענע שטולן און די פרעמדע יידן געהייסן זיך זעצן.

פלוצים האָט ער געזאָגט אין דער לופטן אַריין:

— טיש, גרייט זיך לכבוד די טייערע יידן!

פון דער לופטן איז אַראָפּגעקומען א טיש פול מיט זעלטענע מעדני־מלכים און מיט צוויי גאָלדענע בעכער. אין די בעכער זענען געווען אַלטע שמעקנדיקע ווייגען. ר׳ שמואל־שעפסל האָט געטאָן אַ קוק אויף די כלים און אויף די בעכער און האָט געפּרוּווט אָפּצושאַצן זייער פּרייז. גיי שאַץ, ווען אַזעלכעס איז גאָר נישט בנמצא אין אַלע בחצרות־המלכים.

דער אַלטער ייד האָט געוויזן אויפן טיש און געזאָגט:

— עסט און טרינקט, טייערע יידן, און זאָל עס אייך ווויל באַקומען. איר זענט נעבעך הונגעריק. איר וועט ביי מיר האַלטן שבת.

האָבן ר׳ שמואל־שעפּסל און די בת־מלכה באַשיימפּערלעך געזען, אַז זיי זענען אַריינגעפאַלן צו אַ ייד אַ בעל־רוח־הקודש, האָבן זיי מורא געהאַט עפּעס צו פרעגן. שפּיל זיך מיט אַזעלכע יידן!

זיי האָבן זיך אַוועקגעזעצט צום גאָלדענעם טיש און אָנגעהויבן טועם צו זיין פון די מעדנים. אַזוינס און אַזעלכעס פון מעדנים האָבן זיי נאָך נישט געזען און נישט געגעסן. זיי האָבן געשפּירט אויף זייערע צונגען די צען טויזנט טעמים פון די מאַכלים וואָס די צדיקים עסן אין גן־עדן.

— גייט אַריין יעדער אין אַ באַזונדער חדר און לייגט זיך שלאָפן — האָט דער ייד געזאָגט און געוויזן אויף צוויי גאָלדענע טירן — איר זענט געבעך נישט אויסגעשלאָפן, טייערע יידן.

האָבן זיי ווידער ביי דעם אַלטן ייד געזען אָפענעם רוח־הקודש.

ר׳ שמואל־שעפּסל און די בת־מלכה האָבן זיך געלייגט שלאָפן אין צוויי גאָלדענע בעטן (פאַרשטייט זיך, אַז אין צוויי באַזונדערע חדרים). דאָס בעטגעוואַנט אין די בעטן איז געווען ווייס ווי שניי און האָט גע־שמעקט מיט בשמים און געווירצן.

די פרעמדע יידן זענען אַריינגעפאַלן אין זייער אַ זיסן שלאָף.

פּלוצים וועקט זיי דער בעל־רוח־הקודש:

— שטייט אויף, טייערע יידן, און גייט אין דער מקווה אריין לכבוד שבת.

ער האָט שמואל־שעפּסלען און די בת־מלכה אַוועקגעפירט אין צוויי באַזונדערע מיקוואות וואָס ביי אַלע מלכי מזרח ומערב געפינט זיך נישט אַזוינס און אַזעלכעס.

נאָך דער מקווה האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געשפּירט ווי אַלע זיינע איברים זענען פריש און לייכט ממש כולו רוחניות. אַלע תענוגי עולם־הזה זענען וואַרע קינדער־שפּילן קעגן דעם תענוג פון דער דאָזיקער מקווה.

דאָס נעמלעכע האָט געזאָגט די בת־מלכה רחלע ווען זי איז אַרויס־געקומען פון דער ווייבערישער מקווה. שמואל־שעפּסלשי — האָט זי גע־זאָגט — וואָס איז דער גאַנצער גוישער עולם־הזה אַקעגן אַ יידישער מקווה ערב־שבת־קודש?

אַחר זה האָט ער זיי אַריינגעפירט אין אַ סאַליע. זי האָט געהייסן די שבת־סאַליע.

# קאַפּיטל אַכט

דאָס בית־המדרש און די שול פון גן־עדן־התחתון. — אַ קלוגע עצה פאַר די לייענער.

עס גלויבט זיך מיר עפּעס נישט צו, אַז אין גאַר די תפוצות־ישראל זאָל זיך געפינען אַ ייִד אַ מחבר וואָס זאָל וועלן זיין אַזאַ שוטה און נעמען די פּען אין האַנט אַריין און זיך אַוועקזעצן אויפן שוסטער־בענקל און באַשרייבן אַזאַ מין שבת־סאַליע אין דעם פּאַלאַץ פון דעם בעל־רוח־הקודש — פונדעסטוועגן וועלן מיר פּרווון זי צו באַשרייבן.

די סאַליע איז געווען געמויערט פון לויטער אבנים־טובות. די אבנים טובות האָבן געשעמערירט מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן, די באַלקנס פון דער סאַליע זענען געווען אייטל פּערל. די דילן — פון קאַראַלן־האָלץ — און זיי האָבן געגלאַנצט ווי די בליצן אין אַ פינצטערער געוויטער־נאַכט. אינמיטן פון דער סאַליע זענען געשטאַנען פיר זיילן. יעדער זייל איז געווען פון איין דימענט־שטיין און ער איז געווען צען איילן הויך און זעקס איילן דיק. עס האָט נישט געפעלט קיין צאָל צו דער מאָס. יעדער זייל האָט אויף זיך געטראָגן אַ קרוין פון אַן אבן־טוב. די קרוין האָט אויך שעמערירט מיט אַלע פאַרבן פון רעגנבויגן. אין מיטן פון די פיר זיילן איז געשטאַנען אַ טיש פון אַן אבן־טוב. פיר איילן די ברייט. ער האָט אויך געלויכטן ווי די וועלט. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ גינגאָלדענע מנורה. קעגן דער דאָזיקער מנורה האָט די זון אויסגעקוקט ווי אַ קוימענקערער. אויפן טיש זענען געשטאַנען אַלערליי כלים און געפעסן. זיי זענען אויך געווען געמאַכט פון לויטער אבנים־טובות, ברילויאַנטן און שמאַראַגדן.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געשאַצט און געשאַצט און נישט געקאָנט דערגיין צו קיין חשבון.

אחר הדברים האלה, ווען דער בעל רוח הקודש האָט זיי אַריינגע־

פירט אין דער שבת־סאַליע, האָט ער געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען און צו דער בת־מלכה:

— טוט זיך איבער לכבוד שבת, טייערע יידן.

און ער האָט אַ רוף געטאָן אין דער לופטן אַריין:

— זאָלן זיין בגדי־שבת פאַר די טייערע יידן!

תוך כדי דיבור האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט פון דער לופטן צוויי פּעק־לעך מיט מאַנסבילישע און ווייבערישע מלבושים. סאַמע גינגאָלד. זיי האָבן געלויכטן ווי די זון אין איר פוטער־פעסל.

ווען ר׳ שמואל־שעפּסל און די בת־מלכה רחלע האָבן זיך אַ טו־אָן־געגעבן אָט די ווונדערלעכע בגדי־שבת, האָבן זיי זיך שוין גאָר אינגאנצן געפילט כולו רוחניות און האָבן פאַרגעסן אַלע קיניגרייכן און אַלע אינדז־לען אויפן ים אוקינוס.

שפּעטער האָט דער ייד זיי אַראָפּגעפירט אין לוסט־גאָרטן אַריין וואָס הינטער דעם פּאַלאַץ.

דאָרט זענען געשטאַנען אַ שול און אַ בית־המדרש.

אינעם בית־המדרש האָבן זיך געפונען אַלע ספרים פון דער תורה כולה. אָנגעהויבן פון די עשרת־הדיברות וואָס זענען געגעבן געוואָרן אויפן באַרג סיני, ביז צו דעם לעצטן חיבור וואָס אַ פּוילישער רב האָט אָקערשט געלאָזט אָפּדרוקן און ער פאָרט נאָך דערמיט אַרום איבער דער מדינה און זאַמלט פּרענומעראַנטן.

די ספרים זענען געשטאַנען אין אלמערס פון דימענטן.

איצטער ווען מיר זיך אַ נעם טאָן צו דער שול.

די ווענט פון דער שול זענען געווען פון אבנים־טובות. יעדער אבן־טוב איז געווען דריי איילן לאַנג, דריי איילן ברייט און דריי איילן דיק. יעדער האָט געהאט אַן אַנדערע קאָליר פון די קאָלירן פון רעגנבויגן. דער דאַך פון דער שול איז געווען פון גינגאָלד זהב טהור. די שול האָט געהאט צוועלף פענצטער ווערליק דעם מספר פון די צוועלף שבטי־ישראל. די שויבן פון די פענצטער זענען געווען געמאָלט מיט געמעלעכצן פון בלוי און גאָלד. אויף די געמעלעכצן האָט מען געזען ארץ־ישראל און דעם גן־עדן־העליון.

י. י. טרונק

**
*

אמר הקטן המחבר: טייערע לייענער און דער עיקר, טייערע לייע־נערינס! האָרכט מיין קלוגע עצה. נעמט אַלע תענוגי־עולם־הזה, פאַר־בינדט זיי אין אַ פּאַטשיילע און לייגט זיי אַוועק הינטערן פּריפּעטשיק. גרייט אייך בעסער צו לייענען, — אם ירצה השם וועט מיר וועלן עס דערלעבן — אין נאָענטן קאַפּיטל — ווי אַזוי עס קוקט אויס די שול אין גן־עדן־התחתון און ווי אזוי מען איז דאָרט מקבל שבת. אייער תענוג־רוחני וועט זיין אין לשער און איך בין אייך שוין מקנא.

## קאַפּיטל נײַן

דאָס בית־המדרש און די שול אין גן־עדן־התחתון. —יידן און חפצים דאַוונען און זינגען שבתדיקע זמירות.

דאָס אָרון־קודש פון דער שול איז געווען פון אַן איין און איינציקן אבן־טוב. זיין קאָליר איז געווען בלוי און שעמערירנדיק ווי דער הימל אין חודש תמוז. די ספרי־תורות זענען געווען אָנגעטאָן אין בלויע מענ־טעלעך. די מענטעלעך האָבן געפינקלט מיט הימל־ליכט. דעם ווערט פון די אבנים־טובות וואָס האָבן אויף זיי געהאָנגען, וואָלטן די גרעסטע רעכנ־מייסטער אין דער וועלט נישט געקאָנט דערשאַצן.

דאָס פּרוכת איבערן אָרון־קודש איז געווען פון אַ שטיק רויטן פּור־פּור און עס האָט אויסגעקוקט ווי טונקל פייער געמישט מיט גאָלד. אויפן פּרוכת זענען געווען אויסגעהאָפטן צוויי גאָלדענע לייבן. זיי האָבן גע־האַלטן אַ כתר־תורה. אונטער די לייבן איז געשטאַנען געשריבן מיט זילבערנע אותיות כהאי לישנא: דאָס דאָזיקע פּרוכת האָט אייגנהענטיק געהאָפטן די מאמע רחל און עס האָבן איר דערביי צוגעהאָלפן די איבריקע דריי אמהות.

די שול איז פול געווען מיט לייכטערס, הענגלייכטערס און מנורות, פאַרשטייט זיך, אַז פון סאמע זהב־טהור. די נעמלעכע לייכטערס און מנורות האָבן זיך פון־זיך־אַליין אָנגעצונדן אַ שעה פאַרן אָנקומען פון שבת־קודש. צוויי שעה נאָך דער הבדלה פון מוצאי־שבת האָבן זיי זיך פון־זיך־אַליין פאַרלאָשן.

צו דערציילן פון דעם באַלעמער פון דער שול איז שוין באמת אַן אונטערנעמעניש. איך זאָל מיך אַוועקזעצן שרייבן זיבן טעג און זיבן נעכט, — פאַר מיר זאָל שטיין אַ טינטער וואָס איז אזוי טיף ווי דער ברונעם פון וועלכן יעקב־אבינו האָט אָנגעטרונקען די שאָף פון דער מאמע רחל — וועט אויך מער נישט אַרויסקומען ווי אַ טראָפּן פון ים.

איז דאָך, ווי מיר ווייסן, נישטאָ אויף דער וועלט דער מחבר וואָס זאָל זאָגן, אַז ער קאָן עפּעס נישט און זיך אַוועקלייגן איבערן בענקל מחמת דערימעך וועל איך פּרוון צו באַשרייבן אויך דעם באַלעמער.

אַרום דעם באַלעמער זענען געשטאַנען פיר און צוואַנציק לייבן. יע־דער לייב איז געווען אויסגעהאַקט פון אַ גרויסן בריליאַנט. אין די פאָ־דערשטע לאַפּעס האָט ער געהאַלטן צוויי גאָלדענע אָדלערס. די אָדלערס האָבן אויסגעשפּרייט זייערע פליגל איבערן באַלעמער ווי אַ חופה פון זהב־טהור. איבערן באַלעמער האָט געהאַנגען אַ הענגלייכטער פון לויטער דיי־מענטן. ער האָט געהאַט צען טויזנט רערן און האָט געלויכטן ווי אַלע זיבן זונען אין דעם טאָג ווען דער רבונו של עולם האָט געזאָגט איבער דער וועלט: כי טוב!

צו קבלת־שבת האָט זיך די שול אָנגעפילט מיט יידן. עפּעס אויס־טערלישע יידן. אויף די קעפּ האָבן זיי געטראָגן שטריימלעך מיט שפּיצן און זייערע פּנימער האָבן געלויכטן ווי די שטערן.

דער אַלטער בעל־רוח־הקודש האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַרן עמוד. מיט אַ זעלטן מתיקותדיק קול האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען „לכו־נרננה".

ר' שמואל־שעפּסל האָט געמיינט, אַז אָט נעמט ער און שווימט אַוועק אין כולו רוחניות. ממש ער האָט שוין נישט מער געשפּירט זיין גוף.

אַלע יידן אין דער שול, אַלע הענגלייכטער און מנורות, דער אָרון־קודש און דער באַלעמער האָבן פלוצים ווי געעפנט מיילער און מיטגעזונ־גען „לכו־נרננה".

רחלע די בת־מלכה איז געזעסן אויבן אין אַ גינגאָלדענער ווייבער־שול. שפּעטער האָט זי געזאָגט צו ר' שמואל־שעפּסלען כהאי לישנא:

— איך בין דאָך נישט מער ווי אַ נאַרישע אשה און איבער הונדערט און צוואַנציק יאָר אין גן־עדן וועל איך דאָך בלויז זיין דיין פוסבענקעלע

— אָבער ווען איך האָב געהערט דאָס געזאַנג פון די מאַנסבילן אונטן אין דער שול בין איך זיכער געווען, אַז די נשמה גייט מיר אויס פון גרויס רוחניות.

נאָכן דאַווענען האָבן אַלע יידן צוזאַמען מיטן בעל־רוח־הקודש זיך

אויסגעדרייט מיט די פנימער צו ר׳ שמואל־שעפסלען און בקול אחד צו אים געזאָגט:

— גוט שבת, טייערער ייד.

דערנאָך האָבן אָט די אַלע לייכטנדיקע יידן, בראָש מיט דעם אַלטן, ר׳ שמואל־שעפסלען מיט דער בת־מלכה צוריק אָוועקגעפירט אין דער שבת־סאַליע.

דאָרט איז געשטאַנען אַ גרויסער גאָלדענער טיש געגרייט לכבוד שבת. רויט־פינקלדיקער קידוש־וויין אין אַ פלאַש פון אַ ברילייאַנט און אַ זילבערנער קידוש־בעכער אויסגראַווירט מיט געמעלעכצער און מיט פסוקים פון דער ערשטער פרשה פון חומש בראשית. עס זענען אויך געלעגן צוויי חלות צוגעדעקט מיט אַ חלה־טישטעכל פון סאמע פערל. דאָרט איז געווען אויסגעניייט מיט גאָלדענע אותיות כהאי לישנאַ: דאָס דאָזיקע חלה־טישטעכל האָט אייגנהענדיק געהאָפטן די מאמע רחל אונ־טער דעם שאָטן פון אַ בוים פון גן־עדן־העליון.

מען האָט ר׳ שמואל־שעפסלען געהייסן מאַכן קידוש און מוציא זיין דעם גאַנצן עולם.

אַ ייד פון עולם — זיין פנים האָט געלויכטן ווי די לבנה ווען מען איז זי מחדש. ער האָט געטראָגן אויפן קאָפּ אַ שטריימל מיט שפיצן — האָט געבראַכט צוויי גאָלדענע שעפן מיט וואַסער און צוויי גאָלדענע שיסלען און געהייסן ר׳ שמואל־שעפסלען מיט דער בת־מלכה זיך וואַשן צו דער סעודת־שבת.

די פרעמדע האָבן זיך שטאַרק געחידושט, וואָס דער עולם יידן, בראָש מיטן אַלטן, זעצן זיך נישט צום טיש, רק שטייען גרייט ווי שמשים און ווילן באַדינען.

האָבן זיי אָבער מורא געהאַט צו פרעגן און מיט גרויס ציטערניש און פלאָטערניש געמאַכט אַ המוציא איבער די חלות.

די יידן פון סאמע אור האָבן אָנגעהויבן אריינצוטראָגן מאַכלים אויף טעלערס פון גאָלד און ברילייאַנטן.

ר׳ שמואל־שעפסל האָט אויף טשיקאַווס געציילט די מאכלים. עס זענען געווען קיילעכדיקע טויזנט געקעכצן.

דאָ וועט דער לייענער פרעגן ביים מחבר: היתכן ר׳ ייד? איר פאַר־קריכט דאָך שוין גאָר מיטן דישל קיין בויבעריק. אַ יהדות פון אַ פאַרפאַ־סער צו וועלן איינשמועסן דעם עולם, אַז אויף איין שבת־מאָלצייט עסן מענטשן אויף טויזנט געקעכצן!

איז דער תירוץ: רוחניות! אויף רוחניות פרעגט מען נישט קיין קשיות.

נאָכדעם האָבן אַלע גן־עדן־יידן אָנגעהויבן צו זינגען שבתדיקע זמירות. דאָס מתיקות פון די זמירות זענען מיר שוין באמת נישט בכח צו באַשרייבן. ווי נאָר דער עולם יידן האָבן געעפנט די מיילער, האָבן אַלע שטולן, מנורות און כלים וואָס האָבן זיך געפונען אין דער שבת־סאליע אויך אָנגעהויבן צו זינגען. אַפילו די טעלערס פון וועלכע ר׳ שמואל־שעפסל מיט דער בת־מלכה האָבן געהאט געגעסן האָבן מיטגעזונגען די שבתדיקע זמירות. די לעפל, גאָפל און מעסערס אויפן טיש האָבן אויך ווי געעפנט אַ מויל און מיטגעזונגען זמירות.

דאָס מתיקות פון דעם שבת־געזאנג פון מענטשן און שטומע כלים איז גאָר געווען אין לשער.

אַזוי האָט עס געדויערט ביז האַלבער נאַכט.

נאָכדעם האָט מען ר׳ שמואל־שעפסלען געהייסן בענטשן.

ווי נאָר ר׳ שמואל־שעפסל האָט געהאט אָפּגעבענטשט — איז אלצ־דינג פלוצים נעלם געוואָרן אין דער לופטן — ר׳ שמואל־שעפסל מיט דער בת־מלכה רחלע זענען געבליבן אַליין.

זיי האָבן נישט באַוויזן לאַנג צו טראַכטן — מחמת באותו הרגע איז זיי באַפאלן אַ זיסער שלאָף.

## קאַפּיטל צען

אין לוסט־גאָרטן. — שלוש־סעודות.

ויהי בבוקר — שבת אינדערפרי האָט דער אַלטער ייד ווידער גע־וועקט. ער האָט די פרעמדע יידן געגומען אין דער שול אַריין.

ווידער איז געווען דאָס טייערע דאַווענען. ביי קריאת־התורה האָט מען ר׳ שמואל־שעפּסלען מכבד געווען מיט „ששי״.

דערנאָך האָט מען זיי ווידער אַריינגעפירט אין דער שבת־סאַליע. ווידער האָבן אַלע זיי באַדינט. ווידער האָט מען זיי געגעבן טויזנט מינים פון מאכלי־שבת — פאַרשטייט זיך, אַז פון סאמע רוחניות. ווידער האָט דער גאנצער עולם יידן צוזאמען מיט די טויטע כלי־בית געזונגען שבת־דיקע זמירות.

נאָך דער שבתדיקער סעודה האָט זיי דער אַלטער בעל־רוח־הקודש מכבד געווען מיט שבת־אויבסטן. אויף די טעמים פון די אויבסטן איז שוין ווייניק צו זאָגן רוחניות. מען מוז זאָגן: רוחניות שברוחניות.

דערנאָך האָט דער אַלטער ר׳ שמואל־שעפּסלען מיט דער בת־מלכה אַראָפּגעפירט אין לוסט־גאָרטן אריין און איז דאָרט מיט זיי געגאנגען שפּאצירן לכבוד שבת.

דיביימער וואָס זענען געוואקסן אין דעם לוסט־גאָרטן האָבן אויף זיך געטראָגן אַלע פּירות פון דער וועלט. פון האָזענע ניסלעך ביז צו אתרוגים און מילגרוימען. נישט מער, וואָס אַפילו די האָזענע ניסלעך האָבן געשמעקט מיט אַלע ריחות פון גן־עדן. דאָרט זענען אויך געוואקסן אַלע בלומען פון דער וועלט, פון קלענסטן ביזן גרעסטן, פון דעם וואָל־וועלסטן בלימעלע וואָס ביי אַן אָרעמאן אין בלומען־טאָפּ ביז צו די טייערסטע רויזן וואָס שמעקן אויף די טישן פון די מלכי־ארץ. אויף די

ביימער זענען געזעסן אַלע מינים פייגל פון דער וועלט. די פייגל האָבן זייער זיס געזונגען שבתדיקע זמירות און טאַקע אויף לשון־קודש. די ביימער און די בלומען האָבן מיטגעזונגען — און אויך אויף לשון־קודש.

דערנאָך האָט זיי דער אַלטער צוגעפירט צו גרויסע קלאָרע וואַסערן וואָס זענען געפלאָסן אין לוסט־גאָרטן. אַרום די וואַסערן זענען געשטאַנען אַלע חיות און בהמות פון גאָר דער וועלט, פון אַ לעמפּערט ביז אַ לעמעלע. זיי האָבן אַלע אויפגעהויבן די קעפּ און אָנגעקוקט ר׳ שמואל־שעפּסלען מיט דער בת־מלכה רחלע. דערביי האָבן זיי, די באַשעפענישן הייסט עס, געזונגען שבתדיקע זמירות און, פאַרשטייט זיך, אַז אויף לשון־קודש.

ר׳ שמואל־שעפּסל מיט זיין כלה די בת־מלכה האָבן געשפּירט ווי ממש זיי גייען אויס פון מתיקות.

דערנאָך האָט זיי דער אַלטער צוריקגעפירט אין שול אַריין. דאָרט האָט מען געדאַוונט די שבתדיקע מנחה. נאָך מנחה האָט דער עולם יידן זיי צוריקגעפירט אין דער שבת־סאַליע און זיי געהייסן זיך וואַשן צו שלוש־סעודות.

צו דער סעודה פון שלוש־סעודות האָט מען זיי דערלאַנגט טויזנט מיט אַכט הונדערט רוחניותדיקע פּאַטראַוועס, כמנין ח״י. די טעמים פון די דאָזיקע פּאַטראַוועס זענען געווען פון די העכסטע מדרגות פון דעם תענוג וואָס אַ צונג קאָן נאָר געניסן.

דערנאָך האָבן די יידן און די שטוב־חפצים צוזאַמען געזונגען: „בני היכלא דכסיפין״.

ווען נישט וואָס סוף כל סוף איז מען דערגאַנגען צום בענטשן איז ווער ווייסט צי ר׳ שמואל־שעפּסל מיט דער בת־מלכה וואָלטן געקאָנט איבערטראָגן דעם כלות־הנפש.

דערנאָך האָט מען געמאַכט הבדלה, געזאָגט „ויתן לך״ און געדאַוונט מעריב.

ערשט נאָך מעריב האָט זיך דער אַלטער בעל־רוח־הקודש צוגעזעצט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען, ויפתח את פיו — און ער האָט אָנגעהויבן מיט אים צו שמועסן.

— ווייסט איר, ר׳ שמואל־שעפּסל סערדצע — האָט ער געפרעגט

מיט גרויס בנעימות — ווו איר זענט, און ווער מיר זענען, און ווו איר האָט געהאלטן שבת־קודש?

ר׳ שמואל־שעפסל האָט פאַרשטייט זיך געשוויגן און אָנגעקוקט דעם אַלטן ייד.

— חנה, זייט וויסן ר׳ שמואל־שעפסל, אַז אָט דער גאַנצער פּאלאַץ, די שול און דאָס בית־המדרש מיט זייער גאַנץ עשרות וגם דער לוסט־גאָרטן וואָס איר האָט געזען און אַלצדינג וואָס געפינט זיך אין אים אַל־דאָס זעלטענע כל־טוב איז אייערס. איר זענט דאָ דער באַלעבאָס. איך און די יידן וואָס איר האָט דאָ געזען זענען גייערט אייערע משמשים. מיר אַלע זענען באשאפן געוואָרן פון דער מצווה שלוש־סעודות וואָס איר האָט זיך פאַר איר מוסר־נפש געווען ווי אויך פון די אַנדערע נסיונות וואָס איר זענט בייגעשטאנען. דאָס ליכט אין וועלכן איר האָט אונדז געזען לייכטן, איז דאָס ליכט פון אייער נשמה. נאָר אין אייער זכות האָבן מיר אַ קיום אין גאָר די אַלע וועלטן פון אויבן און פון אונטן. זייט וויסן, ר׳ שמואל־שעפסל, אַז איך בין עס געווען דער פיש וואָס האָט אייך איינגעשלונגען אין ים בעת איר האָט באַוויזן פקוח־נפש און געוואָלט אַנטלויפן פון די נעצן פון יצר־הרע.

— און דאָך — האָט דער אַלטער ייד געטאָן אַ שמייכל און זיך גע־גלעט ביי זיין שיינער גראָער באָרד — די אַלע פּאַלאַצן און עשרותן וואָס מען האָט אייך געוויזן זענען נישט מער ווי אַ טיפּה מן הים אַקעגן דעם וואָס עס דערוואַרט אייך ווען איר וועט ווייטער גיין אויף דעם וועג פון תורה, יידישקייט און מסירת־נפש.

און דער אַלטער ייד האָט אַרויסגענומען דריי האָר, אַ רויטע האָר, אַ שוואַרצע האָר און אַ ווייסע האָר, און האָט זיי דערלאנגט ר׳ שמואל־שעפסלען.

— דאָ האָט איר — האָט ער געזאָגט — טייערער ר׳ שמואל־שעפסל בעל־נסיון, דריי האָר פון דריי פערד. ווען איר וועט חלילה אַמאָל זיין אין אַ סכנה צי אין אן אומגליק — וואָרעם דער בעל־דבר קאָן נישט שלאָפן איבער אַזעלכע יידן ווי איר זענט און ער טראַכט נאָר אייך בייצו־קומען סיי מיט גוטן און סיי מיט בייזן — ווען איר וועט זען, אַז כלו כל

הקצין, איז נעמט־זשע, זייט מוחל, און טוט אַ בויג איינע פון די דריי האָר. תוך כדי דיבור וועט קומען אַ פערד פון דעם זעלבן קאָליר וואָס די האָר. אויפן זאָטל פון פערד וועלן ליגן אַלערליי כלי־זין און אַנדערע זאכן און איר וועט באַלד האָבן די גרויסע ישועה.

— מער האָב איך שוין נישט קיין רשות מיט אייך צו פאַרבלייבן — האָט דער אַלטער ייד געזאָגט און אָנגענומען ר׳ שמואל־שעפסלען און רחלען די בת־מלכה פאַר די הענט.

באותו הרגע האָבן זיי געשפּירט ווי זיי ווערן לייכט געהויבן אין דער לופטן. אָט זענען זיי שוין אין די וואָלקנס.

זיי האָבן אויף טשיקאַווּעסט פון די וואָלקנס אַראָפּגעקוקט אונטן אויפן שיינעם אינדזל. זיי האָבן געזען ווי דאָס אינדזל פאַרשווינדט ווי אַ זייפנבלאָז.

אונטער זייערע בליקן האָט זיך הויך געפּאַליעט דער ים אוקינוס.

עס האָט נישט לאנג געדויערט און זיי האָבן געשפּירט ווי זיי ווערן לייכט אַראָפּגעלאָזט פון די הויכענישן.

מען האָט זיי אַרונטערגעלאָזט הינטער אַ גרויסער שטאָט.

## קאַפּיטל עלף

ירושלים עיר הקודש צי חלילה סדום?

פּאַמעלעכל איז געוואָרן דריי שעה אין דער נאַכט. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך מיישב געווען מיט זיין כלה דער בת־מלכּה רחלע, צי זאָלן זיי אין דער נאַכט אַריינגיין אין אַ פרעמדער שטאָט?

— ניין, שמואל־שעפּסלשי — האָט רחלע געזאָגט — מען קומט נישט אַריין אין אַ פרעמדער שטאָט ביינאַכט. ווער ווייסט וואָס אַ פרעמדע שטאָט איז? אפשר איז עס ירושלים עיר הקודש און אפשר איז עס חלילה סדום? אַ פרעמדע שטאָט איז אזוי ווי אַ פרעמד מענטשלעך פּנים. צום ערשטן מאָל מוז מען עס אָנקוקן אין דער ליכטיקייט.

— ביסט אַ חכמה נפלאה און אַ וויל־געלערנטע. מען מעג זיך ביי דיר לערנען מידות — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזאָגט מיט גרויס צו־פרידנקייט.

— וואָס דען מיינסטו, נאַרעלע — האָט רחלע געזאָגט — מען האָט דיר פון הימל צוגעשיקט עפּעס אַבי דאָרט אַ זווג?

# פינפט בילד

## קאפיטל איינס

דער עולם־התחתון האט אויך פשט, דרוש און סוד.

ר׳ שמואל־שעפסל מיט דער בת־מלכה האבן זיך מיישב געווען: מיר וועלן בעסער איבער נאכט בלייבן מחוץ לעיר.

פלוצים האבן זיי דערזען, ווי פונדערווייטנס בלישטשעט עפעס א קליין פענצטערל. האבן זיי זיך ווידער מיישב געווען: מיר וועלן אהין גיין אין דעם שטיבעלע וואס הינטער דער שטאט און דארט וועלן מיר אפווארטן דעם כלחוץ. אויסגעלאזט האט זיך, אז אין דעם שטיבעלע האט געוווינט אן אלטער ייד אן ארעמאן מיט זיין ווייב, אן אלטע יידענע.

כידוע, האבן ארעמעלייט גוטע לבבות און זיי זענען מכניסי־אורח. דאס אלטע פאר־פאלק האט זיך טאקע שטארק דערפרייט מיט די פרעמדע יידן וואס האבן שפעט ביינאכט אנגעקלאפט אין זייער טיר. זיי האבן די פרעמדע געגעבן צו עסן וואס איז קוים־קוים איבערגעבליבן פון דער קבצנישער וועטשערע. מען האט געוויזן אויף צוויי הארטע צעבראכענע בענק און געווינטשעוועט ר׳ שמואל־שעפסלען מיט דער בת־מלכה א גוטע נאכט.

רחלע האט זיך געטראכט: אט נעכטן זענען מיר געשלאפן אויף גינ־גאלדענע בעטן אין א וואונדערלעכן פאלאץ, און אט שלאפן מיר אויף הארטע צעבראכענע בענק ביי אן ארעמאן אין שטיבעלע. דער גלגל־החוזר דרייט זיך מיר עפעס הענדום־פענדום — האט זי געטראכט אינ־מיטן קריאת־שמע ליינען — דאס מוז האבן עפעס א באטייט — האט זי געזאגט צו ר׳ שמואל־שעפסלען.

— וואס דען מיינסטו, נארעלע? — האט איר ר׳ שמואל־שעפסל געענטפערט און אויך אינמיטן קריאת־שמע־ליינען — די וועלט איז אויף דער האר געגליכן צו דער תורה. פונקט ווי די מעשיות פון דער תורה באטייט אויך יעדעס געשעעניש אין דער וועלט סיי פשט, סיי דרוש און סיי סוד.

## קאַפּיטל צװײ

ר׳ שמואל־שעפּסל פֿאַרשטעלט רחלען פֿאַר אַ בן־זכר.

וישכב על משכבו — אַ גאַנצע נאַכט איז ר׳ שמואל־שעפּסל געלעגן אויף דער האַרטער אָרעמאַנסקער באַנק און האָט קיין אויג נישט צוגע־טאָן. וואָס טוט מען ווייטער? האָט ער געטראַכט אין זיינע מחשבות.

צומאָרגנס אינדערפֿרי האָט ער געקוקט דעם אָרעמאַן אין פּנים אַריין און געזען, אַז עס איז אַן ערלעכער ייד. האָט ער, ר׳ שמואל־שעפּסל הייסט עס, אויפֿגעבונדן די פּאַטשיילע און פֿון דאָרט אַרויסגענומען אַ בריליאַנט פֿון די בריליאַנטן וואָס ער האָט אויפֿגעקליבן אינווייניק אינעם פֿיש. דעם בריליאַנט האָט ער דערלאַנגט דעם ייד דעם אָרעמאַן און צו אים געזאָגט כהאי לישנאָ:

— דאָ האָט איר אַ טייערן אבן־טוב, ר׳ קרוב. גייט דערמיט צו די גרויסע אַדירים פֿון דער דאָזיקער שטאָט און פֿאַרקויפֿט דעם איידלשטיין. איר זאָלט פֿאַר אים נישט נעמען אַ פּרוטה ווייניקער ווי צוואַנציק טויזנט גאָלדענע דוקאַטן. ער איז ווערט אַ סך מער. נאָר זאָל מיינס איבערגיין און זאָלן זיי דאָרט כאַפּן אַ מציאה.

דער אָרעמאַן האָט גענומען דעם בריליאַנט און איז מיט אים אַוועק־געגאַנגען אין שטאָט אַריין. כנראה, זענען דאָרט געווען מבינים אויף בריליאַנטן און זיי האָבן געזען, אַז צוואַנציק טויזנט גאָלדענע דוקאַטן פֿאַר אָט דעם שטיין איז פּשוט נישט מער ווי אַ זאַק באָרשט.

דער אָרעמאַן איז טאַקע באַלד צוריק אַהיימגעקומען. די צוואַנציק טויזנט גאָלדענע דוקאַטן האָט ער נעבעך געהאַט איינגעוויקלט אין אַ שמאַטע. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט דעם קבצן געגעבן טויזנט גאָלדענע דו־קאַטן שכר־טירחה און האָט ביי אים גענומען תקיעת־כּף אַז די גאַנצע מעשה זאָל בלייבן בסוד. דערנאָך האָט ער דעם געוועזענעם אָרעמאַן (מחמת ער האָט שוין איצט פֿאַרמאָגט טויזנט דוקאַטן מוזן מ׳יר אים רופֿן

געוועזענעם אָרעמאַן) געגעבן געלט און אים געהייסן צוריק גיין אין שטאָט אַריין און דאָרט קויפן חשובע מאַנסבילישע מלבושים פאַר זיך און פאַר דער בת־מלכה. ר׳ שמואל־שעפסל האָט געהאט בדעה דערוויל רחלען צו פאַרשטעלן פאַר אַ בן־זכר.

## קאַפּיטל דריי

נפשו חשקה בתורה.

נאָכדעם ווי די בת־מלכה רחלע האָט זיך איבערגעטאָן פּאַר אַ מאנס־ביל, איז זי צוזאמען מיט ר׳ שמואל־שעפּסלען אַוועקגעגאנגען אין דער שטאָט.ביידע האָבן אויסגעקוקט ווי צוויי יונגעלייט תלמידי־חכמים.

די שטאָט איז געווען אַ כרך־גדול פון מסחר און זי איז געלעגן על שפת הים. פון דאנען ביז צו די אינדזלען פון רחלס טאַטע דעם מלך איז געווען סך־הכל דריי הונדערט ים־מייל. רחלע האָט תחילת געטראַכט זיך נאָכצופרעגן אויף אַ שיף וואָס גייט אַהין און פאָרן אהיים צוזאמען מיט איר זיווג ר׳ שמואל־שעפּסלען און צו שטעלן דאָרט מיט אים למזל אַ חופה.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט צו איר אָבער געזאָגט כהאי לישנאָ:

— דערווייל האָב איך נישט קיין חשק צוריק צו פאָרן צו דיינע אינדזלען — האָט ער געזאָגט — איך האָב גאָר בדעה הי צו עפענען אַ גרויסע שניט־קראָם. דו, רחלע, וועסט זיך אַוועקשטעלן ווי אַן אשת־חיל הינטערן קראָם־טיש און פירן מסחר. איך אָבער וועל מיך אַוועקזעצן אין אַ חדר־מיוחד אין דער זייט פון דער קראָם און מיך דאָרט נעמען צו ש״ס ופוסקים. פּשוט עס ברענט אין מיר אַ יצר־הרע צו דער תורה. איך בין שוין לאנג נישט געזעסן געשמאק ביי דער גמרא. די גמרא, רחלע, האָט אַ טבע, אַז ווען מען זיצט נישט ביי איר יומם־ולילה ווערט זי ברוגז און פליט אַרויס פון זכרון.

רחלע די בת־מלכה האָט אים געענטפערט:

— הלמאי זאָל איך זאָגן, שמואל־שעפּסלשי? ביסט אַן ערלעכער ייד, — און ס׳האָט גאָרנישט קיין שיעור צו דעם, וויפל אַ ייד באַדאַרף זיין קוצעניו־מוצעניו מיט דער גמרא.

## קאַפּיטל פיר

ר׳ שמואל־שעפּסל זיצט בײַ דער גמרא און רחלע איז אַ סוחרטע
און מאַכט די פּאָר טאָלער.

ויעש — ר׳ שמואל־שעפּסל האָט טאַקע געקויפט אַ הויז מיט אַ גרויסער קראָם און האָט דאָרט די פּאַליצעס אָנגעשפּיקעוועט מיט אַלערלײַ צעלניק און שניט־סחורה ביז צו דער סטעליע. רחלע — די פאַרשטעלטע בת־מלכה — איז געוואָרן אַ ייִד אַ סוחר. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין מסחר איז זי נישט קיין קלענערע בריה ווי אין דער הנהגת־המלוכה. זי האָט געהאַט אַ פּיפּיק קעפּל. אַלטע ייִדן סוחרים האָבן געמעגט בײַ איר גיין אין חדר אַרײַן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די שניט־קראָם איז אַוועק — אויף אַלע ייִדן געזאָגט. רחלע האָט געהאַט אַ נאָמען אין דער שטאָט ווי אַ ייִד וואָס עס פידלט אים דער הלוך־ייִלך און ער מאַכט די אמתע פּאָר טאָלער.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך נישט געמישט אין מסחר. ער איז יומם־ולילה געזעסן אין זײַן חדר־מיוחד על התורה ועל העבודה. ער האָט פאַרגעסן אַלע תענוגי־עולם־הזה. אויף אַלע כתר־מלכותן האָט ער געקוקט ווי אויף אייטל הבל־הבלים. נפשו חשקה בתורה — דאָס גלוסטעניש צו דער גמרא האָט אין אים געברענט ווי אַ פלאַם.

יעדן טאָג איז רחלע צו אים אַרײַנגעקומען אויף אַ שעה, און ער האָט מיט איר געלערנט ספרי־מוסר און שבע־חכמות.

אַזוי איז פאַרגאַנגען אַ יאָר.

מאַכט זיך אַמאָל אַ מעשה —

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן מיט אַ האַרבן רמב״ם. ער האָט איבער אים קיין אויג נישט צוגעמאַכט און דער רמב״ם רירט זיך נישט פון אָרט.

האָט זיך ר' שמואל־שעפסל מיישב געווען:

— איך וועל מיר אַביסל אַרויסגיין אויף דער פרישער לופט. אין די מחיהדיקע ווינטעלעך וואָס בלאָזן אויף די ברעגעס פון ים וועט מיר אפשר גיכער איינפאַלן ווי אַזוי צו פאַרענטפערן דעם רמב"ם. עס איז דאָך נישט מיגלעך אַז דער רמב"ם זאָל שוין בלייבן האַרב אויף עולמות.

## קאַפּיטל פינף

ים־פּיראַטן כאַפּן ר׳ שמואל־שעפּסלען און ווילן אים פאַרקויפן
פאַר אַ וואַסער־טרעגער.

כך חוה — ווי גאַר ר׳ שמואל־שעפּסל איז אַרויסגעגאַנגען צום ים, און דאָס ערשטע וואַרעמע ווינטל האָט אים אַ בלאָז געטאָן אין פּנים אַריין, האָט עס ממש אַוועקגעבלאָזן אַלע קשיות אויפן רמב״ם. ביי ר׳ שמואל־שעפּסלען אין קאָפּ איז געוואָרן אַ שלום־ושלוה. די קשיות מיט די תירוצים זענען צווישן זיך געוואָרן קוצעניו־מוצעניו. פון גרויסן תענוג־רוחני האָט זיך ר׳ שמואל־שעפּסל אַוועקגעלייגט אויפן זאמד און איז טאַקע באלד אַנטשלאָפן געוואָרן.

ר׳ שמואל־שעפּסל שלאָפט זיך געשמאַק און עס חלומען זיך אים גייע תירוצים אויף אַלערליי האַרבע קשיות. פּלוצים שווימט צו צום ברעג אַ שיף מיט ים־גזלנים. בלשון אשכנז רופט מען זיי פּיראַטן. די פּרנסה פון די דאָזיקע לייט איז, צו כאַפּן מענטשן ווו עס לאָזט זיך נאָר. די געכאַפּטע מענטשן פירן זיי אַוועק אין אַלערליי ווייטע מדינות און פאַרקויפן זיי דאָרט פאַר קנעכט און דינסטמיידן. טאָמער געראָט זיי צו כאַפּן אַ מענטש מיט אַ פעטן בויך פאַרקויפן זיי אים צו מענטשן־פרעסער. די מענטשן־פרעסער באַצאָלן פאַר אַזאַ טריפהנע מציאה שווערע גאָלדענע דוקאַטן.

די פּיראַטן קוקן אַראָפּ מיט שפּאַקטיוון פון דער שיף און זעען ווי אויפן זאמד שלאָפט זיך אַ מענטש איינער אליין. איז עס דאָך אַ כשרער טאָפּ און אַ כשר לעפל. — איז די שמחה ביי זיי געווען אין לשער. האָבן זיי טאַקע נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און אַראָפּגעלאָפן אויפן ברעג. העני־דום־פּענדום געכאַפּט ר׳ שמואל־שעפּסלען און אים געשמידט אין אייזערנע קייטן און אַרויפגעשלעפּט אויף דער שיף. ווי אַ זעקל סחורה האָט מען אים אַריינגעוואָרפן אין די פינצטערע אונטערשטקייטן פון דער שיף — און היידאַ! די שיף גליטשט זיך אַוועק אויף די ווייטע וואַסערן פון ים אוקינוס.

## קאַפּיטל זעקס

ירום־הודו דער קיניג ר׳ יחזקאל דערזעט ר׳ שמואל־שעפּסלען.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך אויפגעכאַפּט און געזען אין וואָסער מעמד ער ליגט. די שיף וויגט זיך אויף די ים־פּאַליעס און פּאָרט. מען האָט אים נישט באַדארפט אַריינצושטעקן קיין פינגער אין מויל, אז ער זאָל וויסן ביי וועמען אין די הענט ער געפינט זיך און ווהין מען פירט אים.

אַן אַנדערער ייד וואָלט מן־הסתם אַריינגעפאלן אין מרה־שחורה. אַ ווערטעלע צו זאָגן — פון גאָר־גאָר העט הויך טוט מען זיך פּלוצים אַ קייקל אַראָפּ גאָר גאָר טיף אונטן! איז דאָך אָבער ר׳ שמואל־שעפּסל געווען אַ ייד אַ בעל־נסיון — ער איז אַריינגעפאלן אין התלהבותדיקער שמחה. ער וואָלט זיך זיכער געוועזן אַוועקגעלאָזט אין אַ ריקודל ווען ער וואָלט נאָר געקאָנט רירן מיט אַ פוס. ער איז נעבעך געלעגן א געבונדע־נער אין קייטן. אין די פינצטערנישן פון דער שיף, אין יענע ממעמקים, האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען שירות ותשבחות צום אויבערשטן. מען זעט דאָך דאָ בפירוש: מן השמים האָט מען אים, ר׳ שמואל־שעפּסלען, ווידער גענומען אויפן צימבל מיט נייע נסיונות. וואָס איז טאַקע אַ ייד אָן נסיונות? — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל ביי זיך געטראַכט — אויב מען שטעלט אויס אַ ייד אויף נסיונות, הייסט עס, מען שטעלט אים אונטער אַ לייטער כדי צו גיין העכער אויף די מדרגות.

ווי ר׳ שמואל־שעפּסל ליגט אַזוי אין קייטן און זינגט זמירות, עפנט זיך אַ טיר און עס קומט אַריין אַ הויכער אויסגעפּאשעטער גזלן, — פּיראט בלשון אַשכנז. דער גזלן הויבט אָן ר׳ שמואל־שעפּסלען צו באַ־טאפּן דעם בויך, דאָס הייסט, אולי ירחם — אפשר איז עס אַ סחורה פאַר מענטשן־פּרעסער? ער האָט אָבער געזען, אַז דער גאַנצער ר׳ שמואל־

שעפּסל איז נישט מער ווי הויט־און־ביין. די גמרא דערלאָזט נישט, אַז אַ ייד זאָל זיך ביי איר אויספּאַשען. האָט דער גוי אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט ווי איינער זאָגט: די מענטשן־פרעסער וועלן פאַר אים נישט געבן קיין פּרוטה. וועלן מיר אים פאַרקויפן פאַר אַ פּראָסטן וואַסער־טרעגער.

— פּאַניע, — האָט זיך ר׳ שמואל־שעפּסל אָנגערופן צום גוי — איר זעט דאָך, אַז איך בין פאַר אייך נישט די גרויסע מציאה. נעמט מיר אַראָפּ די קייטן פון די פיס. ווהין וועל איך דאָ אַנטלויפן פון דער שיף? דער גוי האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטאָן אויף ר׳ שמואל־שעפּסלען און ביי זיך געטראַכט: באמת, אַ שאָד דאָס ביסל קייטן אויף אַזאַ קנאַפּער סחורה. און ער האָט אים אויפגעבונדן און געלאָזט לויפן איבער דער שיף. ערשט איצט האָט ר׳ שמואל־שעפּסל דערזען, אַז די שיף איז פול ביזן אויג מיט געכאַפּטע מענטשן, סיי זכרים און סיי נקבות, סיי ערלים און סיי, להבדיל, יידן. אַלע זענען זיי געזעסן אויף דער ערד און האָבן נעבעך ביטער געוויינט.

ר׳ שמואל־שעפּסל אָבער, ווי זיין שטייגער איז, איז געווען מלא שמחה. דער ייד האָט כסדר געזונגען און געטאַנצט. אַלע האָבן אויף אים געקוקט און נישט פאַרשטאַנען די גרויסע גדולה. אַ יהדות פון אַ געכאַפּטן ייד! מען פירט דאָך אונדז אַלעמען — האָבן זיי געטראַכט — אָדער צו די מענטשן־פרעסער, אָדער צו אַנדערע געברענטע צרות. זיי האָבן אָבער נישט געוווסט, אַז דאָס גלוסטעניש צו נסיונות פאַר יידישקייט ברענט אין ר׳ שמואל־שעפּסלען ווי אַ העלישער פלאַם, און אויב אַ ייד זעט ווי פון הימל שטעלט מען אים אונטער אַ לייטער צו גיין העכער — איז פאַרוואָס זאָל ער טאַקע נישט זיין אין גרויס שמחה?

# קאַפּיטל זיבן

דער קיניג ר׳ יחזקאל פרעגט אויס דעם גוי.

ויהי היום — די שיף איז צוגעפאָרן צום ברעג פון אַ גרויסער קיניג־לעכער רעזידענץ־שטאָט. מען האָט געמוזט קויפן שפּייז־זאַפּאַסן אויפן ווייטערן וועג.

מאַכט זיך אַ מעשה — דער קיניג פון דער דאָזיקער שיינער שטאָט — ער האָט געהייסן ר׳ יחזקאל דער ניינאונניינציקסטער — איז אַרויסגעגאַנגען מיט זיינע שרי־מלוכה לרוח היום, דאָס הייסט, זיך אַביסל איבער־צושפּאַצירן אויפן ברעג פון ים גאָך דער גרויסער מלוכה־פּראַצע.

זעט דער קיניג ר׳ יחזקאל (דער ניינאונניינציקסטער) עפּעס אַ פרעמדע שיף. מלכים זענען אַלצדינג טשיקאַווע צו וויסן. קוקט ער זיך אַרום ווער עס פאָרט אויף דער דאָזיקער שיף. דערזעט ער ר׳ שמואל־שעפּסלען.

דער קיניג ר׳ יחזקאל איז געווען אַ תלמיד־חכם און אַן ערלעכער ייד אַ ירא־שמים, האָט ער באַלד דערזען, אַז פון ר׳ שמואל־שעפּסלס פּנים רעדן אַראָפּ די איידלקייטן פון תורה און יידישקייט. דער עיקר האָט זיך דער קיניג ר׳ יחזקאל פאַרוואונדערט ווען ער האָט געזען, אַז ר׳ שמואל־שעפּסל איז שטאַרק בשמחה. עס איז היינט אויפן לוח נישט פּורים און נישט שמחת־תורה, האָט ר׳ יחזקאל המלך ביי זיך געטראַכט.

זיין מאַיעסטעט ר׳ יחזקאל גייט צו צו דער שיף און פרעגט זיך ביים שיפס־קאַפּיטאַן:

— ווער איז אָט דער יונגערמאַן?

— ער איז אַן עבר־בן־עבד און ער קומט אַרויס פון שקלאַפן פון דור־דורות. איך האָב פאַר אים באַצאָלט ערלעכע טויזנט גאָלדענע דוקאַטן, — האָט דער גוי אויפן אָרט אָפּגעטאָקט דעם שיינעם ליגן.

## קאַפּיטל אַכט

מעז פירט ר׳ שמואל־שעפּסלען בתופים ובמחולות איבער די גאַסן.

דער מלך ר׳ יחזקאל איז געווען אַ ייד אַ חכם ונבון. אים איז עפּעס נישט געפעלן געוואָרן די מעשה. דער גוי האָקט מיר אַ טשייניק — האָט ער ביי זיך געטראַכט און נאָך אַ מאָל אָנגעקוקט ר׳ שמואל־שעפּסלען.

— עס קוקט מיר נישט אויס, פּאַניע, — האָט ער זייער געלאַסן געזאָגט צום שיפס־קאַפּיטאַן — אַז דער דאָזיקער יונגערמאַן זאָל מיר עפּעס זיין, ווי דו זאָגסט, אַ קנעכט בן קנעכט.

מער האָט ר׳ שמואל־שעפּסל נישט באַדאַרפט. ער איז דעם קיניג ר׳ יחזקאל געפאַלן צו די פיס.

— זאָלסט מיר לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר, מאַיעסטעט — האָט ער געזאָגט — דו ביסט דאָך, קיין עין הרע, קלוג ווי שלמה המלך. מאלע וואָס דער ערל בעבעט דיר דאָרט מעשיות! און ר׳ שמואל־שעפּסל האָט דעם קיניג דערציילט די גאַנצע מעשה בתכלית הקיצור, און אַז די גזלנים האָבן אים געכאַפּט בעת ער איז געשלאָפן אויפן ברעג פון ים.

דער שיפס־קאַפּיטאַן איז אָבער געבליבן ביי דאָס זייניקע. לאָ! — האָט ער געשריגן — איך האָב אים, ר׳ שמואל־שעפּסלען, הייסט עס, גע־קויפט ביי אַן אַנדערן באַלעבאָס און האָב פאַר אים באַצאָלט ערלעכע טויזנט גאָלדענע דוקאַטן.

אונטערן כתר־מלכות פון אַ יידישן מלך איז דאָך אָבער נישט קיין הפקר־וועלט. יש דין בישראל. ביי אַ דין־תורה מוז מען אויסהערן ביידע צדדים און מען מוז גוט חוקר ודורש זיין, זאָגט דער קיניג ר׳ יחזקאל צום שיפס־קאַפּיטאַן:

— מילא, לאָמיר זאָגן, אַז כנים דבריך, דו ביסט גערעכט און האָסט געקויפט ווי אַן ערלעכער מאַן. מיר ווייסן אָבער — האָט דער

קיניג ווייטער געצויגן זיינע ווערטער — אַז שקלאַפן זענען פּראָסטע מענטשן. ווען האָבן זיי דען געבעך צייט עפּעס צו לערנען? ווועלן מיר אָקערשט אַ פּרווו טאָן אָט דעם יונגעמאַן און זען ווי ער האַלט אין די קליינע אותיות.

ווען ר׳ יחזקאל המלך האָט נאָר אָנגעהויבן צו שמועסן מיט ר׳ שמואל־שעפּסלען איז ער באַלד נבהל־ונשתומם געוואָרן. האָט ער דאָך געזען מיט וועמען ער האָט מחזקות. אין ש״ס ופוסקים, אין שבע חכמות און אין די זיבעציק לשונות איז דאָך ר׳ שמואל־שעפּסל געווען אויסגע־קניפּט און אויסגעבונדן.

צום סוף האָט ר׳ שמואל־שעפּסל נאָך אַ מאָל אויף אַ״ת״ב־״ש־לשון איבערדערציילט די גאַנצע מעשה, ווי אַזוי מען האָט אים געכאַפּט נאָכ־דעם ווי ער האָט געהאַט פּאַרענטפערט אַ האַרבן רמב״ם.

דער מלך ר׳ יחזקאל און די שרי־מלוכה — פּאַרשטייט זיך, אַז זיי זענען אַלע געווען יידן תלמידי־חכמים — האָבן גאָר נישט געקאָנט קומען צו זיך פון גרויס התפעלות.

מילא, וואָס וועל איך דאָ מאַריך זיין? מען האָט גענומען די ים־גזלנים און זיי געשמידט אין קייטן און אַריינגעוואָרפן אין תפיסה. אַלע מענטשן אויף דער שיף האָט מען באַפרייט. איעדער פון זיי האָט באַ־קומען הונדערט גאָלדענע דוקאטן מאוצר־המלוכה כדי ער זאָל האָבן מיט וואָס צו האנדלען.

ר׳ שמואל־שעפּסלען האָט מען בתופים ובמחולות, מיט פּויקן און פייפיאָלן אַריינגעפירט אין קיניגלעכן פּאַלאַץ.

## קאַפּיטל ניין

ר׳ שמואל־שעפּסל וויל זען צי דער קיניג ר׳ יחזקאל האָט בטחון.

אינעווייניק אין די חצרות־המלכים האָט מען נאָך אַמאָל געוואָלט זען, צי — אויף דער הייסער מינוט — האָט מען חלילה נישט געהאַט קיין טעות מיט ר׳ שמואל־שעפּסלס קענטעניש, און צי מען האָט חלילה נישט עפּעס דאָרט אַ שלעפּער געפירט איבער די גאַסן בתופים ובמחולות.

דער מלך ר׳ יחזקאל מיט זיינע שרי־מלוכה האָבן ר׳ שמואל־שעפּסלען נאָך אַמאָל גענומען אויפן צימבל.

וואָס זאָל איך דאָ מאַריך זיין? עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אַז דאָס, וואָס ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געוויזן ביי דער שיף איז ממש געווען אַ טיפּה מן הים אַקעגן דעם וואָס עס האָט זיך פון אים געשיט אויף די קיניגלעכע דילן. אומעטום סיי אין תורה און סיי אין חכמה, ווו מען האָט זיך נאָר געטאָן אַ ריר איז ר׳ שמואל־שעפּסל געווען דער גרויסער בן־בית. די שרי־המלוכה און דער קיניג ר׳ יחזקאל האָבן זיך אַזש געגלעט פאַר די שיינע בערד פון גרויס התפעלות.

מען האָט געמאַכט די שיינע ווערטערע. אינמיטן דער ווערטערע טוט דער מלך ר׳ יחזקאל אַ זיפץ און רופט זיך אָן, ווי ער וואָלט געווען גערעדט צו זיך אליין:

—ימח שמם זאָלן ווערן די ריזן מיט זייערע אינדזלען. אָט דער תכשיט פון אַ יונגנמאַן וואָלט דאָך געווען דער אמתער זיווג פאַר מיין רחלען! אַזאַ איידעם וואָלט איך באותו הרגע אָנגעטאָן דעם כתר־מלכות.

איז דאָך אָבער ר׳ שמואל־שעפּסל געווען דער גרויסער בעל־בטחון, האָט ער געוואָלט זען ווי ווייט דער קיניג ר׳ יחזקאל האלט מיט דער מידה פון בטחון — דערימעך האָט ער נישט דערציילט, אַז ער מיט רחלען זענען שוין למזל חתן־כלה און אַז זייערע תנאים שטייען פאַרשריבן אויף אַ בלאַט פון אַ לולב.

## קאַפּיטל צען

די בת־מלכה רחלע לייגט איין די שניט־קראַם און גייט פאָרן איבער דער וועלט זוכן ר׳ שמואל־שעפּסלען.

לאָמיר דערווייל איבערלאָזן ר׳ שמואל־שעפּסלען עסן וועטשערע אין די חצרות־המלכים ביי זיין מאַיעסטעט ר׳ יחזקאל. מיר וועלן זיך אומקערן צו דער בת־מלכה רחלע.

אַ פאַרשטעלטע פאַר אַ ייד אַ סוחר האָט זי געפירט איר שניט־קראָם ביד־רמה. עס האָט איר געפידלט דער הלוך־ילך און זי האָט געמאַכט די פאַר טאָלער — אויף אַלע יידן געזאָגט.

כדרכה, ווי איר שטייגער איז, איז זי אין דער געוויסער שעה אַריינגעקומען צו ר׳ שמואל־שעפּסלען אין זיין חדר־מיוחד כדי ביי אים צו לערנען מוסר און שבע חכמות. זעט זי, ווי אויפן טיש ליגט אָן אויפגעמישטער רמב״ם. אויפן רמב״ם ליגט אַ פאַטשיילע, נאָר ר׳ שמואל־שעפּסל איז נישטאָ. טראַכט זי זיך רחלע: מן־הסתם איז ער אַרויסגעגאַנגען טאָן מענטשלעכע געברויכן. ער וועט באַלד צוריקקומען. וואַרט זי אַ שעה. וואַרט זי צוויי שעה. זי האָט גאָר פאַרגעסן, אַז אונטן אין דער שניט־קראָם שטייען קונים קעפּ אויף קעפּ. זי איז נעבעך שטאַרק דערשראָקן געוואָרן און האָט נישט געוווסט וואָס מען טוט.

האָט זי גענומען אירע קנעכט און דינסט־מיידן און זיי אַרומגעשיקט איבער די גאַסן און געמארקן פון דער שטאָט צו זוכן ר׳ שמואל־שעפּסלען. מען קומט צוריק מיט ליידיקע הענט. אין קול ואין עונה. נישטאָ ר׳ שמואל־שעפּסל!

וואַרט די בת־מלכה רחלע ווידער אַ חודש. אין דער שניט־קראָם רייסן די קונים פון די הענט. נאָר וועמען ליגט איצט אין קאָפּ מסחר, ווען ר׳ שמואל־שעפּסל איז פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין?

וואַרט זי נאָך אַ חודש. נישטאָ ר׳ שמואל־שעפּסל! זעט זי, אַז די

מעשה איז נישט פשוט. טראַכט ביי זיך רחלע די בת־מלכה: אַפילו אַ שאָד איינצולייגן אַזאַ געראָטענע שניט־קראַם. איך האַלט איצט, ברוך־השם, אינמיטן דעם בעסטן לייזעכץ. קונים רייסן פון די הענט. אָבער איך זע דאָך אַז מן־השמים איז עפּעס געשען מיט מיין שמואל־שעפּסלען. וועל איך אים גיין זוכן איבער דער וועלט. אז עס זאָלן מיט אים געשען נסים איז דאָך פון די גאָר וואָכעדיקע זאכן.

הכלל, וואָס וועל איך דאָ מאַריך זיין? די בת־מלכה האָט אויספאַר־קויפט די שניט־קראָם ביז אַ פאָדעם. די ממתקים האָט זי פאַרבונדן אין אַ פאַטשיילע. מיר מוזן כסדר געדענקען, אַז רחלע איז געגאנגען אָנגעטאָן ווי אַ ייד אַ מאנסביל. די וויבערישע בגדי־מלכות אירע — און טאַקע פון סאמע גינגאָלד — האָט זי געהאט ליגן באַהאלטן אין אַ שופלאָד פונעם קראָם־טיש. האָט זי גענומען די גינגאָלדענע בגדי־מלכות און זיי אויך פאַרבונדן אין אַ פאַטשיילע. זי האָט אַ קוש־געטאָן די מזוזה, גענו־מען די צוויי פּעקלעך אין ביידע הענט אריין און אַראָפּגעגאנגען צום ים זוכן אַ שיף וואָס גייט אַוועק אין די מרחקים. זי האָט געוואָלט פאָרן אי־בער דער וועלט און זוכן ר׳ שמואל־שעפּסלען.

# קאַפּיטל עלף

אַפילו אַ מחבר טאָר נישט מהרהר זיין אויפן רעדעלע פון
דער וועלט.

ווייסן מיר דאָך פון דעם אייביקן גאַנג פון דער וועלט: טאָמער חלילה הויבט עמעצן אָן צו גיין מיט דער פוטער אַראָפּ, גייט אים נאָך איין שלימזל נאָכן צווייטן.

האָט רחלע פון אַלע שיפן וואָס זענען געשטאַנען ביים ים, עפּעס ווי אויף צו־להכעיס אויסגעקליבן אַ שיף וואָס האָט געהערט צו ים־גזלנים. צו אָט די ערלעכע לייט וואָס זייערס גלייכן האָבן מיר שוין איינמאָל גע־טראָפן אין אונדזער ספּור־המעשה. זיי כאַפּן מענטשן סיי זכרים און סיי נקבות. די געכאַפּטע מענטשן פאַרקויפן זיי פאַר עבדים ושפחות. די גאָר פעטע און אויסגעפּאַשעטע פאַרקויפט מען פאַר שווערע טאָלערס צו מענטשן־פרעסער.

מן־הסתם דאַרף זיך אַזוי דרייען דאָס רעדעלע פון דער וועלט. אַפילו אַ מחבר טאָר נישט מהרהר זיין נאָך די דרכים פון דער השגחה. צו אַלצדינג מוז אַ מחבר זאָגן: באָם און מסכים. איז מן־הסתם געהער עס צום „כי־טוב" פון דער מעשה־בראשית, אַז רחלע זאָל זיך אויסקלייבן אַקוראַט אַזאַ מין שיף כדי אויף איר זיך אַוועקצולאָזן אין די מרחקים און דאָרט זוכן ר׳ שמואל־שעפּסלען.

אַ מענטשלעך פּנים איז אַ צוגעמאַכטע גמרא. אַ גזלן קאָן אַמאָל אויסקוקן ווי אייגער וואָס קאָן נעבעך נישט קיין צוויי ציילן — וואָס האָט זי געקאָנט וויסן מיט וועמען זי פאָרט?

דרייט זיך ווידער דאָס רעדעלע פון דער וועלט שלים־שלים־מזל. נעמט זי אין גרויסן געשטופּעניש ביי דער שיף און פאַרלירט די פּאַטשיי־לע מיט די גינגאָלדענע בגדי־מלכות פון אַ פּרינצעסין.

האָט זי זיך פּאָרט אָבער ביי ר׳ שמואל־שעפּסלען אויסגעלערנט

וואָס עס הייסט אַזוינס פאַר אַ ייד בטחון. — זאָגט זי: גם זו לטובה! און זעצט זיך אַרויף אויף דער פינצטערער שיף וואָס כאַפּט מענטשן און האַנדלט מיט זיי גלייך ווי זיי וואָלטן געווען צעלניק אָדער שניט־סחורה.

אויף דער שיף, ווי געוויינטלעך, האָט מען געמיינט, אַז רחלע איז אַ ייד אַ מאַנסביל. דער קאַפּיטאַן האָט זי אָפּגעמאָסטן מיט זיינע בליקן און ביי זיך געטראַכט:

— ס׳איז אַ יופי פון אַ ייד. די מענטשן־פרעסער וועלן מיר פאַר אים באַצאָלן שווערע גאָלדענע דוקאַטן.

## קאַפּיטל צוועלף

שלים־מזל, נאָר רחלע האָט בטחון און זאָגט די תחינות פון שרה־בת־טובים.

הייבט עמיצן אָן צו גיין מיטן דישל אויף צוריק — ווייסט עס שוין נישט פון קיין אָפּהאַלט.

די גזלנים־שיף האָט זיך מיישב געווען און אַוועקגעפאָרן צו דעם ריזן־אינדזל, ווו רחלע איז געווען די כלה פאַר איינעם פון די דריי פרינצלעך.

דער קאַפּיטאַן האָט נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און האָט גע־נומען דעם שיינעם יידישן מאַנסביל (די איבערגעטוענע רחלע, הייסט עס) און אים אַוועקגעפירט צו די חצרות־המלכים פון דעם עוג מלך הבשן מיט זיינע דריי בנאָקלעך. דאָרט האָט ער זיך זיבן מאָל געטאָן בוקן פאַרן קיניגלעכן טראָן און געזאָגט צום געקרוינטן ריז כהאי לישנא:

— איך האָב דיר געבראַכט, אדוני קיניג, אַ הדר פון אַ ייד. ער האָט אויף זיך נישט קיין מום פון קאָפּ ביז די פיס. דו וועסט אים קאָנען מקריב זיין פאַר אַ קרבן צו דיין עבודה־זרה. אַזאַ קרבן האָט זי שוין לאַנג נישט געזען. זי וועט זיך פּשוט באַלעקן פון דעם געבראָטנס.

דער לייענער מוז וויסן, אַז ביי די דאָזיקע ריזן וואָס דינען צום ים אויף דער ערד און צו די כוכבים ומזלות אויפן הימל איז געווען אַ מנהג: איינמאָל אין יאָר, אין טאָג פון „ניתול", האָבן אָנגעהויבן צו קלינגען אַלע תיפלהס. פון קליין ביז גרויס האָבן אַלע אַרונטערגענומען די היטלען און געבלעקעכצט. שפּעטער איז מען געגאַנגען צום ים. דאָרט האָט מען אָנ־געלייגט אַ גרויס פייער. אין פייער האָט מען פאַרברענט אַ מענטש פאַר אַ קרבן. דער מענטש טאָר נישט זיין קיין ריז, נייערט דווקא אַ פּשוטער בשר־ודם. עטלעכע וואָכן פאַר „בייז־געבוירן" האָט מען דעם קרבן פאַר־שלאָסן אין אַ חדר־מיוחד. דאָרט האָט מען אים געקאָרמעט מיט כל־טוב

כדי ער זאָל זיך אויספּאַשען און נעמען אויף זיך לייב. טאָמער האָט דער קרבן נישט געהאט קיין אַפּעטיט, האָט מען אים ווי אַ קראָפּ־גאַנדז, אַריינגעשטופּט די מעדנים מיט אַ וואַלגער־האָלץ. ווערליק די דינים פון דער עבודה־זרה מוז מען אַזעלכע מענטשן קויפן פאַר גוט געלט און דווקא ביי ים־גזלנים.

דער עמלק און זיינע דריי תכשיטים זענען געווען געוואַלדיקע פּרו־מאַקעס. מחמת רחלע איז געגאַנגען אַנגעטאָן ווי אַ מאַנסביל האָט קיינער נישט דערקענט, אַז דאָס איז די כלה פאַר וועלכער זיי האָבן געוואָלט חרוב מאכן די וועלט. זיי האָבן זי באַטראַכט פון אַלע זייטן און געקומען צו דער החלטה: אַזאַ שיינעם קרבן האָט שוין דער ים נישט געזען פון כמה וכמה יאָרן.

מען האָט זיך נישט געדונגען פאַרן מקח און אָפּגעוויגן דעם שיפס־קאַפּיטאַן תרפ״ט אלפים גאָלדענע דוקאַטן זהב טהור, און טאַקע אין ריינעם מזומן.

דער גזלן האָט צוגענומען די אפּתיקי, זיך געבוקט זיבן מאָל, גע־זאָגט דעם גרויסן שיינעם דאַנק און אַוועקגעגאַנגען.

רחלען האָט מען פאַרשלאָסן אין אַ חדר־מיוחד און זי אָנגעהויבן צו קאָרמענען מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען כדי זי זאָל זיך אויספּאַשען און נעמען אויף זיך לייב.

איז דאָך אָבער די בת־מלכה רחלע געווען די אמתע צדיקת און האָט זיך געלערנט בטחון ביי איר ר׳ שמואל־שעפּסלען — איז זי חלילה נישט אַריינגעפאַלן אין דער מינדסטער מרה־שחורה. פאַרקערט: זי איז גאָר געווען אין געהויבענער שמחה און זיכער געווען ווי דער טאָג אַז עס וועט געשען דאָס נס. אַ גאַנצן טאָג איז זי געזעסן און געזאָגט תחינות אויף עברי־טייטש. דער עיקר האָט זי געזאָגט די פרומע האַרציקע תחינות פון שרה־בת־טובים.

# זעקסט בילד

## קאַפּיטל איינס

דער פֿאַלשער משנה־למלך. — ר׳ שמואל־שעפּסל מאַכט חשבונות און דערווייל מאַכט אויף אים ר׳ אחיתופל אַן עלילת־דם. — דאָס ביכל „סימכע פּלאַכטע" קערט וועלטן.

לאָמיר דערווייל איבערלאָזן רחלע די בת־מלכה עסן ראָזשינקעס מיט מאַנדלען און זאָגן די תחינות פון שרה־בת־טובים. מיר וועלן זיך אומקערן צו ר׳ שמואל־שעפּסלען וואָס געפינט זיך איצט אין די חצרות־המלכים פון קיניג ר׳ יחזקאָל.

דער קיניג ר׳ יחזקאל דער ניינאונניינציקסטער האָט געהאַט אַ משנה־למלך מיטן נאָמען ר׳ אַחיתופל. דאָס איז געווען אַ ייד, וואָס איז געווען שטילער ווי וואַסער און נידריקער ווי גראָז. דאָס פּנים איז אים געווען בלאַס פון אייביקע מערידן. די אויגן האָט ער תמיד געהאַלטן אַראָפּגעלאָזט מחמת גרויס עניוות, און גערעדט האָט ער, ווי ער וואָלט איינגערוימט אַ סוד. דאָס קליינע מיילעכל, וואָס האָט אים אַרויסגעקוקט ווי אַ רויט מייזעלע פון צווישן אַ וואַלד פון באָרד און וואָנצעס, האָט נישט מער געטאָן נאָר כסדר דערמאָנט דעם שם־שמים. מען האָט געקאָנט מיינען, אַז דער ייד ווייסט נישט מער ווי יידישקייט. גיי און ווייס, אַז אין דעם דאָזיקן נעבעכל ר׳ אַחיתופל ליגט איינעווייניק דער נחש הקדמוני, די פֿאַלשע שלאַנג, און זיינע זיסע ריידעלעך זענען ביי׳ערט פֿאַלשקייט און חניפה.

ווען ר׳ אַחיתופל האָט געזען די גרויסע צוגעבונדנקייט פון קיניג ר׳ יחזקאל צו ר׳ שמואל־שעפּסלען, האָט אין אים אָנגעהויבן צו ברענען די קנאה ווי אַ העלישער פלאַם. ער האָט נאָך שטילער און זיסער אָנגעהויבן צו רעדן צו ר׳ שמואל־שעפּסלען, אָבער ער איז אים געווען אַ שונא אויפן לעבן. טאָג און נאַכט האָט ער געטראַכט ווי אזוי אים אונטערצושטעלן אַ פיסל אין די אויגן פון זייערע מאַיעסטעטן.

ר׳ שמואל־שעפסל איז דאָך אָבער געווען דער גרויסער חכם־ונבון האָט ער באַלד דערזען וואָס עס טוט זיך אינעווייניק אין דעם משנה ר׳ אחיתופל — נאָר ער האָט געשוויגן.

ויהי היום — מאַכט זיך אַ מעשה —

די שאַך־מייסטערס פון אַלע עקן לאנד האָבן צוגעשיקט אין קיניג־לעכן הויף אַריין אַלערליי חשבונות פון פּאָדאטקעס און אַנדערע הכנסות־המלוכה. די חשבונות זענען געווען זייער פאַרפּלאָנטערט. האָט דער מלך ר׳ יחזקאל גענומען ר׳ שמואל־שעפּסלען און אים אַוועקגעזעצט אין אַ חדר־מיוחד און אים געגעבן די אַלע פּאַפּירלעך כדי ער זאָל דערגיין דאָרט אַ טאָלק.

ווי עס איז באַוווסט פון קדמונים, איז נאָך קיינער נישט דערגאנגען צו קיין טאָלק אין די חשבונות פון אַ מלוכה.

דערווייל זיצט שוין ר׳ שמואל־שעפסל אַ חודש צייט אין זיין חדר־מיוחד און ברעכט זיך דעם קאָפּ און רעכנט. גיי און באַרעכן אַ תוהו־ובוהו!

דאָס שטילע וואָסערל דער משנה־למלך ר׳ אַחיתופל האָט אויסגע־נוצט דעם שעת־הכושר וואָס ר׳ שמואל־שעפּסל זיצט דערווייל איבער די מלוכה־פּאַפּירלעך. ער איז ווי אַ נעבעכל אַריינגעקומען צום קיניג ר׳ יחזקאל אין טראָן־זאַל, געטאָן דאָרט אַ קוש דער מזוזה, און מיט אַ זיס פּנימל אַ פרעג געטאָן זיין מאַיעסטעט:

— גאָט העלף! ווי גייטס דעם אדוני מלך אויפן ליבן געזונט?

— אַ שיינעם דאנק פאַרן פרעגן — האָט דער מלך געזאָגט — עפּעס קוקט איר מיר אויס נישט מיט אַלעמען, ר׳ אַחיתופלשי. ווידער די מערידן? אפשר וועט איר טרינקען אַ גלעזעלע הייסע טיי מיט אתרוג־איינגעמאַכטס?

— איך האַלט נאָך פאַרן דאַוונען. איך בין מיך נוהג גאָר נישט טועם צו זיין פאַרן דאַווענען — האָט דער משנה־למלך ר׳ אַחיתופל גע־זאָגט מיט אַ פרומאקיש מינעלע און דערביי געטאָן דאָס שיינע הוסטעלע — נישט דאָס בין איך אויסן, מאַיעסטעט — האָט ער ווייטער געזאָגט — איך מיין נאָר, אַדוני מלך, אַז מיט דעם ר׳ שמואל־שעפּסלען האָבן מיר

דאָך פשוט געטראָפן — ווי מען זאָגט — אין דעם סאמע ריכטיקן און געדיכטן. דער ייד ווייסט אַלצדינג, און נאָך מער ווי ער ווייסט, פאַר־שווייגט ער. ביי אָט דעם ר׳ שמואל־שעפסלען איז אַ וואָרט אַ רענדל. ער באַהאלט עפּעס אויס פאַר אייך, מאַיעסטעט.

דער מלך ר׳ יחזקאל איז געוועזן אַ פּשוטער ייד אָן קונצן, האָט ער געזאָגט צו ר׳ אחיתופלען זיין משנה־למלך:

— וואָס באַהאלט ער פאַר מיר אויס? די טויז רויט?

ר׳ אַחיתופל האָט ווידער געטאָן דאָס שיינע הוסטעלע און זיך אַ גלעט געטאָן פאַר דער גרויסער באָרד.

— איך האָב אַנומלטן געלייענט אַ יידיש ביכל — האָט ער גע־זאָגט — הייסט עס „סימכע פלאַכטע״. רעדט זיך דאָרט פון איינעם אַ ייד אַ ליטוואק מיטן נאָמען ר׳ פייוועקע. עפּעס דאָרט אָן אָרעמאַן אַ שלעפּער, וואָס האָט זיין אייגנס נישט מער ווי אַ זעקל און אין דעם זעקל האָט ער ליגן אַן אַלטע ציבעלע און דאָס איז זיין גאַנצע חיונה. לאָזט זיך אָבער אויס, — הגם אָט דער פייוועקעלע ליטוואַק איז דער גרעסטער קבצן, איז ער אָבער דער גרעסטער וו י ס ע ר און פירט זיך אַזוי פאַמעלעכל דאָס רעדל פון אַ גרויסער מדינה. אַ ליטוואק, מאַיעס־טעט, האָט אַ טבע טאַקע אַלצדינג צו וויסן, אָבער נישט אַלצדינג צו זאָגן.

— מאַלע וואָס מעשה־ביכלעך שרייבן דאָרט — האָט דער קיניג ר׳ יחזקאל דער ניינאונניינציקסטער געזאָגט — וואָס אַזעלכעס, ר׳ אחיתופלשי, ווייסט וועדליק אייער דעה ר׳ שמואל־שעפסל און וויל אונדז נישט זאָגן?

דער משנה־למלך ר׳ אחיתופל האָט נאָך אַמאָל געטאָן דאָס שיינע הוסטעלע. דאָס רויטע מיילעכל זייגס צווישן דעם וואַלד פון באָרד און וואָנצעס האָט זיך פאַרקרימט אין אַ גיפטיק שמייכעלע:

— איך וויל נישט זאָגן, מאַיעסטעט, אַז ר׳ שמואל־שעפסל איז אַ ליטוואק. איך קוק נישט קיין ייד אַריין אין דעם פּאַס. דאָס איז די פרנסה פון אונדזער פּאָליציי־מיניסטער ר׳ זיינוועלע. לבי אומר לי — עס ליגט ביי מיר ווי אויפן טעלער, אַז אָט דער ר׳ שמואל־שעפסל ווייסט ווו עס

געפינט זיך אונדזער בת־מלכה רחלע, נאָר ער שווייגט און וויל נישט זאָגן.

דער מלך ר׳ יחזקאל האָט זיך אַזש אַ הויב געטאָן אויף זיין גינגאָל־דענעם כסא־מלוכה.

— איר האָט געלייענט עפּעס דאָרט אַ נאַריש מעשה־ביכל — האָט ער געזאָגט — דעריבער ר׳ אַחיתופל, זאָלט איר מיר מוחל זיין, רעדט איר צו מיר ווי אַ יידענע. ס׳הייסט, ר׳ שמואל־שעפּסל ווייסט עפּעס פון מיין רחלען? איר האָט דאָך אַליין געלייענט מיט אייערע אויגן דעם קי־ניגלעכן ראַפּאָרט וואָס מען האָט מיר צוגעשיקט פון דעם ריזן־אינדזל, אַז רחלע איז — ווײ איז מיר — נישט פאַר קיין שום ייד געדאַכט, דערטרונקען געוואָרן אין ים.

ר׳ אַחיתופל האָט נישט געענטפערט. ער האָט שטיל געשמייכלט צווישן די וואָנצעס, געזאָגט „אַ גוטן תמיד״, געטאָן אַ קוש דער מזוזה און אַהיים געגאַנגען דאַווענען.

נאָכן אָנבייסן איז ער געגאַנגען און האָט זיך געמאָלדן ביי דער מלכה מרת שרה־לאה.

דער מלכה האָט ער אויך דערציילט: כפי — ווי אים דוכט זיך אויס, ווייסט עפּעס ר׳ שמואל־שעפּסל פון דער פאַרלוירענער בת־מלכה, נאָר ער שווייגט און וויל נישט זאָגן. שייך ער וויל נישט זאָגן? — דאָ האָט דער משנה־למלך געטאָן אַ הוסטעלע — איז ווידער, ווי עס דוכט זיך אים אויס, דער גאַנצער ר׳ שמואל־שעפּסל אַן אַרחי־פּרחי פון דער ליטע. אין תורה און אין חכמה זענען דאָרט אַפילו טירן־גייער און שלעפּערס אויסגעקניפּט און אויסגעבונדן. די ליטוואַקעס זענען יידן, וואָס ווייסן אַלצדינג נאָר זיי שווייגן ווי די ווענט. זאָל זי אזוי גוט זיין, די מלכה שרה־לאה, און אויף טשיקאַוועסט איבערלייענען דאָס ביכל „סימכע פלאַכטע״. עס וועט איר ווערן יאַוונע ויאסנע.

דער משנה־למלך ר׳ אַחיתופל האָט ביי דער מלכה אויפן טיש אי־בערגעלאָזט דאָס ביכל „סימכע פלאַכטע״, געטאָן אַ קוש דער מזוזה און אַוועקגעגאַנגען.

איר מאַיעסטעט האָט זיך באַלד גענומען לייענען.

די ליבשאַפט צו איר טאָכטער רחלע, די חשדות אַז ר' שמואל־שעפּסל ווייסט עפּעס, דער עיקר דאָס ביכל „סימכע פלאַכטע" — דאָס אַלצדינג איז איר גוט געקראָכן אין קאָפּ אַריין. איז דאָך פאָרט פאַראַן אויף דער וועלט אַן אָרעמאַן ר' פּייווקעלע דער ליטוואַק וואָס עסט טאַקע נישט מער ווי אַן אַלטע ציבעלע אָבער ער פירט ארום די גאַנצע וועלט פאַר דער נאָז!

די מלכה האָט נישט געוואַרט אויף אַלע הויפישע עטיקעטעס. אין קיניגלעכן הויף פון ר' יחזקאלען האָט מען זיך געפירט ווערליק די עטיקעטעס פון אַחשורושעס הויף אין דער מגילה. זי האָט נישט געקוקט צי דער קיניג ר' יחזקאל האָט איר יאָ דערלאַנגט די גאָלדענע רוט צי נישט. די קיניגלעכע יידענע איז באַלד אַרויס מיטן גרויסן געוויין:

— באַפעל ר' שמואל־שעפּסלען מיט גוטן און מיט בייזן צו זאָגן ווו ער האָט אַהינגעטאָן רחלען, האָט זי געכליפּעט, און דערביי צוגעגעבן און אויך אין באָכן טרערן, אַז כפי, ווי עס איז איר באַוווסט איז ר' שמואל־שעפּסל אַ ייד פון דער ליטע.

דאָ האָט די מלכה אויפגעמישט פאַרן מלך דאָס ביכל „סימכע פלאַכטע" און געוויזן מיט אַ פינגער אויף די בלעטער ווו עס רעדט זיך פון ר' פּייפּקען דעם ליטוואַק.

— נאַ און לייען וועסטו וויסן פון דעם גאַנצן רעדל, האָט זי גע־זאָגט מיט גרויס האַרץ־רייסעניש.

— איך האָב געהאַט אַ קיניגלעכן ראַפּאָרט פון ריזן־אינדזל, און דער ראַפּאָרט איז געווען געשטעמפּלט און געחתמעט, און דו ווייזט מיר עפּעס דאָרט יידישע מעשה־ביכלעך, — האָט דער קיניג געפּרוווט צו רעדן צום שכל פון איר מאַיעסטעט שרה־לאה.

— די מעשה־ביכלעך ווייסן מער ווי אַלע קיניגלעכע ראַפּאָרטן — האָט די מלכה געענטפערט און ווידער אָנגעהויבן צו וויינען. עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די מלכה האָט פאַרגעסן אַלע הויפישע עטי־קעטעס און געזאָגט צום קיניג ר' יחזקאל דעם ניינאונניינציקסטן:

— דו ביסט נישט קיין טאַטע, נאָר אַ גזלן. —

הכלל, וואָס וועלן מיר דאָ מאַריך זיין? דער קיניג האָט נישט גע־

האַט קיין טאָג און קיין נאַכט פון זיין געקרוינטער יידענע. כסדר האָט זי אים געיאדעט מיט ר׳ שמואל־שעפּסלען און מיטן ביכל „סימכע פלאכ־טע״. זי האָט עס שוין געקאָנט פון אויסנווייניק ווי אשרי־יושבי־ביתך. אין דער שלאָף־שטוב האָט זי גאַנצע נעכט געוויינט אויף איר גאָלדן בעטל און געהערט פון ר׳ פייווקען דעם ליטוואק.

ושנת המלך נדדה — דער קיניג האָט מחמת דעם נישט געקאָנט צוטאָן קיין אויג.

## קאַפּיטל צוויי

ר׳ שמואל־שעפּסל וויל גיין שמועסן מיטן לויתן.

דער מלך ר׳ יחזקאל האָט געזען, אַז ער וועט נישט האָבן קיין טאָג און קיין נאַכט פון דער מלכה, האָט ער געשיקט נאָך ר׳ שמואל־שעפּסלען און מיט אים אַוועקגעגאַנגען אין לוסט־גאָרטן אַריין.

דאָרט האָט ער אים דערציילט פון די געברענטע צרות וואָס ער האָט אויסצושטיין זינט דער משנה־למלך האָט דער מלכה געגעבן צו לייענען עפּעס דאָרט אַ שמאָנצע „סימכע פּלאַכטע״. זי האָט זיך אַריינגעשלאָגן אין קאָפּ אַריין, אַז איר, ר׳ שמואל־שעפּסלשי, ווייסט עפּעס פון אונדזער בת־יחידה רחלע. פּשוט עס איז אַ חרפּה און אַ ווייטיק צו דערציילן, ווי אַ יידענע אַ מלכה גלייבט מער אין עפּעס דאָרט אַ בבאַ־מעשה פון אַ ר׳ פּייוועקע, איידער ווי אין מלוכהשע דאָקומענטן וואָס זענען מיר צוגעשיקט געוואָרן פון די קאַנצעלאַריעס אויפן ריזן־אינדזל.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געשוויגן, נאָר ער האָט לייכט געשמייכלט.

— על כן זע איך דאָך — האָט דער קיניג ר׳ יחזקאל געזאָגט — אַז די מלכה וועט נישט אויפהערן מיר צו דערגיין די יאָרן. איז, ר׳ שמואל שעפּסלשי, פאָרט אַוועק אויף אַ צוויי חדשים ערגעץ אין אַן אַנדער שטאָט אַריין. איר קאָנט אייך געזונטערהייט אַהין מיטנעמען די פּאַפּירלעך פון מיינע שאַץ־מייסטערס און דאָרט ווייטער חשבונען. אפשר וועט די אַנ־דערע שטאָט האָבן די גרויסע הצלחה און איר וועט דערגיין צו אַ טאָלק. דער מלכה וועל איך דערציילן אַ „שמע־קולנו״ אַז איר זענט געפאָרן זוכן רחלען. דערנאָך וועט איר, בלי־נדר, צוריקקומען און זאָגן: נישט געפונען! וועט איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַ סוף נעמען צו מיינע צרות.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט אַ ווײַלע געשוויגן, שפּעטער האָט ער פלור־צים אַ זאָג געטאָן צום קיניג ר׳ יחזקאל:

— איר מיינט טאַקע מאַיעסטעט, אַז עס איז פון די גרויסע קונצן צו געפינען די בת־מלכה רחלע?

דער מלך איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער און האָט אָנגעקוקט ר׳ שמואל־שעפסלען.

— אויב די פרינצעסין רחלע איז דערטרונקען געוואָרן — האָט ר׳ שמואל־שעפסל ווייטער געזאָגט — וועל איך אַהינגיין צום לויתן און ביי אים פרעגן ווו זי געפינט זיך.

דאָ האָט דער קיניג ר׳ יחזקאל געוואָלט מאַכן אַ געוואַלד און רופן מענטשן. ער איז זיכער געווען ווי דער טאָג, אַז די פאַרפלאָנטערטע חשבונות פון זיינע שאָך־מייסטערס האָבן ביי ר׳ שמואל־שעפסלען גע־רירט די קלעפקע.

ר׳ שמואל־שעפסל האָט אָבער ווייטער גערעדט און טאַקע זייער געלאסן:

— אייער מאַיעסטעט און אַלע תפוצות־ישראל אין גאַר דער וועלט — האָט ער געזאָגט — ווייסן נאָר פון די שבע חכמות. עס איז אָבער פאַראַן אַן אכטע חכמה. אַמאָל האָט פון איר געוווּסט שלמה המלך און היינט ווייסן פון איר נאָר פוילישע יידן. אָט די אַכטע חכמה באַשטייט פון די תמציתן פון אַלע זיבן. מחמת זי איז סאַמע תמצית, און זי האָט פון ז י ב ן געמאַכט א יי נ ס — דערימעך איז זי אין איר שפּיץ נעגעלע קליגער פון אַלע זיבן חכמות. ביי איר איז נישט פאַראַן קיין אוממעגלעכקייטן. מחשבה און מעשה איז ביי איר איינס און דאָס זעל־ביקע. זי האָט דאָס ריכטיקע שליסעלע צו דער וועלט. ווען איך וועל אַ נעם־טאָן די אַכטע חכמה, קאָן איך אַראָפּגיין אין די טיפסטע טיפענישן פון אוקינוס און דאָרט מיך אַדורכשמועסן מיטן לויתן אקוראט ווי איך רעד דאָ מיט אייך, אַדוני קיניג.

## קאַפּיטל דריי

ר׳ יחזקאל המלך וויל אַחוץ דער בת־מלכּה אויך דאָס גאָלדענע פינגערל.

ירום־הודו ר׳ יחזקאל איז געווען פון אַן אַלטער זרע־מלוכה. אין זיינע שאַצקאַמערן זענען געלעגן יחוס־בריוו ביז צו דוד המלך. מן־הסתם איז דאָרט עפּעס געשטאַנען געשריבן פון אַן אַכטער חכמה וואָס איז געווען באַקאַנט צו שלמה המלך. בעוונותינו הרבים ווערן די דורות כסדר שוואַכער אויפן זכרון און זיי פאַרגעסן וואָס זייערע אור־אור־זיידעס האָבן שוין געהאַט געוווּסט. ר׳ יחזקאל איז געוויר געוואָרן פון ר׳ שמואל־שעפּסלען, אַז פּוילישע יידן האָבן נישט פאַרגעסן פון דער אַכטער און דער תמציתדיקער חכמה פון אַלע שבע חכמות, דעריבער טאַקע זענען פּוילישע יידן אַזוי גאַטספּאַרכטיק און האָבן אַ שם־טוב איבער גאָר די תפוצות ישראל. עס האָט זיך אים, דעם קיניג, אַנגעהויבן צו לייגן אויפן שכל, אַז אַט וועט דער ר׳ שמואל־שעפּסל אַרויסנעמען פון זיינע קעשענעס די אַכטע חכמה און מיט איר אַראָפּגיין אין די טיפענישן פון אוקינוס און דאָרט אַנקלאַפּן אין די חצרות־המלכים פון לויתן.

דער מלך ר׳ יחזקאל דער גייגאונגיינציקסטער איז געווען אַ ייד אַ מאַמין און ער האָט געהאַט געוואַלדיקע אמונה אין די וויסענישן פון יידן. עס איז ביי אים אַלצדינג געוואָרן יאַוונע וויאַסנע און ער האָט געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען:

— אין איינוועגס, ר׳ שמואל־שעפּסלשי, אַז איר וועט שוין זיין אונטן ביים לויתן, ווערט ביי אים, זייט מוחל, געוויר צי ער ווייסט נישט עפּעס פון מיינס אַ גאָלדן פינגערל. אַמאָל בין איך געפאָרן אויפן ים און האָב דאָרט פאַרלוירן אַ גאָלדן פינגערל. פון דעמאָלט אָן גייט מיר עפּעס שלים־שלימזל. עס איז אַ משפּחה־פינגערל פון דור־דורות. אין אונדזער זרע־המלוכה האָבן מיר בקבלה, אַז דאָס דאָזיקע פינגערל שטאַמט פון

אדם־הראשונען. ער האָט עס באַקומען אַ מתנה פון דער מוטער חוה, און נאָר בתנאי, אַז ער זאָל עסן דאָס עפּעלע פון עץ־הדעת.

— געמאַכט! — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געענטפערט, ווי עס וואָלט פאַר אים געווען אַ קלייניקייט — איך וועל אייך, מאיעסטעט, ברענגען דאָס גאָלדן פינגערל צוזאמען מיט דער בת־מלכה.

## קאַפּיטל פיר

ר׳ שמואל־שעפּסל גייט אַראָפּ צום לויתן.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך געגרייט אין וועג אַריין.

דער קיניג האָט דערציילט סיי דער מלכה שרה־לאה און סיי דעם משנה־למלך ר׳ אַחיתופל, אַז ר׳ שמואל־שעפּסל גייט אַראָפּ אין די טיפע־נישן פון אוקינוס, כדי זיך צו דערוויסן ביים לויתן ווו עס געפינט זיך די פּרינצעסין רחלע. די מלכה איז געווען שטאַרק איינגעגלויבט אין ר׳ פּייוווקען דעם ליטוואַק. איר איז עס אויסגעקומען פּשוט בתכלית הפּשטות. אינעם ביכל „סימכע פּלאכטע״ טוט ער ווייניק וווּנדער, אָט דער ר׳ פּייוווקע? מילא וועט ער שוין גיין צום לויתן אויך. ר׳ אַחיתופל האָט גע־שמייכלט צווישן די וואָנצעס און ביי זיך געטראַכט: אַ שיינע רייגע כפּרה! אויב די חשבונות פון די שאַך־מייסטערס האָבן ביים ליטוואק גע־רירט די קלעפּקע — איז דאָך אוודאי מה טוב ומה נעים!

מען האָט ר׳ שמואל־שעפּסלען באַגלייט צום ים. דער מלך ר׳ יחזקאל האָט אים נישט אויפגעהערט צו האלדזן און צו קושן. די מלכה שרה־לאה האָט זיך געווישט די אויגן מיט אַ פאַטשיילע. דער משנה־למלך ר׳ אחיתופל איז גאָר געווען צוגעלייגט ווי אַ קעצעלע. ער האָט נישט מער געטאָן נאָר געווינטשעוועט. — ווען איר וועט אם ירצה השם געזונטער־הייט צוריקקומען, ר׳ שמואל־שעפּסלשי — האָט ער געזאָגט און גענומען אַ שמעק־טאַבאַק — וועלן מיר בלי־נדר מאַכן די גרויסע סעודת־ראש־חודש!

## קאַפּיטל פינף

דער קיניג ר׳ יחזקאל קוקט אויף אַ גאָלדענעם שפּאַקטיוו.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך אָנגעהויבן אויסצוטאָן. דאָס פּעקל מלבושים האָט ער זיך אַרויפגעלייגט אויפן קאָפּ און איז אַריינגעגאַנגען אין וואַסער. אַ שווימער איז ער געווען אַ גוטער, האָט ער באַלד אָנגעהויבן צו לייגן קלאַפּטער. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, — ר׳ שמואל־שעפּסל איז ווי נישט־געוואָרן אויף די גרויסע וואַסערן פון אוקינוס.

דער קיניג ר׳ יחזקאל האָט אַרויסגענומען אַ גאָלדענע שפּאַקטיוו און געקוקט אויפן וואַסער און דאָרט אַרומגעזוכט ר׳ שמואל־שעפּסלען. די מלכה שרה־לאה האָט הויך אַריינגעוויינט אין איר פּאַטשיילע. צווישן דער באָרד און וואַנצעס פון דעם משנה־למלך ר׳ אחיתופל האָט זיך דאָס רויטע מיילעכל פאַרקרימט אין אַ צופרידן שמייכעלע.

## קאַפּיטל זעקס

רחלעס גינגאַלדענע בגדי־מלכות אין אַ זאַק פון אַ בעטלער.

ר׳ שמואל־שעפּסל איז געשווומען און געשווומען ביז ער האָט שוין מער נישט געזען די קיניגלעכע הויפּט־שטאָט. שפּעטער איז ער צוריק צוגעשווומען צום ברעג. ער האָט זיך אָנגעטאָן די מלבושים און צופוס זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

עטלעכע שעה איז ער אַזוי געגאַנגען צופוס, ביז ער איז געקומען אין אַן אַנדער שטאָט אַריין. דאָרט זענען געשטאַנען אַ סך שיפן און זיי האָבן זיך באַדאַרפט אַוועקצולאָזן אין אַלערליי מרחקים. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט אויסגעזוכט אַ שיף וואָס שווימט אַוועק אין דער שטאָט אַריין ווו רחלע די בת־מלכה פירט איר שניט־קראָם ביד רמה און מיטן גרויסן קנאַק.

אַ חודש צייט איז ער געפאָרן מיט גוטע ווינטן.

אַ תחום־שבת פאַר רחלעס שטאָט האָט ער געזען: ווערליק די וואָלקנס אין הימל וועט זיך באַלד מאַכן אַ גרויסער שטורעם־ווינט. האָט ער זיך געפּעדערט און געבעטן ביים קאַפּיטאַן, אַז ער זאָל אים אַראָפּלאָזן פון דער שיף.

אויפן ברעג איז געלעגן אַ שטיין. אויפן שטיין איז געזעסן אַן אַל־טער בעטלער. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן בעטלער. אויפן ים האָט זיך טאַקע צעפּענטעט אַ שטורעם־ווינט. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געוואָלט זען צי עס וועט חלילה עפּעס נישט געשען מיט דער שיף.

ויאמר אליו הבעטלער — האָט דער בעטלער געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען:

— פונוואַנען ביסטו, פרעמדער מאַן? ווי אַזוי האָסטו געוווסט אַראָפּ־צוגיין פון דער שיף פאַרן שטורעם־ווינט?

ויען — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געענטפערט:

— איך בין פון מדינת פה־לין און בין אַהער געקומען מאַכן מסחר.

ויאמר הבעטלער — האָט דער בעטלער געזאָגט און געוויזן אויף אַ זעקל וואָס איז אים, דעם בעטלער הייסט עס, געלעגן צופוסנס:

— אויב דו ביסט אַ סוחר, קויף־זשע ביי מיר אָפּ אָט דאָס פּעקל מיט טייערע זאַכן. איך האָב עס געפונען צווישן די זאַמדן אויפן ברעג ים. פאַרקויפן אין דער שטאָט האָב איך מורא געהאַט. מען קאָן מיך דאָרט חושד זיין אין אַ גנבה. דערימעך האָב איך זיי דערווייל באַהאַלטן אין מיין בעטל־זאַק. היינט ביינאַכט איז מיר געקומען צו חלום אַן אַנדערער בעטלער און צו מיר געזאָגט: גיי אַרויס אויף די זאַמדן פון ברעג־ים. עס וועט קומען אַ מענטש און ביי דיר אָפּקויפן דאָס געפונענע פּעקל.

ויפתח את שקו — האָט דער בעטלער געעפנט זיין זאַק און פון דאָרט ארויסגענומען ווייבערישע מלבושים פון סאמע גינגאָלד זהב־טהור.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט אויפן אויג דערקענט רחלעס בת־מלכה־מלבושים, וואָס זי האָט געהאַט ליגן אין אַ שופלאָד פון איר קראָם־טיש. עס האָט אים שטאַרק געחידושט ווי אַזוי זיי קומען אַריין אין אַ זאַק פון אַ בעטלער.

ויתן — ר׳ שמואל־שעפּסל האָט באַלד באַצאָלט דעם בעטלער וויפל ער האָט פאַרלאַנגט. ער האָט גענומען רחלעס בגדי־מלכות, זיי פאַרבונדן אין אַ פאַטשיילע, וילך — ער איז געגאַנגען אין דער שטאָט אַריין.

## קאַפּיטל זיבן

אַ פרעמדער ייד שטייט אין רחלס שניט־קראָם און ר' שמואל־שעפּסלען ווערט נעבעך פינצטער און ביטער.

קומענדיק אין דער שטאָט איז ער באַלד אַוועקגעגאַנגען צו זיין שניט קראָם, דאָס הייסט צו זיין כלה רחלע. ער קומט אַריין אין געוועלב. עס שטייען קונים קעפּ אויף קעפּ און מען רייסט פון די הענט. אונטערן קראָם־טיש שטייט אָבער נישט — ווי געוויינטלעך — רחלע, — נייערט עפּעס אַ פרעמדער ייד אין אַ יאַרמלקע. ער שוויצט ווי אַ ביבער און שרייט דאָ אויף די קונים און דאָ אויף זיינע משרתים.

טראַכט ביי זיך ר' שמואל־שעפּסל: קיין עין־הרע רינט איר איבערן שעפּל. מחמת די געשעפטן ברענען האָט רחלע געמוזט צונעמען נאָך אַ „מענטש".

איז ער צוגעגאַנגען צום ייד מיט דער יאַרמלקע און ביי אים גע־פרעגט:

— ווו איז דער באַלעבאָס?

ווי מיר געדענקען איז רחלע געווען פאַרשטעלט פאַר אַ מאַנסביל.

— איך בין דאָ דער באַלעבאָס ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר — האָט דער ייד געזאָגט מיט גרויס ברייטקייט און מיט זיינע אויגן ר' שמואל־שעפּסלען אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז פיס — באַדערט נישט, ר' קרוב, איר זעט דאָך, אַז עס ברענט אונטער די הענט.

— איך קען דאָ אַן אַנדערן באַלעבאָס — האָט שוין ר' שמואל־שעפּסל געזאָגט מיט ירגזון.

ווערליק ר' שמואל־שעפּסלס ירגזון, האָט דער ייד מיט דער יאַרמלקע פאַרשטאַנען, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט עפּעס אַ נאָענטן קרוב פונעם פריערדיקן באַלעבאָס. האָט ער אַ געשריי געטאָן צו איינעם פון זיינע משרתים:

— יאָסל! גיי אַריין מיטן ייד אין מיין קאַבינעטל און ווייז אים דעם שטר־מכירה.

ווי ר׳ שמואל־שעפּסל האָט נאָר איבערגעלייענט דאָס כתב, האָט ער געזען, אַז כנים הדברים. רחלע האָט טאַקע דעם ייד פאַרקויפט די שניט־קראָם. האָט ער געפרעגט ביי יאָסלען דעם משרת, צי ער ווייסט נישט ווו דער פריערדיקער באַלעבאָס געפינט זיך?

נאָכדעם ווי ער האָט פאַרקויפט ר׳ געצלען די קראָם האָט ער גענו־מען די ממתקים און איז אויף אַ שיף אַוועקגעפאָרן אין די מרחקים — האָט יאָסל דער משרת געזאָגט מיט אַ גראַם — האָט מיר אַ גוטן תמיד! אויב איר זענט אַ שיינער חזן קאָנט איר הי דאַווענען פאַרן עמוד — האָט יאָסל ווידער געזאָגט און צוריקגעגאַנגען אין קראָם, ווו יידן זענען גע־שטאַנען קעפּ אויף קעפּ און געריסן פון די הענט.

ביי ר׳ שמואל־שעפּסלען אין קאָפּ איז אלצדינג געוואָרן יאַוונע וויאַסנע — נאָר עס איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן.

# קאַפּיטל אַכט

דער יונגאַטש פּייוויש דערציילט אַ מעשה־נוראַ.

ר׳ שמואל־שעפּסל איז נעבעך אַוועקגעגאַנגען מיט אַ ביטער האַרץ. ער האָט זיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן און געוואַרט אולי יאונה — אפשר וועט אים אָקעגן קומען דאָס נס.

ויהי ערב — עס איז געוואָרן נאַכט. דערווייל האַלט עס נאָך ווייט פון ניסים.

איז ער אַוועק אין אַן אַכסניה און זיך געלייגט שלאָפן.

צומאָרגנס כלחוך האָט ער אָפּגעדאַוונט און איז ווידער אַרויס אויפן גאַס. זעט ער ווי לעבן דער אכסניה שטייט אַ קרעטשמע. דאָס האַרץ האָט אים נעבעך געחלשט. טראַכט ער ביי זיך: לאָמיך אָקערשט אַריינגיין אין דער קרעטשמע און דאָרט נעמען אַ גלעזל בראָנפן מיט אַן אייער־קיכל.

כך־הוה, ר׳ שמואל־שעפּסל גייט אַריין אין דער קרעטשמע און זעצט זיך אַוועק צום טיש. דער קרעטשמער ברענגט אים עפּעס טועם צו זיין. קוים וואָס ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געמאַכט אַ „שהכל" און געטאָן אַ ניפּ צום קעלישיקל בראָנפן, זעט ער ווי עס קומט אַריין אין קרעטשמע עפּעס אַ יונגאַטש, אָנגעטאָן אין אַ „מאַטשעיוווקע", אין אַ קורץ פּעלצל און אין ממזרישע שטיוועלעך מיט כּאַלעוועס.

דער בעל־הקרעטשמע זעט דעם יונגאַטש, לויפט ער צו אים צו בשמחה רבה און שטרעקט צו אים אויסביידע הענט און גיט אים דעם גרויסן שלום־עליכם.

— ווהין האָסטו פּלוצים אַוועקגעטראָגן דאָס זעקלביינער, פּיי־וויש? — האָט דער קרעטשמער געפרעגט — כ׳האָב דאָך געמיינט, אַז אויף די עלטערע יאָרן האָסטו אַוועקגעוואָרפן די נאַרישע וועלט און ביזט מיר גאָר אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל?

— כ׳בין שוין איינמאָל געווען אין ארץ־ישראל — האָט פּייוויש גע־ענטפערט — בלי־נדר שבת גיי איך אין שוסטערישן שולכל און בענטש דאָרט גומל.

דאָ האָט פּייוויש דערציילט אַ מעשה־נורא:

— ער איז געשטאַנעןביים ים און באַקוקט די שיפן. פּלוצים גייט צו אים צו עפּעס אַ מענטש און זאָגט כהאי לישנא: קום מיט מיר אַרויף אויף אַ שיף און איך וועל דיר דאָרט פאַרקויפן אַ מציאה. ווי פּייוויש איז נאָר געווען צווישן די זעגל־טיכער האָט ער געזען: ויסעו — מען פאָרט! מען האָט מיך אַריינגעוואָרפן אין אַ קעלער אַריין — האָט פּייוויש דער־ציילט — דאָרט זענען געווען אַ סך זכרים מיט נקבות. זיי האָבן אַלע געוויינט און מיר דערציילט אָט וואָס: דאָס איז אַ שיף וואָס כאַפּט מענטשן און פאַרקויפט זיי צו מענטשן־פרעסער. מיט אונדז איז אויך געווען דער יונגער סוחר וואָס האָט דאָ אין שטאָט געפירט מיטן גרויסן קנאק אַ שניט־קראָם און געשאַרט גאָלד.

די שיף איז צוגעשוווּמען צום ריזן־אינדזל — האָט פּייוויש ווייטער דערציילט — מיך מיט דעם יונגן סוחר האָבן זיי פאַרקויפט צו די ריזן, כדי מ׳זאָל אונדז ברענגען פאַר קרבנות צו דער עבודה־זרה. מען האָט אונדז געפּאַשעט און געקעכלט מיט כל־טוב מיר זאָלן נעמען אויף זיך לייב. ווען קיינער איז נישט געווען האָב איך אויסגעהאקט אַ פענצ־טער און געמאַכט דעם ויברח.

— און אָט בין איך ווידער ביי אייך אין קרעטשמעלע, ר׳ גדליהשי. גיט מיר דאָס רעכטע כוסעלע! ווי איך בין אַ ייד, איך האָב עס כשר פאַר־דינט. אַ גאַנצע טאָג זיץ איך מיר ווי אַ רבילע איבערן סידורל און לערן זיך גומל־בענטשן. אַ שווערע האָרעוואַניע אַדורכצודרעפּטשן אַ שייטל עברי! בנאמנות, ווי איר זעט מיך אַ ייד — איך וואָלט בעסער צעהאַקט צען פורלעך האָלץ!

## קאַפּיטל ניין

ר׳ שמואל־שעפּסל לאָזט זיך אין וועג אַריין צו די ריזן־אינדזלען.

ויהי כשמוע — ווי ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געהערט וואָס פּייוויש דערציילט איז ער אויפגעשפּרונגען מלא שמחה. דאָס נס, וואָס ער האָט נעכטן אומזיסט אַרומגעזוכט אין די גאַסן, האָט געגומען און אליין גאָר אַריינגעקומען צו אים אין קרעטשמע. זעט זיך אויס, אַז די נסים וואָס געשעען מיט יידן האָבן זייער אייגענעם דרך. צו יידן קומען נישט די נסים דורך אָפענע טירן, גייערט דווקא דורך די פענצטער און דורך די קוימענס.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט באַלד געוווסט אַז עס רעדט זיך דאָ פון רחלען און אַז זי געפינט זיך אויפן ריזן־אינדזל. משום יוצא זיין האָט ער ביי פּייווישן אויסגעפרעגט נאָך פּרטים. אַלצדינג איז אַרויסגעקומען יאַווגע ויאסנע ווי אויף אַן אָפענעם טעלער.

האָט ר׳ שמואל־שעפּסל נישט באַלאַמוטשעט און איז אַרויסגעגאַנגען אויפן מאַרק. דאָרט האָט ער געקויפט אַ גרויסן בויגן שרייב־פּאַפּיר. אויפן פּאַפּיר זענען געשטאַנען אויסגעמאָלן גאָלדענע אותיות און אויך אַלערליי צאַצקעס. צו וואָס ער האָט עס געטאָן, וועלן מיר שפּעטער געווויר ווערן.

ער איז געגאַנגען צום ברעג ים און דאָרט אויסגעזוכט אַ שיף וואָס שווימט אַוועק צום ריזן־אינדזל. ער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף דער שיף און געזאָגט תפילת־הדרך. די ווינטן זענען געווען גוטע. די שיף האָט ר׳ שמואל־שעפּסלען אַהין געטראָגן ווי אַ געטרייע מאמע אין איר פאַרטעך.

ויבוא — ר׳ שמואל־שעפּסל איז בשלום געקומען אין דער הויפּט־שטאָט פונעם ריזן־אינדזל.

## קאַפּיטל צען

ניכטער איז אַ ייִד — שכור איז אַ גוי.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך באַלד אָוועקגעלאָזט צו די קיניגלעכע פּאַלאַצן. אויף דער וואָך זענען דאָרט געשטאַנען זעלנער, וואָס די העכ־סטע אַרזי־לבנון וואָלטן זיי קוים דערגרייכט צו די קנעכלען. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געמוזט הויך שרייען כדי זיין קול זאָל דערגרייכן צו זייערע אויערן. ער האָט הויך אַרויפגעשריגן צו די זעלנער, אַז ער האָט גע־ברענגט פאַרן קיניג אַ סוד.

עס איז באַוווּסט פון קדמונים: גראָד די גרעסטע ריזן כאַפּט אַרום אַ ציטערניש אין די לענדן ווען זיי דערהערן, אַז מען רעדט פון סודות. מן־הסתם נעמט עס זיך פון דעם כולו־גשמיות פון זייערע געוואַלדיקע גופים.

איז טאַקע געוואָרן אַ מהומה צווישן די קיניגלעכע וואַכן. הענדום־פּענדום זענען די זעלנער אַריינגעלאָפן אינעווייניק אין די חצרות־המלכים און האָבן דאָרט אונטערטעניקסט געמאָלדן, אַז אינדרויסן שטייט עפּעס אַ פּיצעלע מענטשעלע מיט אַ סוד.

גראָד איז געווען אינמיטן פון אַ גרויסער מלוכה־אַסיפה. דערהערט אַ סוד האָבן זיך דער קיניג און די שרי־מלוכה שטאַרק דערשראָקן. מען האָט איבערגעריסן די וואזשנע אסיפה און געהייסן באותו הרגע אַריינ־פירן ר׳ שמואל־שעפּסלען.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געזען ווי די ריזן ציטערן און פלאַטערן און קאָנען זיך שוין נישט דערוואַרטן אויפן סוד. האָט ער, ר׳ שמואל־שעפּסל הייסט עס, זיך זייער געלאָסן געפּרעגט אויפן פּרינצל וואָס איז מיקלאָמ־פּערשט רחלעס חתן. איך האָב פאַר אים — האָט ער געזאָגט — אַ פּריינטלעכן גרוס ווי אויך אַ בריוול פון זיין כלה וואָס איז דערטרונקען געוואָרן אין ים.

ווי מיר ווייסן, האָבן די גרעסטע ריזן דווקא מחלעך פון די

קלענסטע פליגן. מחמת דערימעך איז זיי לייכט איינצורעדן אַלערליי בבא־מעשיות. — איז טאַקע די מהומה צווישן דעם קיניג מיט זיינע שרים געוואָרן אין לשער. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געזען ווי זיי פאַרלירן דאָס לשון און ווערן בלאס ווי די ליילעכער.

האָט מען הענדום־פּענדום אַריינגערופן אין טראָן־זאַל אַריין די דריי פּרינצלעכע בנאָקלעך, און ר׳ שמואל־שעפּסל האָט מיט גרויס וואַזשנע־קייט דערציילט אַזאַ מעשה:

— הנה זייט וויסן — האָט ער געזאָגט — אַז איך בין אַ ייד אַ יובילער און האנדל מיט אַלערליי אבנים־טובות. דאָ האָט ר׳ שמואל־שעפּסל אַרויסגענומען פון זיין פּאַטשיילע עטלעכע וווּנדערלעכע ברי־ליאַנטן וואָס ער האָט געהאַט צונויפגעקליבן אין דעם בויך פון עם פיש און זיי געוויזן די ריזן. — די דאָזיקע בריליאַנטן — האָט ער געזאָגט — געפינען זיך בייערט אין גאָר די טיפעניש פון ים אוקינוס. איך בין דאָרט אַן אייגענער און אַ בן־בית און קום אָפטער אַריין אין די חצרות־המלכים פון לויתן און קויף ביי אים בריליאַנטן און באַצאָל אים דערפאַר שווערע גאָלדענע דוקאַטן.

— אַמאָל בין איך אַראָפּגעקומען צום לויתן צו מאכן מיט אים מסחר. זע איך עפּעס אַ בתולה אין גינגאָלדענע מלבושים. טראַכט איך מיר: ווי קומט נאָך אַ מענטש צום לויתן אין די פּאַלאַצן? די בתולה האָט מיר עפּעס נישט אויסגעקוקט ווי אַ סוחרטע פון בריליאַנטן.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך אַרומגעקוקט אויפן געזעמל פון די ריזן און געזען ווי זיי האַלטן זיך שוין קוים אויף די פיס פון גרויס חידוש. אַ ווערטעלע אויסצורעדן! אָט שטייט דאָ פּאַר זיי אַ קאַרליקל וואָס, מיר־נישט, דיר־נישט פירט ער גאָר מסחרים מיטן לויתן!

— די בתולה האָט מיך אָוועקגערופן אין אַ זייט — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל ווייטער דערציילט און טאַקע זייער פּאַמעלעכל און געלאַסן — און האָט מיר מוסר געווען אַ סוד כהאי־לישנאָ:

— הנה, זייט וויסן — האָט זי שטיל געזאָגט כדי דער לויתן זאָל נישט הערן. מחמת דער לויתן קאָן נאָך חלילה אַריינפאַלן אין כעס און אַ שאָקל טאָן מיטן ווידל און חרוב מאכן די וועלט.

— הנה זייט וויסן — האָט די נעמלעכע בתולה הנ״ל צו מיר געזאָגט אויפן אויער — אז איך בין אַ כלה פאַר איינעם פון די דריי זין פון זיין מאַיעסטעט דעם קיניג פון די ריזן־אינדזלען. האָט זיך מיט מיר געטראָפן אַ מכשול און איך בין אַריינגעפאלן אין ים. איז געקומען אַ גרויסער פיש און האָט מיך איינגעשלונגען און מיט מיר אָוועקגעשווומען צום לויתן און מיך אים געשענקט פאַר אַ מתנה. איך האָב געפונען חן און לייטזעליקייט אין די אויגן פון לויתן און ער באַהאנדלט מיך ווי אַן אייגן קינד. עס פעלט מיר נישט ביי אים פון מארצעפּאַנעס און פויגל־מילך. נאָר אלצ־דינג גייט מיר נישט איין. טאָג ווי נאַכט בענק איך צו מיין חתן דעם פּרינץ אויפן ריזן־אינדזל. ביינאַכט ווען אַלע שלאָפן טו איך נישט צו קיין אויג. איך זיץ כסדרביים פענצטער, קוק אַרויס צו דער לבנה און זינג ליבע־לידלעך.

דאָס תכשיטל, דאָס מיקלאָמפערשטע חתנדל פון רחלען האָט פון גרויס צופרידנקייט זיך אַ דריי געטאָן ביי דער וואָנצע, וואָס איז געווען צוויי הונדערט איילן לאַנג.

ר׳ שמואל־שעפסל האָט אַרויסגענומען דאָס בייגעלע פּאַפּיר מיט די גאָלדענע אותיות און מיט די צאצקעלעך וואָס ער האָט געקויפט אויפן מאַרק. ער האָט דאָס פּאַפּירל געוויזן לעיני המלך והשרים און צוגעגעבן:

— נאָט אייך אָט דאָס בריוועלע — אַזוי האָט צו מיר געזאָגט די נעמלעכע בתולה — און ווען איר וועט אם ירצה השם בלי־נדר צוריק אַרויפקומען אויף דער יבשה, זייט אַזוי גוט און גיט עס איבער מיין טייערן חתן.

— ואם לא יאמינו לי? — האָב איך געזאָגט צו דער נעמלעכער בתולה — אויב זיי וועלן מיר נישט גלייבן און זאָגן, אַז איך האַק אַ טשייניק? ס׳איז דאָך עפּעס נישט קיין ווערטעלע אָנצוהייבן מיט ריזן!

דאָ האָט ר׳ שמואל־שעפסל אַרויסגענומען פון זיין פּאַטשיילע דעם בריליאַנט אין דער גרייס פון אַ הינערן איי און אים געוויזן דעם חתן.

— דאָס — האָט ר׳ שמואל־שעפסל געזאָגט — האָט מיר די בתולה הנ״ל, די בת־מלכה הייסט עס, געגעבן פאַר אַ סימן און אַ וואָרט־צייכן, אַז איך דערצייל דעם ריינעם אמת. אָט די כלה־מתנה — האָט זי געזאָגט

— האָב איך באַקומען פון מיין טייערן חתן ווען די תיפלהס האָבן אָנגע־הויבן צו קלינגען און מיר זענען געגאנגען זיך בוקן צום ים.

דאָס פרינצל, דער חתן, איז שיער נישט געפאַלן אין חלשות ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויפן בריליאנט. קוים וואָס ער האָט אַרויסגעבעבעט צו זיין טאטן דעם מאַיעסטעט:

— דער יודע ר׳ שמואל־שעפסל איז נעבעך אַן ערלעכער מאַן.

ווען ר׳ שמואל־שעפסל האָט געזען, אַז עס האַלט שוין אַזוי ווייט, האָט ער נאָך אַמאָל אונטערגעטראָגן דאָס בייגעלע פּאַפּיר צום חתן און געזאָגט צו אים:

— נאַט און לייענט, אייער פרינצלעכע הויכקייט, דאָס בריוועלע וואָס אייער הויכגעשעצטע כלה שרייבט אייגנהענטיק.

דער חתן האָט זיך אָנגעטאָן אַ פּאָר שפּאַקולן. אַיעדעס גלאָז פון די שפּאַקולן איז געווען אַזוי גרויס ווי אַ קאַמעניצע. ער האָט גענומען דאָס בייגעלע פּאַפּיר אין די לאַפּעס אַריין, באַקוקט די צאַצקעס פון אַלע זייטן און זיי נענטער צוגענומען צו זיינע שפּאַקולן. נאָר וואָס פועלן די גרעסטע שפּאַקולן ווען מען איז נעבעך געהרגעט אויף דער עברי? האָט ער צוריק געגעבן דאָס בריוועלע ר׳ שמואל־שעפסלען און צו אים געזאָגט ווי אַן אָפּגשמיסענער:

— עפּעס זענען ביי מיר היינט די שפּאַקולן נישט ווי עס באַדאַרף צו זיין. לייענט איר, ר׳ שמואל־שעפסלשי!

ר׳ שמואל־שעפסל האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און לעיני המלך והשרים האָט ער הויך אָנגעהויבן צו לייענען רחלעס מיקלאָמפּערשטע בריוועלע. דאָס בריוועלע איז געווען געשריבן אין ריינסטן דייטשמעריש:

— אַהובי אַרוסי! — שרייבט מיקלאָמפּערשט רחלע צו דעם פרינצ־לעכן ריז — הערצנס־פּיל־געליבטער ברויטיגאם! ראשית קום איך דיר צו מעלדן אַז איך בין גאָט זיי דאנק געזונד. דאָס געמלעכע פון דיר צו הערן אויף אימער אונד עוויג. אמן סלה. שנית, טו איך דיר שרייבן, ווער עס איז אָט דער יודע ר׳ שמואל־שעפסל. ער איסט איין גראָסער סוחר פין בריליאנטן און אבנים־טובות און מאַכט קיין עין־הרע, געשעפטע מיטן לויתן אויף שווערע טויזנטער. ווען ער איז אַנומלטן ווידער ארונטערגעקו־

מען אין די קיניגלעכע פּאַלעסטע פון לויתן האָבן מיר זיך באַקענט. אים האָב איך טאַקע געגעבן אין די הענט אַריין דאָס בריוועלע צו דיר, מיין הערצנס־פּיל־געליבטער ברויטיגאם!

אין די פּאַלעסטע פון דעם קיניג פון די פיש גייט מיר, ברוך־השם, נישט שלעכט און עס פעלט מיר נישט פון אלדאָס־גוטס. נישט מער, וואָס דאָס בענקעניש צו דיר, מיין הערצנס־געליבטער ברויטיגאם, לאָזט מיך נישט שלאָפן קיין נעכט.

אַמאָל כטוב לב המלך ביין — ווען דער לויתן איז געווען אויפ־געלייגט, ער האָט פּונקט געהאַט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער מיט זיין משנה־למלך, וואָס איז אַ גרויסער וואלפיש — האָב איך מיך זיבן מאָל אַ בוק געטאָן פאַרן לויתן, און האָב פאַר אים אויסגעגאָסן מיין ביטער האַרץ. איך האָב אים דערציילט, אַז איך בין אַ כלה פאַר אַ בן־מלך פון ריזן־אינדזל און עס פּאַסט נישט פאַר דעם מאַיעסטעט פון אַלע אוקי־נוסן צו האַלטן ביי זיך אַ פרעמדע כלה. דערצו נאָך אַ כלה פון אַ ריז.

דער לויתן האָט מיר געענטפערט מיט פיל חן וחסד:

— חלילה וחס און באַהיטע גאָט! וואָס בין איך עפּעס דאָרט אַ לאָבוסל פון אַ פישל זיך צו טשעפּן צו פרעמדע כלות? נישט מער — עס געהער צו די עטיקעטעס פון מיין קיניגלעכן הויף צו האָבן אַ טריקע־ניש־מענטש צווישן מיין סוויטע אין די וואַסערן. שרייב, למען השם, צו דיין חתן, אַז אויף דיין אָרט זאָל ער מיר שיקן אַן אַנדערן מענטש פון דער יבשה — און איך וועל דיר צוריקשיקן מיט גרויס פּאַראַד און מתנות.

על כן אהובי אַרוסי, מיין הערצנס־געליבטער ברויטיגאם, נעם אַן אַנדערן מענטש, בייערט ער זאָל זיין אַ יופי פון אַ בחור, און גיב אים דעם ר׳ שמואל־שעפּסל הנ״ל דעם גראָסן ברילִיאַנטן־סוחר. ער וועט מיט דעם אַנדערן מענטש אַוועקפאָרן אין די ים־טיפענישן צום לויתן. שפּעטער וועט ער מיך צוריקברענגען צו דיר מיט פּאַראַד און מתנות און מיר וועלן גיין אונטער דער חופּה און די תיפּלהס וועלן דערביי קלינגען, כדת ווי עס פירט זיך ביי די ריזן.

פון מיר דיין הייסגעליבטע ברויט

רחלע די בת־מלכה.

ווי ר׳ שמואל־שעפּסל האָט נאָר געהאַט איבערגעלייענט דאָס שיינע בריוועלע, האָט דאָס פּרינצלעכע חתנדל אָנגעהויבן צו גליען ווי אויף פּאָקן. ער האָט אַ געשריי געטאָן צו זיין טאַטן און די שרי־מלוכה, אַז אויב מען ברענגט אים נישט צוריק די כלה, נעמט ער און מאַכט חרוב די וועלט.

האָט מען הענדום־פּענדום געמאַכט אַ קיניגלעכע אסיפה און די אסיפה האָט באַשלאָסן, לאמור אַזוי צו באַשליסן:

— היות ס׳איז נאָך עטלעכע חדשים צייט צו דער חגא ווען מען באַדאַרף פּאַרברענען אַ מענטש צום ים, איז זאָל מען דערווייל נעמען דעם יונגנמאַן (דאָס מיינט מען די פּאַרשטעלטע רחלע), וואָס מען פּאַשעט מיט ראָזשינקעס און מאַנדלען, און אים מוסר זיין דעם בריליאַנטן־סוחר. זאָל ער אים אָוועקפירן צום לויתן, ובמקומו — אויף זיין אָרט צוריק ברענגען די הייס־געליבטע כלה פון דעם פּרינצל וואָס גליט נעבעך ווי אויף פּאָקן און סטראַשעט חרוב צו מאַכן די וועלט.

מען האָט נישט לאַנג באַלאַמוטשעט. דער פּרינץ אַליין איז געלאָפן ברענגען די פּאַרשטעלטע רחלען. ער האָט זי איבערגעגעבן ר׳ שמואל־שעפּסלען און דערביי געזאָגט:

— נאָט אייך, ר׳ שמואל־שעפּסלשי, אָט דעם שמענדריק. לויפט מיט אים הענדום־פּענדום אַראָפּ צום לויתן און ברענגט מיר פון דאָרט צוריק מיין הייס־געליבטע ברויט.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט גענומען רחלען און מיט איר געגאַנגען צום ים. דאָרט האָט ער געקויפט אַ שיפל. דאָס שיפל האָט מען צוגעטשעפּעט צו אַ גרויסער שיף וואָס איז געגאַנגען צו די אינדזלען פון ר׳ יחזקאל דעם גיינאונגיינציקסטן.

דער ים איז געווען שטיל ווי אַ לעמעלע. לינדע ווינטן האָבן גע־בלאָזן אין די זעגל־טיכער. ר׳ שמואל־שעפּסל איז געזעסן אין שיפל צו־זאַמען מיט זיין זיווג רחלע די בת־מלכה. ער האָט איר דערציילט די גאַנצע מעשה פון אלף ביז תיו, אַריינגערעכנט די מעשה מיטן ביכל „סימכע פלאכטע" און מיטן משנה־למלך ר׳ אחיתופל.

חתן־כלה האָבן האַרציק געלאַכט ווי אַזוי קלוגע יידן קאָנען דעם וועלטל אָנטאָן אַ ספּאָדיק.

## קאַפּיטל עלף

מען קוקט מיט גאָלדענע שפּאַקטיוון. — פּייווקעלע ליטוואַק מיט דער בת־מלכּה.

מיום עזבו — זינט ר׳ שמואל־שעפּסל איז נאָר געהאַט אַוועקגעפאָרן — ווען דער קיניג ר׳ יחזקאל דער ניינאונניינציקסטער האָט נאָר געהאַט אַ ביסל פרייע צייט, איז ער אַרויסגעגאַנגען צום ים, זיך אַוועקגעשטעלט אויפן ברעג און מיט זיין גאָלדענעם שפּאַקטיוו אַרומגענישטערט אויף די ווייטקייטן פון אוקינוס: אולי־ירחם — טאָמער שטעקט שמואל־שעפּסל אַרויס דעם קאָפּ פון די וואַסערן? אַזוי ווי אַ משנה מוז דאָך כסדר זיין ביי דער רעכטער האַנט פון מלך, האָט אויך ר׳ אחיתופל געמוזט מיטגיין צום ים. מיקלאָמפּערשט האָט ער אויך געקוקט און געזוכט ר׳ שמואל־שעפּסלען. טיילמאָל האָט אים דער קיניג דערלאַנגט דעם גאָלדענעם שפּאַקטיוו און צו אים געזאָגט:

— טוט נאָר אַ קוק, ר׳ אַחיתופלשי, מיר דוכט זיך, אַז איך זע דאָרט עפּעס אַ פּינטעלע.

ר׳ אַחיתופל האָט מכלומרשט דורכן שפּאַקטיוו אַ קוק געטאָן אויף די וואַסערדיקע מרחקים און געזאָגט צום קיניג:

— עך זע גאָר נישט, מאַיעסטעט. עס מוז זיין עפּעס דאָרט אַ פישל. מאַכט זיך אַ מעשה אַמאָל אין אַ דאָנערשטיק אינדערפרי. דער קיניג ר׳ יחזקאל מעסט אָפּ מיט זיין שפּאַקטיוו די וואַסערן פון אוקינוס. — פּלוצים טוט ער אַ געשריי צום משנה ר׳ אחיתופל און דערביי דערלאַנגט ער אים דעם שפּאַקטיוו. זאָל דער משנה אויך קוקן.

— זעט דאָרט ר׳ אחיתופלשי! — ווייזט דער קיניג מיט אַ פינגער. — אויף די פּאַליעס וויגט זיך מיר אַ שיפל. אין שיפל שטייען מיר צוויי מענטשן. אויף איינעם פון די מענטשן בליצט און בלאַנקט מיט גינגאָלד. עפּעס גייט ער מיר, דוכט זיך, אָנגעטאָן אין בגדי־מלכות.

ר׳ אַחיתופל האָט גענומען דעם שפּאַקטיוו, געקוקט און געקוקט. די הענט האָבן אים אָנגעהויבן צו ציטערן. דאָס מיילעכל צווישן דעם וואַלד פון באָרד און וואָנצעס האָט, ווי נישט ווילנדיק אויסגערופן:

— פּייוּוקעלע ליטוואַק!

אינצווישן האָבן די פּאַליעס וואָס נענטער צוגעטראָגן דאָס שיפל. מיט די בלויזע אויגן האָט מען שוין געקאָנט זען, סיי ר׳ שמואל־שעפּסלען און סיי רחלען אין אירע גינגאָלדענע בגדים פון אַ בת־מלכה.

ר׳ יחזקאל המלך איז שיער נישט געפאַלן אין חלשות. דער משנה ר׳ אחיתופל האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז די שמחה־רבה הויבט אים אין דער לופטן. נאָר אַפילו אַ בלינדער האָט געקאָנט זען, ווי ער איז שוואַרץ ווי קויל. הענט און פיס האָבן זיך אונטער אים געוואָרפן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די בשורה האָט דערגרייכט צום קיניגלעכן הויף. די מלכה שרה־לאה האָט נישט באַוויזן זיך אָנצוטאָן די בגדי־מלכות. אין גרויס איילעניש האָט זי אויף זיך אַרויפגעכאַפּט דאָס טערקישע טוך פון איר הויף־גבאיטע און איז אַרויסגעלאָפן צום ים.

ווען ר׳ שמואל־שעפּסל מיט רחלען זענען צוגעשווומען צום ברעג, איז שוין געווען ותהום כל העיר. דער ים־ברעג איז שוין פול געווען הן מיט שרי־מלכות און הן מיט גאָר פּראָסטע יידן, עמך שער און אייזן. אַלע האָבן געווינטשעוועט דעם מלך ר׳ יחזקאל און דער מלכה שרה־לאה. יידן האָבן פון אַלע זייטן אויסגעשטרעקט שלום־עליכמס צו ר׳ שמואל־שעפּסלען. די מלכה שרה־לאה איז געלעגן אויף רחלעס האַלדז און זיך דאָרט פאַנאַנדערגעיאָמערט אין דעם גרויסן געוויין פון שמחה.

## קאַפּיטל צוועלף

אַ לשון־קודשדיק בריוועלע פון לויתן צום קיניג ר׳ יחזקאל. — ר׳ אחיתופל וויל זיך מגייר זיין אויף אַ ליטוואַק. — ענדע גוט אַלץ גוט.

ויהי ככלות — פאַרט האָבן זיך פאַרענדיקט די געוויינען און קושע־נישן. דער משנה־למלך ר׳ אחיתופל איז געווען שוואַרץ ווי די ערד. וואָס ער האָט אין האַרצן געווינטשעוועט ר׳ שמואל־שעפּסלען, מעג גיין אויף אַלע וויסטע ביידעמער און פּוסטע קרעטשמעס. פונדעסטוועגן האָט ער זיך געריבן די הענט. מיקלאָמפּערשט טוט אים די וואזשנע הנאה צו זען ר׳ שמואל־שעפּסלען אַ צוריקגעקומענעם.

דער מלך ר׳ יחזקאל האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין כסא־מלוכה אין טראָן־זאַל. צו זיין רעכטער האַנט האָט זיך אַוועקגעזעצט דער משנה ר׳ אחיתופל. אַרום און אַרום זענען געשטאַנען די זיבעציק יועצי־המלך און צווישן זיי ר׳ שמואל־שעפּסל. עס האָט געהייסן: מען גייט ר׳ שמואל־שעפּסלען מאַכן פאַר אַ גראַף.

דערווייל האָט ר׳ שמואל־שעפּסל אַרויסגענומען פון דער קעשענע אַ פאַרזיגלטן בריוו און אים דערלאַנגט זיין מאַיעסטעט. עס האָט גע־הייסן: דאָס איז אַ בריוו פון לויתן צום קיניג ר׳ יחזקאל דעם ניינאונ־ניינציקסטן. דער קיניג האָט אויפגעריסן די זיגלען און דעם בריוו אי־בערגעגעבן צו די הענט פון ר׳ אַחיתופלען. דער משנה זאָל אים לייענען לעיני כל השרים. דער בריוו איז געווען געשריבן אין ריינעם לשון־קודש. מחמת דער מחבר וויל, אַז אויך ווייבער זאָלן פאַרשטיין וואָס אַ לויתן שרייבט צו אַ יידישן קיניג, דערימעך זעצט ער אים איבער אויף ריינעם עברי־טייטש. וזה לשונו — דאָס איז דאָס לשון פון דעם בריוו.

— לכבוד הרב הגאון והמלך מהור״ר ר׳ יחזקאל ירום הודו, המכונה ר׳ יחזקאל דער ניינאונניינציקסטער.

אחדש״ה. מ׳מני, פון מיר, דעם מעכטיקן קיניג לויתן, המושל, וואָס הערשט און געוועלטיקט איבער די ימים און זייערע באַשעפענישן, צו די הענט פון דעם גרויסן, מעכטיקן ר׳ יחזקאל וואָס קיניגט און געוועלטיקט איבער די אינדזלען פון דער יבשה.

להוי ידוע, זאָל כבוד מלכותו וויסן: ווען דער פיש האָט איינגעשלונ־גען את בתו הבתולה המהוללה הבת־מלכה רחלע שתחיה און זי געבערענגט אל ארמונותי, צו מיינע פּאַלאַצן הייסט עס, אויפן גרונט פון ים — בין איך נזהר געווען אין די עטיקעטעס וואָס פירן זיך צווישן מלכים און האָב די בתולה הנ״ל אָפּגעהיט ווי אַן אויג אין קאָפּ. וגם נתתי אל שליחו ר׳ שמואל־שעפסל נרו יאיר, את הפינגערל וואָס כבוד מלכותו האָט מיט צוואַנציק יאָר צוריק פאַרלוירן אצלי אין מיינע ימים. בזכות זה וואָס איך שיק צוריק די בת־מלכה ואת הפינגערל הנ״ל בעט איך אויף זייער אָרט מ׳יר צו שיקן...״

דער משנה־למלך ר׳ אחיתופל האָט פּלוצים אויפגעהערט צו לייע־נען. די גרויסע באָרד און וואָנצעס האָבן זיך אים געטרייסלט ווי אַ וואַלד אין שטורעם־ווינט. און ער האָט אָנגעהויבן צו פינטלען מיט די אויגן.

— פאַרוואָס לייענט איר נישט ווייטער, ר׳ אַחיתופל? האָט דער מלך ר׳ יחזקאל געפרעגט.

ר׳ אַחיתופל האָט עפּעס געבעבעט און געזאָגט, אַז אים איז לא עלינו, פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן.

— טאָ גיט זשע ר׳ שמואל־שעפסלען דעם בריוו, וועט ער אים לייע־נען — האָט דער קיניג באַפוילן.

נישט געבן ר׳ שמואל־שעפסלען דעם בריוו וואָלט געהייסן אַ מורד־במלכות. האָט ער אים מיט ציטערדיקע הענט דערלאַנגט דעם בריוו. יע־נער האָט זיך אָנגעטאָן די שפּאַקולן און אָנגעהויבן ווייטער צו לייענען:

— אהובי וידידי הרב הגאון והמלך ר׳ יחזקאל — שרייבט ווייטער דער לויתן — כפי ששמעתי, ווערדליק עס האָט דערגרייכט צו מיינע אוי־ערן האָט כבוד מלכותו אַ משנה מיטן נאָמען ר׳ אחיתופל. דאָס זאָל עפּעס זיין אַ ייד אַ גרויסער חכם ונבון. וכאשר, ביי מיר אין די ימים איז לעצטנס עפּעס נישט מיט אַלעמען, על כן נאָ זייט אַזוי גוט, און באָרגט

מיר אויס אייער משנה דעם ר׳ אַחיתופל הנ״ל אויף עטלעכע וואָכן. זאָל ער ביי מיר אין דער מלוכה מאַכן פּאַריאַדקעס.

אונטערגעשריבן מיט אַ געציקלטן כתב
ממני המלך לויתן.

נאָך דער אונטערשריפט גייט אַ קיניגלעכער פּעטשאַט געחתמעט מיט רויטן ליאַק.

ווען ר׳ שמואל־שעפּסל האָט פאַרענדיקט דאָס לייענען האָבן זיך אַלע זיבעציק שרי־מלכות געריבן אין די הענט פון נחת. משמעות איז קיינער פון זיי נישט געווען קיין גרויסער ידיד דעם משנה ר׳ אחיתופל. ר׳ אחיתופל אליין איז געוואָרן נאָך שוואַרצער. ער האָט זיך געטרייסלט ווי אַ לולב און פאַרגעסן אַלע עטיקעטעס. פלוצים האָט ער אָנגעהויבן הויך צו וויינען און איז געפאַלן דעם קיניג צו די פיס און געבעטן, מען זאָל זיך אויף אים דערבאַרעמען און אים, דעם סאַמאָראַדנעם משנה הייסט עס, שענקען דאָס לעבן.

דער קיניג האָט זיך שטאַרק פאַרחדושט, וואָס דער קלוגער משנה רעדט אַזעלכע נאַרישקייטן. סטייטש, ר׳ אַחיתופל — האָט ער געזאָגט צום משנה — עס וועט דאָך אייך ביים לויתן זיין ווויל ווי די וועלט. קוקט אָן ווי עס זעט, קיין עין־הרע, אויס די פּרינצעסין רחלע! באַלאַ־מוטשעט נישט, ר׳ אַחיתופל, און גרייט זיך אין וועג אַריין. איך, אין מיין אייגענער מאַיעסטעט און די זיבעציק שרי־מלכות וועלן אייך באַ־גלייטן צום ים מיט פּויקן און טראָמפּייטן.

די שרי־מלכות האָבן איינשטימיק מסכים געווען מיטן מלך. ס׳הייסט! נישט טאָן דעם לויתן אַזאַ קליינע טובה און נישט אַהינשיקן דעם משנה צו מאַכן פּאָריאַדקעס אויף די אָפּגרונטן פון אוקינוס?!

ר׳ אַחיתופל האָט אָבער ווייטער געיאָמערט, אַז אויב אויף אים גייט שוין אַזאַ ביטערע גזירת־המלכות אָוועקצופאָרן אויף עטלעכע חדשים פון דעם קיניג ר׳ יחזקאל — טאָ באַשטייט ער שוין בעסער אָוועקצו־פאָרן קיין דער ליטע און זיך דאָרט מגייר זיין פאַר אַ ליטוואַק. ער וועט דאָרט לערנען חכמה און ליטווישקייט ביי ר׳ פּייוועקען פון דעם ביכל „סימכע פּלאַכטע״.

דאָ האָט פלוצים ר׳ אחיתופל אָנגעהויבן צו לויבן אַלע ליטוואַקעס אין טאָג אַריין, ובתוכם ר׳ שמואל־שעפּסלען. ער האָט געשריגן מיט אַ יאָמערלעך קול, אַז מען דאַרף נאָך מער ליטוואַקעס אין דער מדינה. פּשוט עס איז אַ מלוכה־נויטוועגדיקייט פאַרן מלך ר׳ יחזקאל דעם נייגֿ־אונגיינציקסטן צו נעמען זיין משנה און אים אַוועקצושיקן קיין דער ליטע, זאָל ער זיך דאָרט לערנען ביי ר׳ פּייוקען ווי אזוי מען דרייט דאָס רעדל פון דער וועלט!

דאָ האָט ר׳ אחיתופל פאַרלוירן דאָס לשון און האָט אָנגעהויבן צו וויינען ווי אַ קינד און זיך ווידער געבעטן, אַז מען זאָל האָבן רחמנות און אים שענקען דאָס לעבן.

ווי ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געזען, אַז עס האַלט שוין אזוי ווייט, ויכמרו רחמיו — האָט ער רחמנות באַקומען סיי אויף זיין שונא, דעם פאַלשן ר׳ אחיתופל און סיי, קיין עין הרע, אויף אזוי פיל קיניגלעכע יידן וואָס לאָזן זיך פירן אין באָד אַריין און דאָרט אָנטאָן ספּאָדעקעס. מען טאָר נישט נעמען אזא טייערע זאַך ווי יידישע אמונה — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל זיך געמוסרט — און זי אַוועקשטעלן אויף דער מדריגה פון בבא־מעשיות פון לויתן. אַ ביסעלע שקאָצישקייט מהיכא־תיתי! מען טאָר אָבער נישט טרייבן צופיל קאָטאָוועס אויפן חשבון פון אַן עדה יידן.

און ער האָט זיך אָנגערופן צום גאַנצן קיניגלעכן געזעמל:

— שמעו נאָ רבותי, יידן פון יידנלאַנד! זענט איר דאָך עפּעס, קיין עין־הרע, אויסגעבונדן אין די פּיצינקע אותיותלעך, יידן חכמים ונבונים. יידן, וואָס געוועלטיקן איבער אינדזולען און דרייען אַ רעדל. גלייבט איר טאַקע, יידן בני אַברהם יצחק ויעקב, אַז די בת־מלכה רחלע איז געווען ביים לויתן אין די פּאַלאַצן?

— ס׳טייטש, מיר האָבן עס דאָך געזען אויף אונדזערע אייגענע אויגן! — האָבן אַלע זיבעציק יועצים געזאָגט ווי איין מאַן. דער מלך ר׳ יחזקאל האָט נאָך צוגעגעבן: די מלוכהשע קאַנצעלאַריעס אויפן ריזן־אינדזל האָבן מיר צוגעשיקט ראַפּאָרטן. דאָרט שטייט כתוב וחתום, אַז רחלע איז דערטרונקען געוואָרן אין ים. עפּעס, ר׳ שמואל־שעפּסלשי,

בעבעט איר מיר ווייטער, ווי איר וואָלט נעבעך געוווען געריירט אויף דער קלעפּקע.

האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזעצן, ווי מען קאָן די קליגסטע יידן מאַכן פאַר נאַראָנים ווען מען דערציילט זיי פון יארידן אין הימל. עס קומען צייטן ווען אויך אַ יידישער מלך ווערט אַ פאַלנער מנחם־מענדל. דערצו האָט ער אַ קוק געטאָן אויפן משנה ר׳ אַחיתופל. „וועל איך פאַרציען דאָס פורים־שפּיל אין דער לאַנגער באַנק אַריין — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל ביי זיך געטראַכט — וועט מען אַרום דעם משנה מוזן אָנצינדן ליכט און זאָגן „יושב־בסתר״. האָט אים דאָס האַרץ מער נישט געקאָנט איבער־טראָגן ר׳ אַחיתופלס צער און ער איז אַרויס מיטן גאַנצן אמת־ויציב. ער האָט אויפגעדעקט די שפּיל־קאָרטן, און דערציילט לפני המלך והשרים פון אלף ביז תיו — און טאַקע מיט אַלע פּיטשעווקעס — ווי אַזוי עס זע־נען געשען די געשעענישן.

יידן זענען מודים על האמת און האָבן האָלט אַ שפּיצל. נישט גע־קוקט דערויף וואָס ר׳ שמואל־שעפּסל האָט גענומען אַ מלך, אַ משנה־למלך און זיבעציק שרים און זיי אויסגעשטעלט פאַר לעמעשקעס — האָבן פונדעסטוועגן אַלע האַרציק געלאַכט פון דער מעשה. דער מלך ר׳ יחזקאל האָט געזאָגט אַז ר׳ שמואל־שעפּסל איז נישט בלויז אַ חכם ונבון אין ש״ס ופוסקים און אין די שבע חכמות, נייערט ער איז אויך אַ ייד גאָר אַ באַשמחהטער און קאָן פריילעך מאַכן אַנדערע יידן. יידישע שמחה — דאָס איז מן־הסתם די אכטע חכמה, וואָס איז דער תמצית פון אַלע זיבן חכמות און פון וועלכער איר האָט מיר געזאָגט, ר׳ שמואל־שעפּסלשי, בעת איר זענט, שקאָץ איינער, מיקלאָמפּערשט אַראָפּגעפאָרן צום לויתן? האָט דער מלך געזאָגט און גענומען אַ גרויסן שמעק טאַבאַק.

— געטראָפן אין פּינטל, מאַיעסטעט — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזאָגט — די אכטע חכמה פון אַלע זיבן וועלט־חכמות איז די יידישע שמחה און דאָס מיינט דער יידישער בטחון.

פלוצים האָט מען געהערט ווי דער משנה־למלך ר׳ אחיתופל הויבט אָן צו רעדן ליטוויש מיט סאַמע סמכן און קמצן. ער האָט געטאָן אַ קלאַפּ אין טיש אריין און געזאָגט:

— אַדוני קיניג! סעים האָב איך אַ קלוגע עיצע: לאָמיר אָפּדרוקן על כעסבן האַמעלעך דאָס ביכל „סימכע פלאכטע" און אַרויסגעבן אַ גזירת־המלכות, אַז יעדער ייד מוז עס לייענען. אָבער טאַקע קאָל ישראָעל מקטן ועד גדול. סיי אַ סוסטער אויפן בענקל און סיי אַ סניידער ביי דער נאָדל. עס מוזן זיצן פאַרטראַכטע און לייענען „סימכע פלאכטע" אַלע מאנסבילן און ווייבער און אַלע אַנדערע סאַלאַמויזן סיי אין קרעצמעס און סיי אין קלויזן. איך אַליין וועל יעדן טאָג פאַרן דאַווענען, לייענען אַ בלעטל פונעם ביכל ווו עס רעדט זיך פון ר׳ פּייווקען דעם ליטוואַק.

— מסכים! — האָבן דער קיניג מיט די זיבעציק שרים געזאָגט בפּה אחד.

— איצטער — האָט באַפוילן דער קיניג — לאָמיר אַריינרופן רחלען און שרייבן „תנאים" מיט ר׳ שמואל־שעפּסלען. נדן גיב איך אים אַוועק מיינע אינדזלען און מיין כתר־מלכות.

— מיר זענען שוין למזל חתן־כלה — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזאָגט — אונדזערע „תנאים" שטייען פאַרשריבן אויף אַ בלאַט פון אַ לולב־בוים וואָס וואקסט אין גן־עדן־התחתון.

— איז לאָמיר האַקן טעלער און לאָמיר הייסן אַריינברענגען לעקאך און בראָנפן — האָט דער מלך ר׳ יחזקאל דער ניינאונניינציקסטער באַפוילן פון די הויכענישן פון זיין גינגאָלדענעם כסא־מלוכה.

# זיבעט בילד

## קאַפּיטל איינס

ר׳ שמואל־שעפּסל שרייבט אַ ידידי־בריוועלע צו די ריזן.

די ווינטן אין דער לופטן און די פייגל אויף די דעכער האָבן נישט ליב צו האַלטן קיין סודות. די געשעענישן אין הויף פון ר׳ יחזקאל דעם ניינאונניינציקסטן, — דאָס הייסט, די נייעס, אַז דער לויתן איז אַ קו, וואָס איז געפלויגן איבערן דאַך פון א בבא־מעשה — האָט ווי אויף עקסטרא־פּאָטשטע דערגרייכט אויפן ריזן־אינדזל. אין דעם עמלק מיט זיינע פּרינצלעך האָט זיך אָנגעצונדן דער אש להבה פון עשון. ס׳טייטש? עס קומט עפּעס דאָרט אַ יידל, אַ מאָשעק און שטעלט אויס אויף חוזק אַזעלכע קלוגע קעפּ, פּאַר וועלכע עס האַלטן זיך די ריזן!

דער ירום־הודו פון די ריזן האָט גענומען און ווידער געשיקט דעם גענעראַל מיט די עשרת בני־המן. ואל ידו — אין זיין האַנט האָט דער גענעראַל ווידער געטראָגן דאָס שלום־לידידי־בריוועלע. דאָס בריוועלע איז געווען געשריבן אָן לאַנגע דיבורים, היינו: מיר האָבן געהערט מיט אונדזערע קיניגלעכע אויערן, אַז איר האָט אייער טאָכטער רחלע געמאַכט פּאַר אַ כלה פאַר אָט דעם יודע דעם שווינדלער וואָס האָט געהאַט דאָס יאַנדעס אָנצוטאָן אַ ספּאָדיק אַ גאַנצן אינדזל מיט ריזן. שיק מיר שוין צוריק אָט דעם מאַשעניק אַ געבונדענעם אין אייזערנע קייטן. מיר וועלן אים דאָ פּערטלען אינמיטן מאַרק. ואם לא תשמע — אויב דו וועסט מיר ווידערשפּעניקן — וועט מיין זונדל, דער חתן, צו דיר קומען מיט פינף מאָל הונדערט טויזנט ריזן. צו באַשרייבן וואָס זיי וועלן מאַכן פון דיין אינדזל, איז אַ שאָד טינט און פּאַפּיר. עס וועט דאָרט נישט איבערבלייבן פון אַ מענטש ביז אַ פליג.

כדי אַלע יידן אויפן אינדזל פון מלך ר׳ יחזקאל, אנשים, נשים וטף, זאָלן וויסן וואָס עס גרייט זיך — האָט דער גוי באַפוילן זיינע עשרת בני

המן, אַז זיי זאָלן עס אויספויקן און אויסטראָמייטערן אין אַלע גאַסן און געמארקן.

עס איז געוואָרן תשעה־באב אין מלכות פון ר׳ יחזקאל דעם ביינאונ־ביינציקסטן. מען האָט גוזר־תענית געווען און געזאָגט סליחות. אַרום דעם קיניגלעכן פּאַלאַץ איז געווען שוואַרץ פון מענטשן, דאָס מיינט מען, יידן. עולם איז גבעבן געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ ווי אבלים.

דאָ איז ר׳ שמואל־שעפּסל אַרויסגעגאַנגען אויפן גאָלדענעם באַלע־מער וואָס אויפן קיניגלעכן הויף. לפני קהל ועדה האָט ער געזאָגט צום ערל, צום ריזן־גענעראַל הייסט עס, וואָס איז געשטאַנען און זיך מיט גרויס גאווה געדרייט ביי דער וואָנצע וואָס האָט געהאַט אַ לענג אַ קיימא־לן פון אפשר פינף הונדערט איילן.

— שמעתי — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזאָגט צום גוי — זייט מוחל, פּאַניע גענעראַל, און פאָרט צוריק צו אייער קיניג און זאָגט אים, אַז ער זאָל זיך נישט מטריח זיין און אַהער שיקן זיין תכשיט מיט פינף מאָל הונדערט טויזנט ריזן כדי צו פּאַרוויסטן אונדזער אינדזל. בלי־נדר וועל איך מיר אַליין אָנטאָן דאָס גרויסע פּאַרגעניגן און קומען צו אים צו גאַסט. אם ירצה השם וועל איך אים באַצאָלן מידה כנגד מידה און דאָרט נישט איבערלאָזן פון אַ מענטש ביז אַ פליג.

ויהי כשמוע — ווי דער גוי האָט עס געהערט האָט ער אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. מען האָט געמיינט אַז אויף דער וועלט איז געוואָרן אַן ערד־ציטערניש. פון גויס געלעכטער האָבן אַלע שויבן אין דער הויפּט־שטאָט גענומען און געפּלאַצט. דער גענעראַל האָט זיך גאַר האָפּערדיק אַ דריי געטאָן פאַר דער וואָנצע און געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען:

— איך האָב עס קיינמאָל נישט געהערט, און עס שטייט אויך נישט פאַרשריבן אין קיין שום דברי־הימים לפני המלך, אַז אַ פליג זאָל איינ־שלינגען אַ לייב.

— מילא, וועט עס דיר שוין קומען צו חלום — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזאָגט. — באַלאָמוטשעט נישט, פּאַניע גענעראַל, און האָט מיר אַ גוטן שליט־וועג. כ׳וואָלט אייך אפילו מיטגעגעבן אַ בריוועלע צו אייער קיניג. אין בריוועלע וואָלט איך אים געשריבן דעם גאַנצן פּסוק, — נאָר

ווי עס איז מיר באַוווסט, זענען ביי אייך אין קיניגלעכן הויף די שפּאַ־
קולן עפּעס נישט מיט אַלעמען.

דער גענעראַל מיט זיינע משולחים האָבן אין גרויס גרימצאָרן פאַר־
לאָזט דעם אינדזל מיט יידן.

דער מלך ר׳ יחזקאל האָט תיכף צוזאַמענגערופן אַ קרוין־אסיפה.
אויף דער אַסיפה האָט ער געזאָגט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען:

— מיר ווייסן טאַקע, אַז איר זענט אַ ייד אַ חכם ונבון, אויסגעקאָכט
אין תורה וחכמה. אָבער — איר גייט מלחמה האַלטן מיט ריזן? וואָס
מיינט איר מיט זיך, ר׳ שמואל־שעפּסל? עפּעס קומט ביי אייך אויס, ווי
מלחמה איז דאָס אייגענע ווי פאַרענטפערן אַ האַרבן רמב״ם צי שרייבן
בריוועלעך פון לויתן? איר זענט דאָך אַ ייד קאַטאָרי וועלכער ווייסט
וואָס רש״י מאַכט אויף והידים ידי עשו. און נאָך וואָסער עשו? איר
האָט געהערט דאָס געלעכטערל פון זייער גענעראַל? די גלעזער האַלטן
נאָך ביים אַריינשטעלן שויבן אין די פענצטער פון אונדזער הויפּט־שטאָט.

און דער מלך האָט ר׳ שמואל־שעפּסלען נאָך אַ מאָל איבערגעחזרט
די מעשה פונעם לייב מיט דער פליג.

— אַדוני מלך — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געזאָגט — איר זענט
דאָך עפּעס אַ ייד אַ מאַמין — האָט איר שוין פאַרגעסן פון דער אַכטער
חכמה וואָס רופט זיך דער אייביקער בטחון פון יידן און וואָס ער שטאַמט
פון דעם „כי טוב״ פון וועלכן די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן? נישט
געדאגהט, מאַיעסטעט! עס וועט אם ירצה השם אַלצדינג זיין אָגיל
ואשמח.

## קאַפּיטל צוויי

אַז איסטינע סימסון הגיבור, אונדזער ר׳ סמול־סעפּסל!

ר׳ שמואל־שעפּסל איז אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט. דאָרט האָט ער אַ בייג געטאָן די ווייסע האָר וואָס דער אַלטער ייד האָט אים געגעבן אין די פּאַלאַצן פון גן־עדן־התחתון.

תוך כדי דיבור האָט זיך באַוויזן אַ ווייס פערד וואָס איז געווען גרויס און פירכטערלעך. אויפן זאָטל פון פערד זענען געלעגן מלבושים פון לויטער ווייסן זילבער. זיי האָבן געלויכטן ווי די פולע לבנה אין אַ פראָסטיקער ווינטער־נאַכט. עס זענען דאָרט געלעגן: אַ זשופּיצע, שטיוול און אַ קירהש שטריימל מיט שפּיצן און אלצדינג פון כסף־טהור. אַרום דעם זאָטל האָבן געהאָנגען אַ זילבערנער פיילנבויגן און אַ שווערד. איר שאַרף האָט געגלאַנצט ווי בליצן אין אַ שטורעם־ווינט. ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך אָנגעטאָן די מלבושים פון כסף־טהור. פּלוצים האָט ער אין זיינע ביינער דערשפּירט שמשון־הגיבורס גבורה. לעבן אים איז געלעגן אַ גרויסער פעלזן־שטיין. האָט ר׳ שמואל־שעפּסל אויף טשיקאַוועסט מיט זיין קלענסטן פינגערל אַ שטופּ געטאָן דעם פעלז. וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדן? פון שטיין איז געוואָרן קאַשע.

דאָס פערד האָט אנידערגעקניט פאַר ר׳ שמואל־שעפּסלען ווי אַ לעמעלע און אויף אים געקוקט מיט גרויסע ליבהאַרציקע אויגן. דערביי האָט דאָס פערד געדרייט מיטן וויידל. פון וויידל זענען געפלויגן פונקען.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך נישט לאַנג געלאָזט בעטן און האָט זיך אַרויפגעזעצט אויפן זאָטל. דאָס פערד האָט נישט געמאַכט קיין גרויסע מחזקות און עס איז מיט ר׳ שמואל־שעפּסלען געטאָן אַ שפּרונג פינף הונדערט איילן הויך. דערביי האָבן די קאָפּיטעס פון פערד געשיט מיט פייער.

איידער מען האָט זיך אַרומגעקוקט איז ר׳ שמואל־שעפּסל מיט זיין

פערד הויך געשפּרונגען איבער די גאַסן און הייזער פון דער הויפּט־שטאָט. יידן האָבן אויפגעהויבן די קעפּ און געקוקט מיט שרעק: איבער דער שטאָט שפּרינגט אַ פייערדיק פערד און אויפן פערד זיצט אַ רייטער אָנגעטאָן אין ווייסן זילבער. אין דער האַנט האַלט ער אַ שווערד וואָס בליצט און בלאַנקט אין דער לופטן. מען איז זיכער געווען, אַז עס רייטן שוין די ריזן חרוב צו מאכן דאָס אינדזל. ווי דער שטייגער איז ביי יידן, האָט מען קודם־כל אָנגעהויבן צו פאַרהאַקן די קראָמען און די קרעמלעך.

והדבר הגיע — אין די חצרות־המלכים האָט באַלד דערגרייכט די פינצטערע בשורה, אַז עס רייטן די ריזן. עס איז דאָרט געוואָרן אַ מהומה. פון אַלע זייטן האָט מען געשריגן: ר׳ שמואל־שעפּסל!

דערווייל איז ר׳ שמואל־שעפּסל אַ שפּרונג אַראָפּגעגעבן אינמיטן דעם הויף פון קיניגלעכן פאלאץ. די מהומה איז געוואָרן נאָך גרעסער. מען זעט דאָך באַשיינפערלעך ווי אַ מאַן געפּאַנצערט אין ווייסן זילבער און מיט אַ שווערד אין דער האַנט שטייט שוין אַ טריט פאַרן מלכס טיר. ר׳ אַחיתופל דער משנה וואָס האָט געהאַט אַ שאַרפן קוק — האָט דער ערשטער דערקענט ר׳ שמואל־שעפּסלען. אַזוי ווי ער, ר׳ אַחיתופל הייסט עס, האָט זיך איצט נוהג געווען אין גרויסע מינוטן צו רעדן ביירערט ליטוויש — האָט ער טאַקע אַ געשריי געטאָן:

— אָן איז ער דאָך ר׳ סמול־סעפּסל!

אַלע זענען צוגעלאָפן צו די פענצטער. ס׳איז ווידער געוואָרן אַ גרויסע שמחה ביים קיניג ר׳ יחזקאל אין די חצרות־המלכים. מען האָט געטייטלט מיט די פינגער אויף ר׳ שמואל־שעפּסלען און אויף זיין סוסל. מען האָט געשריגן:

— קוקטס נאָר אָן אַ ייד אַ בעל־בטחון!

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געזען, ווי מען קוקט פון די פענצטער און מען פרייט זיך — האָט ער געוואָלט ווייזן וואָס עס איז מיט אים דער מער. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ געוואַלדיקן מירמלשטיין וואָס איז געלעגן ווי אַ ווייסער באַרג אין מיטן דעם קיניגלעכן הויף. ער האָט דעם שטיין געטאָן אַ לייכטן שטופּ מיט זיין קלענסטן פינגערל. וואָס איז דאָ אַ סך צו רעדן? פון מירמלשטיין איז געוואָרן זעמל־מעל.

האָט מען דאָך געזען, אַז ר' שמואל־שעפּסל האָט גענומען און זיך איבערגעדרייט די קאַפּאָטע אויף אַ שמשון־הגיבור! ר' יחזקאל דער גייג־אונניינציקסטער, די זיבעציק שרים און דער משנה ר' אחיתופל זענען אַלע הענדום־פּענדום אַראָפּגעלאָפן אויף די גאָלדענע טרעפּ פון פּאַלאַץ. מען האָט אַרומגערינגלט ר' שמואל־שעפּסלען און אים געווינטשעוועט. זיין מאַיעסטעט ר' יחזקאל האָט זיך הויך צעהעשעט פון גרויס שמחה. דאָס נעמלעכע האָט געטאָן איר מאַיעסטעט די מלכה שרה־לאה, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ כאָפּטע הויף־ווייבער און אַראָפּגעקוקט פון פענצ־טער. דער משנה ר' אַחיתופל האָט זיך געריבן אין די הענט און געשריגן:

— אַ איסטינע סימסן הגיבור, אונדזער ר' סמול־סעפּסל!

## קאַפּיטל דריי

ר׳ שמואל־שעפּסל גייט אויף מלחמה.

נאָכדעם ווי מען האָט זיך שוין געהאט גענוג אָפּגעפרייט און פון אַלע זייטן האָט מען שוין געהאט באַקוקט ר׳ שמואל־שעפּסלס פערדל, וואָס איז איצט געשטאַנען שטיל ווי אַ קעצעלע — האָט ר׳ שמואל־שעפּסל אַריינגעשטעקט זיין שווערד אין דער שייד און געזאָגט צום מלך ר׳ יחזקאל:

— אַדוני מלך! נעמט און רופט צוזאַמען הונדערט טויזנט יידן. צווישן דעם עולם זאָל זיך, חלילה, נישט געפינען קיין איין זעלנער און קיין איין פייערפּלעם. עס זאָלן זיין סאַמע תלמידי־חכמים, ישיבה־בחורים, מלמדים, סופרים, משולחים פון די פּושקעס פון ר׳ מאיר בעל־הנס און אַנדערע כלי־קודש.

ויעש המלך כדברי ר׳ שמואל־שעפּסל — מען האָט צוזאַמענגעפּויקט אַ מאה אלף לומדים, ארץ־ישראל־יידן און אַנדערע כלי־קודש.

ווען אָט די יידן — כן ירבו — זענען שוין געשטאַנען אויפן מאַרק, האָט זיך ר׳ שמואל־שעפּסל אַרויפגעזעצט אויפן פערדל און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל פאַר דעם מאה אלף, כהאי לישנא: יעדער איינער זאָל אַרויפלייגן די האַנט אויפן אַנדערנס אַקסל. די ערשטע שורה יידן, וואָס שטייען האַרט לעבן פערדל זאָלן זיך למען־השם אָנהאַלטן אין די פּאָלעס פון זיין, ר׳ שמואל־שעפּסלס הייסט עס, זילבערנער זשופּיצע.

ויעשו כדבריו — פון די אַלע יידן איז געוואָרן עפּעס ווי איין גרויסער ייד וואָס האָט פול געמאַכט דעם גאַנצן מאַרק.

דאָ האָט ר׳ שמואל־שעפּסל אַ שאַרפן קוק געטאָן אויף זיין חייל. און ער האָט געזאָגט צום קיניג:

— אדוני מלך, ווען מיר וועלן, אם ירצה השם, געזונטערהייט צוריק־

קומען זאָלט איר אונדז אַקעגן גיין בתופים ובמחולות, מיט פויקן און פייפיאָלן.

און ער האָט דעם פערדל אַ גלעט געטאָן פאַר דער גזשיווע און אַ זאָג געטאָן: וויאָ!

באותו הרגע איז דאָס פערדל אַ שפרונג געטאָן אין דער לופטן און האָט מיטגעטראָגן מיט זיך דעם גאַנצן מאה אלף יידן — כן ירבו! אין דער צווייטער רגע איז עס מיטן גאַנצן כן־ירבו קיין עין־הרע, געווען אויפן ריזן־אינדזל.

## קאַפּיטל פיר

דער מחבר באַשרייבט די גרויסע שלאַכט צווישן ר׳ שמואל־שעפּסלען מיט די ריזן.

אויפן ריזן־אינדזל האָט מען תחילת געמיינט: פון די וואָלקנס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ כמאַרע פון פליגן צי גאָר היישעריקן. באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס זענען יידן פון ר׳ יחזקאלס קיניגרייכן און מיט זיי קאָמאַנדעוועט ר׳ שמואל־שעפּסל. צווישן די ריזן האָט אויסגעבראָכן אַ שאַליק געלעכטער. מען האָט געמיינט, אַז ס׳איז אַן ערד־ציטערניש. פון דעם לאַכן האָבן זיך אַזש די פּאַליעס אויפן אוקינוס געהויבן מיילן־הויך.

אין די קיניגלעכע פּאַלאַצן האָט מען צוזאַמענגעפּויקט דאָס חייל. עס זענען געווען רייטערס אויף שור־הברס און געוואַלטיקע עלעפאַנטן. בראש פון די חיילות איז געריטן אויף אַ מוראדיקן פּיפּערנאָטער דאָס פּרינצל, רחלעס מיקלאָמפּערשטער חתן. מען איז זיכער געווען ווי דער טאָג, אַז מען וועט די יידעלעך פּשוט צעטרעטן מיט די קאָפּיטעס.

דאָס פּרינצל האָט דערזען ר׳ שמואל־שעפּסלען און ער האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו אים מיט אַ חרב־פּיפיות, וואָס איז געווען אַזוי גרויס ווי אַ טענענבוים. אויף די תלמידי־חכמים פון ר׳ שמואל־שעפּסלס חייל איז נעבעך אָנגעפאַלן אַ גרויס ציטערניש ווען זיי האָבן געזען וואָס דער גוי ימח־שמו גייט טאָן מיט ר׳ שמואל־שעפּסלען.

דאָ האָט ר׳ שמואל־שעפּסלס סוסל געטאָן אַ קאָפּ מיט דער פּאָדקאָווע. באותו הרגע האָט זיך די ערד געשפּאָלטן. אַלע ריזן אויפן אינדזל זענען איינגעזונקען געוואָרן ווי קרח בשעתו. ס׳איז פון זיי נישט פאַרבליבן פון אַ מענטש ביז אַ פליג.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט אַ געשריי געטאָן צו זיין חייל:

— יידן! וינצלו את מצרים! נעמט צו די מאַיאָנטקעס פון די ערלים! זאָל איך גיין באַשרייבן וואָס מען האָט דאָרט צוגענומען? עס וואָלט

מיר נישט געקלעקט קיין טינט און פאַפּיר. סיידן אין גן־עדן התחתון האָט זיך ר׳ שמואל־שעפּסל אָנגעזען מיט אַזוי פיל גאָלד און אבנים־טובות.

נאָכדעם האָט ער ווידער געהייסן דעם „כן־ירבו" קיין עין־הרע, זיך אָננעמען פאַר די אקסלען. ער האָט אַ געשריי־געטאָן: זינגט „שושנת יעקב צהלה ושמחה!" די ערשטע שורה יידן זאָלן זיך אָנהאַלטן ביי די פּאָלעס פון מיין זילבערנער זשופּיצע!

ווידער האָט ער דעם סוסל אַ גלעט געטאָן פאַר דער גזשיווע און גע־זאָגט: וויאָ!

באותו הרגע האָט דאָס פערדל געטאָן אַ שפּרונג. אין דער צווייטער רגע האָט עס זיך אַראָפּגעלאָזט מיט, קיין עין־הרע, מאה אלף פריילעכע און זינגענדיקע יידן אויף די אינדזלען פון ר׳ יחזקאל דעם נייַנאונניינ־ציקסטן.

אַחר הדברים האלה — באַלד נאָכדעם האָט זיך ר׳ שמואל־שעפּסל אויסגעטאָן די ווייסע זילבערנע זשופּיצע, דאָס קירהשע שטריימל מיט שפּיצן, ווי אויך דאָס כלי־זין. אַלצדינג האָט ער אַרויפגעלייגט אויפן זאָטל פון פערדל.

דאָס פערדל האָט אַ טרייסל געטאָן מיט דער גזשיווע און איז פאַר־שווונדן אין דער לופטן.

## קאַפּיטל פינף

אויף די ווייטענישן פון ים־הקרח.

אין די ווייטענישן פון ים־הקרח איז פאַראַן אַן אינדזל. די בערג דערגרייכן דאָרט ביז אין די הימלען און זיי זענען פול מיט שניי און אייז און קוקן אויס ווי זיי וואָלטן באַשאַפן געווען פון סאמע גלאָז. ווען עס שײַנט אויף די זון איבער די דאָזיקע בערג, לייכטן זיי ווי אָנגעצונדענע מנורות אין מיטן פון ים־ הקרח. די שיין פון זייער ליכט דערגרייכט אַזש ביז קיין ארץ־ישראל. מחמת די געוואלדיקע הויכענישן פון די בערג, איז אין די טאָלן דאָרט אייביק פינצטער ווי די נאַכט. דער אויבערשטער טייל פון אינדזל ליגט אין „כולו אור" און דער אונטערשטער — אין „כולו חושך".

אויף דעם דאָזיקן אינדזל וווינען ריזן. מחמת זיי וווינען צווישן טאָג און נאַכט, זענען זיי אויף איין אויג זעעוודיק ווי די אָדלערס אין די הימלען, און אויפן אַנדערן — בלינד ווי די מוילווורפן אין די ערד־טיפענישן.

דער מלך פון דעם אינדזל איז אויך אַ ריז און איז אויך האַלב־זע־עוודיק און האַלב בלינד. ער איז אַ לייבלעכער ברודער פון דעם קיניג אויפן „ריזן־אינדזל", דאָס הייסט, אַ ברודער פון איין טאטע־מאמע,

# קאַפּיטל זעקס

דער האַלב־בלינדער ריז שרייבט צו ר׳ שמואל־שעפּסלען אַ
בריוועלע. — פּרשת־בלק.

גראָד איז דער האַלב־בלינדער מלך געשטאַנען אויפן שפּיץ פון דעם העכסטן באַרג פון זיין אינדזל. גראָד האָט ער געהאַט צוגענומען אַ שפּאַקטיוו צו דעם שאַרף־זעעוודיקן אויג. גראָד האָט זיך אים אויף אַ נאָווינע פאַרגלוסט אָנצוקוקן דעם כדור־הארץ. זעט ער, וואָס ר׳ שמואל־שעפּסל האָט אָפּגעטאָן מיט זיין לייבלעכן ברודער און מיט זיין מלכות. וחמתו בערה בו — אין דעם גוי האָט זיך אָנגעצונדן דער עשו. האָט ער אַ קאַפּ געטאָן מיטן רעכטן פוס. אַלע בערג האָבן אָנגעהויבן צו ציטערן און געשיט פון זיך שניי מיט אייז. דערנאָך האָט ער אַרויפגערופן אויפן שפּיץ באַרג אַרויף זיין משנה־למלך און אים געהייסן אָנשרייבן אַ בריוועלע צו ר׳ שמואל־שעפּסלען כהאי לישנא:

„איך ווייס וויל, — האָט דער האלב־בלינדער מלך געהייסן שרייבן זיין האלב־בלינדן משנה — אַז דו, ר׳ שמואל־שעפּסל, ביסט נישט מער ווי עפּעס דאָרט אַ יידל אַ באַנק־קוועטשער. עס ליגט גאָר נישט אין דיינע כוחות מנצח צו זיין אַזעלכע העלדן ווי מיין ברודער און זיינע ריזן. מן־הסתם האָסטו זיך באַנוצט מיט אַ כשוף. הנה זיי וויסן — אויב כשוף, בין איך אַ גרעסערער כשופמאכער פון דיר. איך וועל אַהין קומען צו דיר מיט אַ מיליאָן בלינדע מכשפים. זיי ווינען ביי מיר אין די אייביק־פינצטערע טאָלן און זייער געשטאַלט איז נייערט ווי געוואַלטיקע שוואַרצע שפּינען און פלעדערמייז. איך וועל ביי דיר מאַכן אַ תל־עולם און נישט איבערלאָזן פון אַ מענטש ביז אַ פליג".

ווען ר׳ שמואל־שעפּסל האָט דערהאַלטן דאָס שיינע בריוועלע, האָט ער זיך אָנגעטאָן די שפּאַקולן און אָנגעשריבן אַ תשובה און אויך כהאי לישנא:

— לא נחש ביעקב — שרייבט ר׳ שמואל־שעפסל צום האַלב־בלינדן גוג־ומגוג אויפן ים־הקרח — מיר יידן ווייסן נישט פון קיין בלינדע מכשפים און אַנדערע שקצים ורמשים. מיר האָבן נישט מער ווי אַ ביסעלע בטחון — און דאָס איז אונדזער כח. זיי זיך נישט מטריח, אַדוני קיניג. אַ רחמנות אַהער צו שלעפּן בלינדע נעבעך אויף אַזאַ ווייטן וועג. וואַרט־צו בעסער צווישן דיינע בערג אויפן ים־הקרח. בלי־נדר וועל איך קומען צו דיר צוגאסט און וועל מיט דיר אַ שמועס טאָן — וועט זיין, אַז אָך און וויי.

און ווי ר׳ שמואל־שעפּסל האָט אַוועקגעשיקט דאָס בריוועלע, איז ער אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט, גענומען די שוואַרצע האָר וואָס ער האָט באַקומען אין גן־עדן התחתון און זי געטאָן אַ בייג.

באַוונו הרגע האָט זיך באַוויזן אַ שוואַרץ פערד וואָס איז געווען גרויס און פירכטערלעך. אויף זיין זאָטל זענען געלעגן שוואַרצע מלבושים, פינצטערע ווי די נאַכט. זיי זענען אָבער געווען באַזעצט מיט גינגאָלד און בריליאַנטן. דערימעך האָבן די מלבושים גראָד אין זייער פינצטער־קייט געלויכטן מיט אור־הגנוז.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט זיך אָנגעטאָן די שוואַרצע לייכטנדיקע זשופּיצע. אין זיינע ביינער האָט ער פלוצים דערשפּירט אַן אויסטערלישע גבורה. אַקעגן איר איז די גבורה ביים ווייסן פערד ממש געווען אַ קינדער־שפּיל.

ווידער האָט ער זיך אַרויפגעזעצט אויפן זאָטל. דאָס פערד האָט גע־טאָן מיט אים אַ שפּרונג. אין דער הויפּט־שטאָט האָט מען געמיינט, אַז די הימלען צערייסן זיך אויף צוויי. איצט האָבן יידן מער נישט קיין מורא געהאַט און נישט פאַרהאַקט די קרעמלעך. בשמחה רבה האָבן אנשים, נשים וטף אויפגעהויבן די קעפּ אין דער הויך, געטייטלט מיט די פינגער און געשריגן: אָט שפּרינגט ר׳ שמואל־שעפּסל! דאָס זעלבע איז געווען אין די חצרות־המלכים פון ר׳ יחזקאל דעם ניינאונניינציקסטן.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט ווידער צוזאַמענגענומען זיין מאה אלף, כן ירבו. ער האָט זיי געהייסן זיך אָננעמען פאַר די אַקסלען. די ערשטע שורה יידן זאָל זיך אָנהאַלטן אין די פּאָלעס פון זיין שוואַרצער זשופּיצע.

ר׳ שמואל־שעפסל האָט געטאָן אַ גלעט דעם פערדל פאַר דער גזשיווע און אַ זאָג געטאָן: וויאָ! באותו הרגע איז די גאַנצע מאה אלף, קיין עין־הרע, געווען אויף די קאַלטע אייז־אינדזלען פון ים־הקרח. דאָרט איז מען זיי אָקעגן געריטן אויף מוראדיקע ווייסע בערן. דאָס ברומען פון די בערן האָט מען געהערט איבער דעם גאַנצן ים־הקרח. אויף די ווייסע בערן זענען געזעסן אַ מיליאָן בלינדע מכשפים. זיי האָבן אויסגעקוקט ווי געוואלדיקע שפינען און פלעדערמייז. זיי האָבן געמאַכט מיט זייערע הענט און געפאָכעט מיט זייערע שוואַרצע פליגלען און געוואָלט ר׳ שמואל שעפסלען אָנטאָן כשוף.

דאָ האָט דאָס שווארצע פערדל געטאָן אַ קלאַפּ מיט דער קאָפּיטע. די ערד האָט זיך געשפאָלטן מיט גרויס רעש. אויף די הויכענישן פון די ווייסע בערג האָט אָנגעהויבן צו דונערן און בליצן. אַלע ריזן אויפן שניי־אינדזל צוזאמען מיט די בלינדע מכשפים מיט די ווייסע בערן, מיטן מלך און זיין סוויטע זענען איינגעזונקען געוואָרן ווי קרח בשעתו.

ווידער האָט ר׳ שמואל־שעפסל אַ געשריי געטאָן צו זיינע יידן: וינצלו את מצרים! מען האָט צוגענומען דאָס גאַנצע האב און גוטס פון אינדזל. שפעטער האָט מען זיך אָנגעהאלטן אָן ר׳ שמואל־שעפסלס זשופיצע און — האָפּ!

באותו הרגע האָט מען זיך מיט פרייד און געזאנג אַראָפּגעלאָזט אויף די אינדזלען פון קיניג ר׳ יחזקאל דעם בייגאונגיינציקסטן.

ר׳ שמואל־שעפסל האָט זיך אויסגעטאָן די שוואַרצע מלבושים און זיי אַרויפגעלייגט אויפן זאָטל. דאָס שוואַרצע פערד איז פאַרשוווּנדן אין דער לופטן.

# קאַפּיטל זיבן

ר' שמואל־שעפּסל האָט מלחמה מיטן געשוועסטערקינד פון די מלאכי חבלה.

אחר הדברים האלה — איז געקומען אַ בריוול פון אַ דריטן ברודער פון דעם מלך אויפן ריזן־אינדזל.

דער דריטער ברודער האָט געקיניגט אויף אינדזלען וואָס געפינען זיך פונקט אינמיטן די הייסע ימים אויפן קו־המשוה (עקוואַדאָר בלשון אשכנז). ווי מיר ווייסן געפינען זיך אָט די ימים פונקט איבער די גרעס־טע קעסלען פון גיהנם. עס איז נישט קיין וואונדער, וואָס זיי טוען נישט מער נייערט זידן און קאָכן טאָג און נאַכט. טאָמער נעמט עפּעס דאָרט אַ לאַפּיטוטל אונטן אין גיהנם און לייגט צו האָלץ צו די קעסלען, — ווערן אויבן אויף די ימים געוואַלדיקע הייסע שטורעם־ווינטן און די פּאַליעס גייען עד לב השמים. אויף יענע אינדזלען ברענט די זון ווי א קאַלך־אויוון, און בכלל איז מען דאָרט אַ נאָענטער שמעלקע מיטן גיהנם. אין שטילע נעכט הערט מען דאָרט אַפילו די געוואַלדן און יללות פון די רשעים, וואָס מען ברענט און בראָט אין גיהנם און מען שינדט פון זיי די הויט.

„רעד דיר נישט איין, יידעלע — שרייבט דער קיניג פון די אינדזלען אויף די הייסע ימים צו ר' שמואל־שעפּסלען — אז דו וועסט מיר אָפּ־שפּילן אַזאַ חתונה ווי דו האָסט עס געטאָן מיט מיינע צוויי ברידער. הנה זיי וויסן — מיינע קיניגרייכן געפינען זיך אַקוראַט איבער די קעסלען פון גיהנם. איך האָב לייבלעכע געשוועסטערקינדער צווישן די „הויכע פּענצטער" פון די מלאכי־חבלה. איך וועל צו דיר קומען מיט צען מיליאָן פייער־מענטשן. זיי רייטן אויף רויטע פּיפּערנאָטערס. יעדער פּיפּערנאָטער איז אַזוי גרויס ווי אַ באַרג און ער שפּייט מיט דער אייגענער הייסער סמאָלע מיט וועלכער מען באַנוצט זיך אונטן אין גיהנם. פאַרשטייט זיך,

אַז פון אַזעלכע ליבע געסט וועט ביי אייך נישט איבערבלייבן פון אַ מענטש ביז אַ פליג״.

ר׳ שמואל־שעפסל האָט אים געענטפערט מיט אַ בריוועלע: „זיי זיך נישט מטריח, אַדוני מלך, איך וועל בעסער קומען צו דיר״.

און ער איז אַרויסגעגאַנגען הינטער דער שטאָט און אַ בייג געטאָן די דריטע, די רויטע האָר.

באותו הרגע איז אַ קום־אָן־געגעבן אַ רויט פערד, גרויס און פירכ־טערלעך. אויפן זאָטל זענען געלעגן מלבושים פון פייער־רויט גאָלד און באַזעצטע מיט פייער־רויטע איידלשטיינער. די מלבושים האָבן געלויכטן ווי זיבן זונען. ר׳ שמואל־שעפסל האָט זיך אָנגעטאָן די פייער־רויטע זשופּיצע. אין זיינע ביינער האָט ער פּלוצים דערשפּירט אַ גבורה, וואָס אַקעגן איר איז ער אין זיינע פריערדיקע גבורות געווען נישט מער ווי אַ פּיצע־לע מפּיל־קינד. ער האָט ממש געשפּירט, אַז אָט ווען ער נעמט איצט אָן מיט זיינע הענט צוויי הרי־אררט וועט פון זיי שטויב און מצה־מעל.

ער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויפן פערדל און אַ שפּרונג געטאָן איבער דער הויפּט־שטאָט. יידן האָבן טאַקע געוווסט, אַז דאָס שפּרינגט ר׳ שמואל שעפּסל — פונדעסטוועגן האָט ביי יעדן איינעם אַ צאָן געקלאַפּט אין אַ צאָן, מחמת ר׳ שמואל־שעפּסל האָט גאָר אַליין אויסגעקוקט ווי אַ פלאַם פייער, דם ואש ותמרות עשן. זיין פּנים האָט געפלאַקערט ווי די זון אין תמוז. וואָס איז דאָ צו לייקענען? אפילו דער קיניג ר׳ יחזקאל דער בייז־אונגיינציקסטער מיט זיינע זיבעציק שרים — אַריינגערעכנט דעם משנה ר׳ אַחיתופל — האָבן געציטערט און געפלאַטערט און האָבן אויסגעקוקט, אַז ר׳ שמואל־שעפּסל זאָל שוין וואָס גיכער אַוועק אויף מלחמה.

בלויז רחלע די בת־מלכה איז אַ שטילע געשטאַנען ביים פענצטער. מיט אַ שמייכעלע האָט זי אַרויסגעקוקט אויף ר׳ שמואל־שעפּסלען מיט זיין פערדל. זי האָט ביי זיך געטראַכט: צו וואָס אַ ייד קאָן אַלץ דער־גרייכן מיט בטחון!

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט ווידער צונויפגערופן זיין מאה אלף. די יידן האָבן אַפילו מורא געהאַט צו אים צוצוגיין. האָט ער אָבער אַ געשריי

געטאָן: יידן, בטחון! און די ערשטע שורה האָט אין גרויס ציטערניש אָנ־גענומען די פּאָלעס פון זיין רויטער זשופּיצע.

דאָ האָט ר׳ שמואל־שעפּסל געטאָן דעם רויטן פּערדל אַ גלעט פּאַר דער גזשיווע און אַ זאָג געטאָן: וויאָ!

דאָס פּערדל האָט זיך אויפגעהויבן מיטן גאַנצן מאה אלף אין דער לופטן. באותו הרגע האָט עס זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די הייסע אינדזלען פון קו־המשוה.

# קאַפּיטל אַכט

ווי דער רויך פון אַ ליולקע־ציביק.

ווען יענער עֶרל ימח שמו האָט געזען אַז ר׳ שמואל־שעפּסל האָט געהאַלטן וואָרט און ער איז טאַקע דאָ, — האָט ער געטאָן אַ מוראדיקן פּייף. באותו הרגע האָבן זיך געמאַכט געוואַלטיקע שטורעם־ווינטן. די ווינטן זענען געווען הייסע ווי די קאַלך־אויוונס. די הייסע אוקיינוסן האָבן אָנגעהויבן צו רוישן, צו זידן און צו קאָכן. קאָכעדיקע פּאַליעס האָבן זיך געהויבן מיילן־הויך. פון די פּאַליעס האָבן זיך אַרויסגעשטעקט מיליאָנען קעפּ פון מוראָדיקע פּיפּערנאָטערס. זייערע ברומענישן האָבן איבערגע־הילכט דעם ים־שטורעם, און פון זייערע פּיסקעס האָבן זיי געשאָסן מיט דם ואש ותמרות עשן, מיט פייערדיקע שלאַנגען און עקדישן און מיט גיהנם־סמאָלע. די מאה אלף יידן האָבן נעבעך געציטערט און געפּלאַטערט ווען דאָס רויטע פערדל האָט זיך מיט זיי אַראָפּגעלאָזט אויף אָט דער שיינער חתונה.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט נאָך נישט באַוויזן אַ געשריי אויסצוגעבן: „יידן, בטחון!" און שוין האָט דאָס רויטע פערדל געטאָן אַ קלאַפּ מיט דער קאָפּיטע.

באותו הרגע איז פון דעם גאַנצן גיהנם געוואָרן אַ פּורים־שפּיל. אַלצ־דינג האָט זיך אויסגעלאָשן ווי אַ זייפנבלאָז. דער אינדזל מיט זיינע פּי־פּערנאָטערס, ריזן און משחיתים זענען פאַרשוווּנדן אין דער לופטן ווי דער רויך פון אַ ליולקע־ציביק.

# קאַפּיטל ניין

ר׳ שמואל־שעפּסל און ר׳ יששכר־בער.

דאָ האָט ר׳ שמואל־שעפּסל פאַרענדיקט זיין געשיכטע. זיין ברודער ר׳ יששכר־בער איז געזעסן און געהאָרכט מיטביידע אויערן. זיין פּנים האָט ממש געלויכטן פון שמחה און התפּעלות.

ר׳ שמואל־שעפּסל האָט צום סוף געזאָגט:

— ויהי כנוח — נאָכדעם ווי איך האָב מיט דער הילף פון אויבערשטן און מיטן בטחון פון יידן מנצח געווען אַלע ריזן, פּראַוועט מען טאַקע די חתונה פון מיר מיט דער בת־מלכה רחלע. עס איז ווידער געשען אַ נס, און דו, יששכר־בערשי, ביסט גראָד געקומען אויף דער חתונה. איך בין זיכער, אַז עס וועט ווידער געשען אַ נס און עס וועט זיך באַווייזן אונדזער דריטער ברודער יצחק־וואָלף. לאָמיר, יששכר בערשי, צוריק אַרויפגיין אויבן אין די גאָלדענע סאַליעס. דער מחותן, זיין מאַיעסטעט ר׳ יחזקאָל, די מחותנתטע, איר מאַיעסטעט שרה־לאה און די כלה, די פּרינצעסין רחלע, וואַרטן שוין מן־הסתם אויף אונדז מיט אומגעדולד.

# קאַפּיטל צען

מזל־טוב! אם ירצה השם ביי אייערע טעכטער, טייערע יידישע מאַמעס!

ווען ר׳ שמואל־שעפּסל מיט ר׳ יששכר־בערן זענען צוריק אַרויפגעקומען אין די קיניגלעכע סאַליעס, האָט מען שוין געהאַלטן ביים באַזינגען די כלה. רחלע איז געזעסן אויף אַ גינגאָלדענער כלה־שטול. איר מאַיעסטעט שרה־לאה מיט די פּרומסטע הויף־גבאיטעס האָבן זיך גענומען דער כלה צו צעפּלעכטן די האָר. אַלע ווייבער האָבן דערביי געזאָגט תחינות אויף עברי־טייטש און פאַרגאָסן באָכן טרערן.

די קיניגלעכע קאַפּעליעס האָבן גענומען שפּילן אַ ווייינענדיקס.

דער הויף־בדחן ר׳ שמעלקע איז שוין געשטאַנען צווישן די פידעלעך און זיך געשאַרפט דאָס קול מיט עטלעכע הוסטעלעך. ער האָט אויך געהאָט געלייענט דאָס ביכל „סימכע פּלאַכטע״ און געגנבעט פון דאָרט גראַמען ווי אויך די רפואה־בדוקה פון נאַרקאָווער בדחן (ער האָט אויך, ווי מיר ווייסן, געהייסן ר׳ שמעלקע), אַז קודם הזאגן איז גוט צו טאָן אַ הוסטל.

דער בדחן ר׳ שמעלקע האָט אָנגעהויבן צו באַזינגען די כלה, די פּרינצעסין רחלע. ער האָט מיט מאָראַלישע גראַמען דערציילט פון אירע זכותים און איר צדקות. צווישן די ווייבער האָט אויסגעבראָכן אַ האַרץ־רייסנדיקע יללה. מען האָט געמיינט, אַז אין די חצרות־המלכים פון ר׳ יחזקאל דעם ביינאָנבייינציקסטן איז חורבן־ירושלים.

ערשט שפּעטער, ביים סוף פון דער גרויסער קיניגלעכער סעודת־חתונה, ווען מען האָט געהאַלטן ביים אויסרופן דרשה־געשאַנק, האָט זיך ר׳ יששכר־בער אַרויפגעשטעלט אויפן בענקל. ער האָט געזאָגט זיינע אייגענע גראַמען ווי אויך די גראַמען וואָס ער האָט געהערט פון דעם

באַרימטן בדחן ר׳ נח נאַשעלסקער פון מדינת פה־לין. יענע גראַמען זאָגן נאָך היינט די בדחנים אין אַלע תפוצות ישראל.

אין די שפּעטערדיקע דורות האָבן זיך געיאָווועט אַלערליי יידן וואָס האָבן זיך גערופן פּאָעטן. זיי האָבן אויך געוואָלט נאָכזאָגן ר׳ יששכר־בערס גראַמען. נאָר אַ פּייג האָבן זיי געקאָנט.

# אַכט בילד

## קאַפּיטל איינס

ר׳ יששכר־בער לאָזט זיך ווייטער אַוועק זוכן די פּרינצעסין חגלה.

ויהי ממחרת — צומאָרגנס נאָך שבע־ברכות האָט ר׳ יששכר־בער געבעטן אַן אוידיענץ ביים קיניג ר׳ יחזקאל. „איך לאָז מיך אַוועק אין ווייטערע מרחקים" — האָט ער געזאָגט צום הויף־מאַרשאַל ר׳ אַברהמעלע ביי וועמען ער האָט געמאָלדן די אוידיענץ — „און איך וויל מיך געזעגענען מיט זיין מאַיעסטעט".

ווי ער איז נאָר אַריינגעקומען אין טראָן־זאַל איז דער מלך ר׳ יחזקאל אים אַקעגנגעלאָפן און געפרעגט: וואָס איז דאָס גרויסע געאיילעניש, מחותן ר׳ יששכר־בער?

ר׳ יששכר־בער האָט אים דערציילט די גאַנצע מעשה, היינו, אַז ער גייט איבער דער וועלט און זוכט זיין כלה די פּרינצעסין חגלה, וואָס די שטורעמווינטן האָבן זי אַוועקגעטראָגן מיט עטלעכע יאָר צוריק. עס לייגט זיך אויפן שכל־הישר, אַז די שטורעם־ווינטן זענען גאָר געווען פאַרשטעלטע שדים און רוחות — האָט ר׳ יששכר־בער צוגעגעבן. עס איז אמת, מאַיעסטעט — האָט ר׳ יששכר־בער געזאָגט און גענומען אַ שמעק טאַבאַק — אַז די פּרינצעסין חגלה ווייסט צומאָל נישט, אַז איך בין איר חתן. איר קיניגלעכע הויכקייט ווייסט צומאָל נישט, אַז אַזאַ ייד ווי איך איז גאָר בנמצא אויף דער וועלט. איינס מיטן אַנדערן געהער זיך אָבער נישט אָן! איך בין פּאָרט, למזל, איר חתן! דאָ האָט ר׳ יששכר־בער דערציילט, ווי אַזוי דער מלך פון די בני־משה, ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי, האָט זי פאַר אים, ר׳ יששכר־בערן הייסט עס, פאַרקנסט און אים געגעבן די פאַטשיילע מקבל־קנין צו זיין און דערמיט צו ווערן דער חתן פון דער פאַרשוווּנדענער בת־מלכה.

— מילא, אַז עס האַלט ביי הכנסת־כלה איז דאָך נישט שייך — האָט דער מלך ר׳ יחזקאל דער ניינאונניינציקסטער געזאָגט — און זיך גאָר האַרציק געזעגנט מיט ר׳ יששכר־בערן און אים געווינטשעוועט ברכה און הצלחה אין זיינע זוכענישן.

## קאַפּיטל צוויי

מען ווייזט ר׳ יששכר־בערן דאָס גיהנום נאָך ער שיקט די זינדיקע יידן צוריק אין גן־עדן אַריין.

ר׳ יששכר־בער האָט זיך מיט אַלעמען גאָר פריינטלעך געזעגנט און איז אַוועקגעגאַנגען צופוס. ער איז געגאַנגען און געגאַנגען טאָג אויס, טאָג איין ביז ער איז אָנגעקומען צו אַ גרויסער פירכטערלעכער מדבר. אין דער מדבר איז ער געגאַנגען דריי טעג. עס איז נישט געווען דאָרט צו זען פון אַ פליג ביז אַ ילוד־אשה.

אויפדערנאַכט פון דריטן טאָג זעט ער פלוצים פונדערווייטנס אַ גרויס פייער. די פלאַמען גייען ביז צום הימל און צינדן אָן די נאַכט מיט אַ רויטן מאוימדיקן אָפשיין.

— איך מוז זען וואָס דאָס פייער איז — זאָגט צו זיך ר׳ יששכר־בער און גייט אַהין צו דעם אָרט ווו עס ברענט.

ווי ער קומט נאָר צו אַ ביסעלע נענטער הערט ער יאָמערלעכע געשרייען און יללות. מען וויינט. אַזאַ ביטער געוויין האָט ר׳ יששכר־בער נאָך נישט געהערט זינט ער לעבט.

גייט ער צו נענטער — זעט ער אַ גרויסן טייך פון סמאָלע. די סמאָלע ברענט מיט פלאַמען און רויך. אויפן ברעג פונעם סמאָלע־טייך שטייען אַ סך מענטשן. אַלטע און יונגע. זייערע פּנימער זענען שוואַרץ ווי קויל און זיי וויינען און יאָמערן.

קוקט ר׳ יששכר־בער, זעט ער — אינמיטן די מענטשן שטייט אַ ריזיקער פירכטערלעכער מאַן. זיין פּנים פלאַקערט מיט שוואַרץ פייער, זיינע אויגן גלאַנצן ווי די בליצן אין שטורעם־ווינט. אין דער האַנט האַלט ער אַ גרויסע בייטש וואָס איז געפלאָכטן פון שלאַנגען און עקדישן. מיט אַ פּחדימדיק קול גיט ער אַרויס באַפעלן. היינו: אַז די מענטשן זאָלן מיט

עמערס שעפּן ברענענדיקע סמאָלע פון טייך און זיי, די פולע עמערס, הייסט עס, איינער דעם אַנדערן אויסגיסן אויף די הענט.

עס איז נישט געווען קיין ברירה. איינער האָט דעם אַנדערן געגאָסן הייסע סמאָלע אויף די הענט. די הענט זענען באותו הרגע פאַרברענט געוואָרן — אָבער באותו הרגע זענען זיי צוריק אויסגעוואַקסן און ווידער באַגאָסן געוואָרן מיט סמאָלע.

די שרעקלעכע יסורים האָבן זיך איבערגעחזרט אָן אויפהער. באַגיסנדיק איינער דעם אַנדערנס הענט מיט סמאָלע, האָבן זיי דערביי געיאָמערט, און אַלע אויף איין קול — און אַלע מיט די אייגענע ווערטער:

— ווײ צו אונדז, ווײ צו אונדזערע יאָר! מיר האָבן זיך די הענט נישט געוואַשן צום עסן, מיר האָבן מזלזל געווען אין דער מצווה נטילת־ידים. דערימעך איז גרויס אונדזער צרה און אונדזער פּיין האָט קיין סוף.

ר׳ יששכר־בער איז געשטאַנען אין איין ציטערניש און פלאַטערניש. נישט ווילנדיק האָט ער זיך באַקוקט זיינע אייגענע הענט. אים איז עפּעס אויסגעקומען, אַז אין די אָפּשיינען פון די מאַוימדיקע סמאָלע־פייערן לייכטן גאָר זיינע הענט ווי אָן איידעלער אור־הגנוז.

דאָ איז צו אים צוגעגאַנגען דער ריזיקער פּירכטערלעכער מאַן וואָס איז מיט אַ בייטש אין דער האַנט געשטאַנען אינמיטן פון די יאָמערנדיקע מענטשן. זיין שרעקלעך פּנים האָט זיך באַהאַרצט אויסגעשמייכלט צו ר׳ יששכר־בערן און ער האָט געזאָגט:

— שלום אויף אייך, טייערער ייד ר׳ יששכר־בער! אָט די אַלע ווייענדיקע מענטשן, וואָס איר זעט, זענען געשטאָרבענע יידן. אויפן עולם־התחתון האָבן זיי גייערט געפרעסן און געזויפן, פאַרגעסן גאָט זייער באַשעפער און נישט אָפּגעהיט די הייליקע מצווה פון נטילת־ידים. פרומע יידן האָבן זיי דערפאַר געמוסרט. אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט הערן און ווייטער געפרעסן און געזויפן מיט אומגעוואַשענע הענט. און אָט זעט איר זייער שטראָף! עס ווערט זיי אָפּגעצאָלט מאָס פאַר מאָס, און די אומגעוואַשענע הענט ווערן פאַרגאָסן מיט קאָכעדיקער סמאָלע. איר אָבער, ר׳ יששכר־בער, האָט זיך מוסר־נפש געווען פאַר דער מצווה נטילת־ידים. הנה, זייט וויסן, ר׳ יששכר־בער, אַז איך בין דער שר־של־גיהנום. מען

האָט מיך אַראָפּגעשיקט דאָ אַהער אין דער מדבר, כדי אייך צו ווייזן פון וואָס איר זענט ניצול געוואָרן. ר׳ יששכר־בער, ר׳ יששכר־בער! אייער שם אין גאָר די הימלען איז גרויס.

— אויב איך האָב יאָ אַזאַ שיינעם נאָמען אין די הימלען — האָט ר׳ יששכר־בער געענטפערט — איז בין איך אויף דיר גוזר, שר־של־גיהנום, אַז דו זאָלסט, אָט די יידן נעבעך אויפהערן צו פּייניקן. גענוג זיי געמוטשעט! זיי־זשע מוחל, און באותו הרגע פיר זיי אין גן־עדן אַריין!

קוים וואָס ר׳ יששכר־בער האָט געענדיקט זיינע באַפעלן — האָט מען געהערט אַ בת־קול אין גאָר דער פינצטערער מדבר:

—געפּועלט, ר׳ יששכר־בער!

דער פייערדיקער סמאָלע־טייך האָט זיך פאַרלאָשן. די געשטאָרבענע יידן האָבן אָנגעהויבן צו טאַנצן אַ פריילעך ריקודל.

דער שר־של־גיהנום האָט אָנגעשעפּט אַ גאָלדן קריגל מיט סמאָלע און עס דערלאַנגט ר׳ יששכר־בערן:

— נעמט, טייערער ייד, אָט דאָס גאָלדענע קריגל מיט סמאָלע! עס וועט אייך צוניץ קומען.

באותו הרגע האָט דער טייך מיט סמאָלע אָנגעהויבן צו שמעקן ווי די טייערסטע בשמים־ביקס אין מוצאי־שבת־קודש. עס האָט זיך געהערט אַ געזאַנג פון אויבן אין די הימלען און פון אונטן אויף דער ערד, — און אַלצדינג איז פאַרשוונדן אין דער לופטן.

## קאַפּיטל דריי

ר׳ יששכר־בער געפינט די פּרינצעסין חגלה אין אַ מעמד, אַז איך וואָלט עס נישט געוווּנטשן מיין ערגסטן שונא.

וילך משם — ר׳ יששכר־בער איז ווייטער געגאַנגען צופוס איבער דער מדבר. ער איז ווידער געגאַנגען דריי טעג.

ויִרא — פּלוצים זעט ער פונדערווייטנס אַ גרויסן באַרג. אויפן שפּיץ באַרג שטייט אַ שיינער פּאַלאַץ. דער פּאַלאַץ האָט אַ הויכן שפּיציקן טורעם. וואונדערט זיך ר׳ יששכר־בער: עפּעס אינמיטן דער וויסטער מדבר זאָל זיך געפינען אַזאַ יופי פון אַ פּאַלאַץ?

גייט ער צו צום באַרג און איז טשיקאַווע ארויפצוגיין אין פּאַלאַץ. זעט ער דער באַרג איז שאַרף משופּע ווי אַ הויכע וואַנט. ס׳איז גאָרנישט מעגלעך אויף אים צו קלעטערן. גייט ער אַזוי אַ גאַנצן טאָג אַרום דעם באַרג, זוכט און קוקט אולי יאונה? אפשר איז ערגעץ דאָ אַ שטעגל וואָס פירט אַרויף צום שפּיץ? אומעטום די אייגענע שאַרפקייט פון אַ גלאַטער הויכער וואַנט.

ערשט באַוונט פאַר שקיעת־החמה האָט ער דערזען ווי אין דער זייט פון באַרג שטייט אַ הויכער און דיקער בוים. אַזאַ מין גדלות פון אַ בוים האָט ר׳ יששכר־בער נאָך נישט געהאַט געזען. דער בוים ביי דער הייל פון די בני־ענק האָט ממש אויסגעקוקט ווי אַ פּיצעלע ביימעלע. דער בוים איז פול מיט דיקע צווייגן פון אונטן ביים שטאַם ביז אויבן ביים שפּיץ. די בלעטער זענען ברייט און דיק. יעדער בלאַט האָט די ברייט פון פופ־ציק איילן.

טראַכט ביי זיך ר׳ יששכר־בער: איך וועל מיר אַרויפגיין אויפן בוים און זיך אַוועקזעצן אויף אַ בלאַט און וואַרטן און זען מה יאונה — וואָס עס איז דאָ דער מער?

זיצט זיך ר׳ יששכר־בער עד חצות הלילה אויף אַ בלאַט פון בוים. די

לבנה האָט באַלויכטן די מדבר ווי מיט אַ ווייסן טויטן טאָג. אויך די שטילקייט פון דער דאָזיקער מדבר־נאַכט איז געווען אין לשער.

פלוצים הערט ער אַ געוואַלדיקן פאַרכצומען רעש. דער באַרג און דער בוים האָבן אַזש אָנגעהויבן צו ציטערן. עס האָט זיך געהערט אַן אויס־טערליש פאָכען פון פליגל. איבערן בוים איז געקומען אָנצופליען עפּעס אַן אוימגעהויערע בריאה אין דער געשטאַלט פון אַ מענטש. שוואַרץ איז ער געווען ווי קויל, און געשטשירעט האָט ער מיט ציין וואָס זענען געווען ווייסער ווי שניי. זיינע אויגן זענען געווען גרין ווי שמאַראַגדן און גע־גלאנצט אין דער נאַכט. זיינע האָר זענען געווען רויט ווי פייער, זיין באָרד איז אויך געווען רויט ווי פייער און זי האָט אים דערגרייכט ביז צו די קניען.

ר׳ יששכר־בער האָט זיך באַהאַלטן אונטער אַ בלאַט און האָט זיך גוט צוגעקוקט.

דער פאַרשוין איז אַראָפּגעפלויגן אויף דער ערד און געשריגן צום בוים אויף תרגום־לשון:

— בוים, עפן זיך!

תוך כדי דיבור האָט זיך דער בוים געעפנט. דער פאַרשוין איז אַריינ־געפלויגן אינעווייניק אין דעם בוים־שטאַם.

באותו הרגע האָט ר׳ יששכר־בער געהערט געשרייען און יאָמערלעכע געוויינען אויבן אין פּאַלאַץ וואָס אויפן שפּיץ באַרג. עס איז געווען דאָס קול פון אַ נקבה וואָס ווערט נעבעך גאָר מערדערלעך געשלאָגן. ר׳ יששכר־בער האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן פון רחמנות און ער האָט צו זיך געזאָגט: לאָמיך אַראָפּגיין אונטן צום בוים און לאָמיך צו אים רעדן דעם שפּרוך אויף תרגום־לשון וואָס כ׳האָב געהערט פון אָט דעם ליכטיקן פאַרשוינדל. אולי ירחם — אפשר וועט מיר געראָטן מציל צו זיין אַ גע־פּייניקט נפש?

כך הוה. ר׳ יששכר־בער גייט אַראָפּ פון בלאַט, גייט צו צום בוים און זאָגט צו אים אויף תרגום־לשון: בוים, עפן זיך!

דער בוים האָט זיך נישט לאַנג געלאָזט בעטן און האָט זיך תיכף־ומיד געעפנט.

ר׳ יששכר־בער גייט אַריין אינעווייניק אין בוים. דאָרט איז געווען אַ הייל. אין דער הייל זענען געלעגן קופּעס מיט אַלערליי אבנים־טובות. זיי האָבן געלויכטן אין דער פינצטערניש ווי דער פאַלנער „יהי־אור“. עס זענען אויך דאָרט געווען ברייטע גינגאָלדענע שטיגן.

ר׳ יששכר־בער גייט אַרויף אויף די שטיגן. וואָס העכער ער שטייגט אַלץ נאָענטער און יאָמערלעכער הערט ער די גוואַלדן פון דער נקבה און דאָס אכזריותדיקע פייפן פון אַ בייטש. ער זעט אַ טיר און עפנט זי. אַ ווייסע מירמלשטיינערנע סאַליע. דילן פון רויטן קאָראַלן־האָלץ. אויף די דילן ליגט אַ נקבה — און דער גמלעכער פירכטערלעכער בר־נש קאַ־טעוועט זי מערדערלעך מיט אַ בייטש.

דער בר־נש דערזעט ר׳ יששכר־בערן ווערט ער נאָך מער מלא־חמה. ער צעשפּרייט זיינע פליגל ווי אַ פלעדערמויז, טוט אַ ריטש, אַז דער באַרג האָט אָנגעהויבן צו ציטערן, און לויפט צו צו ר׳ יששכר־בערן כדי אים צו פאַרלענדן.

ר׳ יששכר־בער איז זיך נישט לאַנג מיישב און טוט אַ גאָס אַרויף אויפן בר־נש דאָס גאָלדענע קריגל מיט גיהנום־סמאָלע, וואָס ער האָט גע־האַלטן אין דער האַנט.

באותו הרגע איז פון דעם גאַנצן גוואַלדיקן בר־נש געוואָרן אַ קליין הייפעלע אַש.

ר׳ יששכר־בער לויפט צו צו דער פאַרחלשטער נקבה. ווערליק אירע גינגאָלדענע מלבושים דערקענט ער באַלד, אַז זי איז אַ לייבלעכע בת־מלכה, נייערט זי איז נעבעך שטאַרק צעקיילט און צעביילט און האָט נע־בעך נישט קיין כוח צו רעדן.

האָט זי ר׳ יששכר־בער גענומען אויף די הענט און זי אַוועקגעלייגט אויף אַ גאָלדן בעטל וואָס איז דאָרט געשטאַנען. אין די גאָלדענע שאַפעס האָבן אויך נישט געפעלט גוטע וויינען, זיסע בראַנפנס, האָניק־לעקעכער און אַנדערע מעדני־מלכים. ביסלעכווייז איז זי געקומען צו זיך און אַ שמייכל געטאָן צו ר׳ יששכר־בערן פול מיט חן און ליבהאַרציקייט. זי האָט אים פאַמעלעכל דערציילט די פאָלגנדיקע מעשה:

— הנה זייט וויסן, אַז איך בין די טאָכטער פון דעם קיניג פון די

בני־משה. מיין טאַטע הייסט ר' שמעיה בן זכריה הלוי. איך האָב נאָך אַ ברודער, הייסט ער יקותיאל פגעיאל. איך אַליין הייס חגלה. אַמאָל בין איך מיט מיינע פריינטינעס געגאַנגען שפּאַצירן אויפן ברעג ים. איז געקומען אָט דער נפש אין דעם געשטאַלט פון אַ שטורעם־ווינט און האָט מיך אַוועקגעטראָגן אין זיין פּאַלאַץ אויפן שפּיץ באַרג אין דער וויסטעניש. באַשר בכן? ער האָט זיך אין מיר פאַרליאַפּעט, עס גייט אים נישט איין קיין עסן און קיין טרינקען און וויל מיט מיר חתונה האָבן.

דער טאַטע פון דעם דאָזיקן פאַרשווין איז דער סאַמעראָדנער אַשמדאי, דער מלך פון די שדים. זיין מאַמע איז אַ פּשוטע בשר־ודמניצע. ער איז אַ געמיש, הייסט עס, פון אַ מענטש מיט אַ שד. מחמת דערימעך איז ער צוועלף שעה אין מעת־לעת אַ מענטש מיט מענטשן גלייך. דעמאָלט האָט ער אפילו נישקשה פון אַ פאַרשטאַנד. ער איז דעמאָלט גאָר צוגעלייגט ווי אַ לעמעלע, טשעפּעט נישט קיין פליג אויף דער וואַנט און רעדט צו מיר סאַמע זיסע ריידעלעך. די אַנדערע צוועלף שעה אָבער הייבט אין אים אָן צו קאָכן דאָס טריפהנע דם פון זיין טאַטן דעם אַשמדאי. ער באַקומט שוואַרצע פליגלען, נעמט אַ בייטש אין דער האַנט און הייבט מיך אָן צו קאַטעווען. באשר בכן? אויב איך גיי נישט מיט אים אונטער דער שוואַר־צער חופּה, נעמט ער און צעשמייסט מיך אויף קרעפּל־פלייש. און דערנאָך וועט ער חרוב מאַכן די וועלט און אויסהרגענען אַלע אחינו בני ישראל מקטן ועד גדול. איצט זאָגט מיר, טייערער ייד, ווער איר זענט און ווי אַזוי קומט איר אַהער אין די פּאַלאַצן פון אַשמדאיס אַ בנאָקל?

## קאַפּיטל פיר

ר׳ יששכר־בער און די פּרינצעסין חגלה ווינטשן זיך מזל־טוב. —
מען פּראַוועט די גרויסע קיניגלעכע וועטשערע.

ויפשוט את בגדיו — ר׳ יששכר־בער האָט זיך אויסגעטאָן די אָרע־מאַנסקע בגדים וואָס ער האָט געהאַט געקויפט ביי דער שמאַטע־קלייבער־קע אין קרתא־דשופריאַ. אונטער דער זשופּיצע פון אַן ארחי־פרחי, אַ מדינה־גייער, האָט ער געטראָגן די גאָלדענע זשופּיצע פון אַ משנה.

די פּרינצעסין חגלה טוט אַ קוק אויף די שליפעס, — האָט זי באותו הרגע דערקענט דעם משנה־למלך פון איר טאַטן ר׳ ישמעיה בן זכריה הלוי. פון גרויס חידוש איז זי פונדאָסניי שיער נישט געפאַלן אין חלשות.

ראשית, האָט איר ר׳ יששכר־בער דערציילט אַז ער זוכט זי אַרום איבער דער וועלט. און שנית, אַז עס קומט איר מזל־טוב, מחמת עס שטייט פאַר איר נישט קיין אַנדערער ווי איר לייבלעכער חתן.

די פּרינצעסין חגלה איז געווען אַ ביסל פריטשמעליעט. עפּעס האָט זי תחילת נישט געקאָנט דעם ענין גוט צעקייען: אַט דער פרעמדער ייד, וואָס זי זעט אים דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן, איז גאָר — מיר נישט, דיר נישט — איר חתן?

ר׳ יששכר־בער האָט איר דערציילט די מעשה מיט דער פּאַטשיילע, און אַז דער מלך ר׳ שמעיה האָט זי, די פּרינצעסין חגלה, פאַרקנסט מיט גרויס מזל.

— אויב אַזוי זאָל אונדז טאַקע זיין צו גרויס מזל — האָט די פּרינ־צעסין חגלה געזאָגט מיט שמחה — לאָמיר טרינקען לעקאַך און בראָנפן, און לאָמירביידע דערלעבן לתורה, לחופה, ולמעשים טובים.

הכלל, איך וועל נישט לאַנג מאריך זיין — די כלה, די פּרינצעסין חגלה איז געוואָרן ממש מחיה־מתים. זי האָט גאָר פאַרגעסן אַז אָט־אָט

האָט מען זי געקאַטעוועט מיט אַ בייטש. זי האָט נישט מער געטאָן נאָר זיך געווינטשעוועט.

ר׳ יששכר־בער האָט אָבער נישט געוואָלט לאַנג באַלאַמוטשען. ער האָט די פּרינצעסין חגלה איבערגעטאָן פאַר אַ מאַנסביל און מיט איר גע־שווינד אַרונטערגעגאַנגען אויף די גאָלדענע טרעפּ.

ווען זיי זענען אַרויסגעקומען פון בוים־שטאַם זענען דרויסן געשטאַ־נען און ווי געוואַרט צוויי ווייסע קעמלען. זייער געשטאַלט איז געווען איידל און שלאַנק ווי די שטרויס־פייגל. די זאָטלען אויף די קעמלען זע־נען געווען פון אייטל פּורפּור און גינגאָלד.

ר׳ יששכר־בער האָט נישט געפרעגט קיין קשיות און זיך מיט זיין כלה חגלה אַרויפגעזעצט אויף די צוויי קעמלען. די קעמלען האָבן אָנגע־הויבן צו לויפן ממש ווי זיי וואָלטן געפלויגן איבער די זאַמדן פון דער וויסטעניש. סך־הכל אין צוויי מעת־לעת זענען זיי געשטאַנען פאַר די טויערן פון דער הויפּטשטאָט פון ר׳ יחזקאל דעם ביינאונביינציקסטן.

באַלד האָט מען דערהערט אין די חצרות־המלכים ווער עס איז גע־קומען. מען האָט נישט געקוקט אויף די קיניגלעכע עטיקעטעס און ווי פּשוטער בשמחהטער עמך איז מען אַקעגנגעלאָפן ר׳ יששכר־בערן און דער פּרינצעסין חגלה. די שמחה פון ר׳ שמואל־שעפּסלען מיט דעם יונגן ווייבל, די בת־מלכה רחלע, קאָן מען זיך פאַרשטעלן. דער משנה ר׳ אחיתופל האָט זיך גאָר צעריסן דעם יאַשטשיק, ער האָט געשאָקלט מיט זיין גרויסער באָרד און גערעדט אַ געשמאַקן ווילנער ליטוויש גלייך ווי ער וואָלט דאָרט געווען אַ נכתב מבטן ומלידה.

מען האָט געמאַכט די גרויסע וועטשערע. אינמיטן דער וועטשערע, כטוב לב המלך ביין — האָט זיין מאַיעסטעט ר׳ יחזקאל אַ זאָג געטאָן.

— שיין וואָלט געווען, ווען עס טוט זיך איצט אַ יאָווע דער דריטער ברודער ר׳ יצחק־וואָלף!

## קאַפּיטל פינף

דער וואָזשנע גענעראַל איז סך־הכל ר׳ יצחק־וואָלף. — דער מחבר נעמט ווידער איין אַ לעפּעלע שטומעניש.

עודם מדברים — זיין מאַיעסטעט האָט קוים געהאַט פאַרענדיקט דאָס וואָרט, זענען פּלוצים מיט גרויס הענדום־פּענדום אַריינגעלאָפן די קי־ניגלעכע וואַכן און אונטערטעניקסט געמאָלדן, אַז אינדרויסן שטייט עפּעס אַ גוואַלדיקע שישקע פון אַ גענעראַל. ער איז אָנגעשפּיקעוועט פון אויבן ביז אונטן מיט אָרדנס און מעדאַלן און פאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אים למען־השם, באותו הרגע אריינלאָזן אין די חצרות־המלכים.

— ווידער אַ מלחמה? — האָט ר׳ יחזקאל געפרעגט ביים משנה ר׳ אחיתופל.

— ווייס איך וואָס! — האָט ר׳ אחיתופל געענטפערט און גענומען אַ לעפּעלע פלוימען־צימעס — ווער האָט מורא פאַר מלחמות ווען מיר האָבן אונדזער אייגנס אַ ר׳ סמול־סעפּסל!

דער מלך האָט געהייסן אַריינפירן דעם גענעראַל. קוים וואָס ער איז געשטאַנען אויף דער שוועל און געגלאַנצט בכל יפיו אין אַ שלל פון אָר־דערס און מעדאַלן זענען ר׳ יששכר־בער און ר׳ שמואל־שעפּסל מיט גרויס שמחה אויפגעשפּרונגען פון זייערע ערטער, אַקעגנגעלאָפן דעם וואָזשנעם גענעראַל און געשריגן בקול אחד: — יצחק־וואָלף!

די שמחה וואָס איז געוואָרן אין די חצרות־המלכים קאָן מען נאָר פאַרגלייכן צו דער שמחה פון יידן לעתיד־לבוא. אַ היינטיקער מחבר קאָן עס גאָרנישט באַווייזן צו באַשרייבן, אַפילו ווען ער האָט שוין באַשריבן די גאַנצע וועלט.

עס איז אַלצדינג געגאַנגען כּאָדאָראָם און מען האָט נישט מער גע־הערט ווי ר׳ יצחק־וואָלף און ר׳ יצחק־וואָלף. דער משנה ר׳ אחיתופל האָט געטרייסלט מיט דער באָרד און געשריגן: — ר׳ איצע־וואָלף!

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך געוואַשן און זיך צוגעזעצט צו דער וועטשע־רע. ישן־נושן האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער.

כטוב לב המלך ביין, האָט ר׳ יחזקאל געזאָגט:

— דערציילט אייער געשיכטע, ר׳ יצחק־וואָלף, און מיר וועלן האָרכן.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און אָנגעהויבן צו דערציילן.

# ניינט בילד

## קאַפּיטל איינס

מען מאַכט ר׳ יצחק־וואָלפֿן פאַר אַ גענעראַל איבער טויזנט ערלים.

וכאשר נפרדנו — ווען ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך פונאַנדערגעשיידט מיט זיינע צוויי ברידער ביי דער גרענעץ פון פּה־ליץ, האָט ער זיך אַרויפֿ־געזעצט אויף זיין פערדל. ער איז געריטן אַ קיימאַ־לן פון פופצן טעג. אין פופצנטן טאָג כלחוך איז ער אָנגעקומען צו אַ גרויסער מדבר.

ביים ראַנד פון דער מדבר האָט ער אָנגעטראָפן אַ גרויסע מחנה פון מענטשן פון די שבעים אומות און פון די זיבעציק לשונות. ממש אַ דור־הפלגה. זיי זענען אַלע געווען באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פיס מיט שווערדן, שפּיזן און פיילנבויגנס. ר׳ יצחק־וואָלפן האָט עס שטאַרק געחידושט: מיט וועמען גייען אַזוי פיל פעלקער מלחמה האַלטן אין אַזאַ וויסטעניש? מען זעט דאָך דאָ אפילו קיין פליג נישט! וישאל — האָט ער זיך צו אַ יעדן פון די שבעים אומות געוואָנדן אויף זיין לשון און געפרעגט: מה רעש? אויף וועמען גייט איר דאָ מיט אַזויפיל כלי־זין און פאַר וועמען האָט איר מורא?

ויענו — האָט מען אים געענטפערט אויף אַלע זיבעציק לשונות:

— הנה, זייט וויסן, ר׳ ייד, אַז מיר זענען וועלט־סוחרים. מחמת מסחר מוזן מיר אַדורכגיין אָט די גרויסע מדבר. גלויבט אָבער נישט, פאַ־ניע, דער שטילקייט פון אַ מדבר! זי איז אַ גנאַרניק. עס ראַיעט דאָ מיט שלאַנגען, מיט עקדישן, און מיט אַלערליי חיות־רעות. דאָס וואָלט נאָך גע־ווען די האַלבע צרה. איז אָבער דאָס אומגליק, וואָס עס באַהאַלטן זיך דאָ אויס באַוואָפנטע גזלנים. זיי זענען מוראדיקע גיבורים און זיי באַפאַלן קאַראַוואַנען מיט סוחרים און רויבן זיי אויס ביזן לעצטן פאָדעם. על כן ד׳ערימעך טאָרן מיר אויך נישט זיין קיין בטלנים און אויך זיך האַלטן ביים ועל חרבך תחיה.

מען האָט געוואַרט עטלעכע טעג. פאַמעלעכל האָבן זיך אָנגעזאַמלט

ביי אַ דריי טויזנט סוחרים. אַלע זענען געווען באַוואָפּנט מיט שפּיזן, שווערדן און פייַלנבויגנס. שפּעטער האָט מען אויסגעקליבן איינעם אַ סוחר וואָס האָנדלט מיט פעלן פון לייבן און לעמפּערטן און מען האָט אים גע־מאַכט פאַרן גענעראַל פון דער מחנה.

ויסעו — דער גענעראַל האָט שוין געהאַלטן ביים געבן אַרויס דעם באַפעל, אַז די דריי טויזנט מאַן זאָלן זיך לאָזן אין דער מדבר אַריין.

ויאמר — האָט זיך ר׳ יצחק־וואָלף אָנגערופן צו די שבעים אומות:

— שמעני, ליבע פריינט. איך בין נאָר אַ פּשוטער ייד פון מדינת פּה־לין און ווי איר ווייסט זענען יידן די ווינציקסטע צווישן די זיבעציק פעלקער. מיר יידן האָבן אָבער אַ חומשל. פון דאָרט לערנען מיר זייער קלוגע און נוצלעכע זאַכן. דאָס חומשל איז אַ טייערער רבי. שטייט דאָרט פאַרשריבן אַ מעשה ווי אַזוי יעקב אבינו איז אַקעגנגעגאַנגען עשון. ער איז אים אַקעגנגעגאַנגען מיט געטיילטע מחנות. טאָמער חלילה, ווי עס מאַכט זיך, און עשו צעהאַקט איין מחנה מיט יידן, בלייבט נאָך די אַנ־דערע מחנה ביי יעקבן אין קעשענע. מען טאָר נישט דאָס גאַנצע דאָברע מזל מיט איין מאָל איינשטעלן אין קאָן.

דאָ האָט ר׳ יצחק־וואָלף אויף זיבעציק לשונות — כדי אַלע גויים זאָלן פאַרשטיין — איבערדערציילט די מעשה פון יעקב מיט עשון, און געראָטן דאָס נעמלעכע צו טאָן היינו: די דריי טויזנט מאַן זאָל מען צע־טיילן אויף דריי מחנות, טויזנט מאַן אין אַ מחנה — און אויף יעדער מחנה מאַכן אַ באַזונדערן גענעראַל.

ויטב הדבר בעיניהם — אָט די שבעים אומות זענען גראָד נישט גע־ווען קיין נאַראָנים און האָבן איינגעזען, אַז דער פּוילישער ייד איז גע־רעכט.

ויעשו — מען האָט געמאַכט דריי מחנות. פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט ר׳ יצחק־וואָלפן אָוועקגעזעצט פאַר אַ גענעראַל איבער טויזנט באַ־וואָפנטע ערלים.

## קאַפּיטל צוויי

עס איז גוט און טייער ווען די זיבעציק פעלקער פּאַלגן אַ ייד.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און עס האָט זיך אַרויסגעוויזן ווי גוט עס איז ווען די זיבעציק אומות פון דער וועלט פּאָלגן אַ ייד, און נאָך דערצו אַ פּוילישן ייד.

אין דריטן טאָג כחצות הלילה האָט די לבנה נישט געשיינט. אין דער מדבר איז געווען פינצטער ווי אין אַ זאַק. האָבן די גזלנים אויסגענוצט דעם שעת־הכושר און זענען באַפאַלן די ערשטע מחנה סוחרים. זיי האָבן געמיינט, אַז דאָס איז דער גאַנצער הכל בכל בכל און מען וועט דער־הרגענען די סוחרים מיט איין קלאַפּ און זיי אויסרויבן ביז אַ פאָדעם.

די אַנדערע צוויי מחנות מיט ר׳ יצחק־וואָלפן בראש זענען נאָכגע־גאַנגען פון הינטן אין די פינצטערנישן. דערהערט וואָס עס טוט זיך, האָט ר׳ יצחק־וואָלף געגעבן אַ באַפעל צו באַפאַלן די גזלנים פון הינטן. מען האָט די חברה־לייט אַריינגענומען אין אַ פּעטשקע און זיי אויסגעקוילעט ביז איינעם. פופציק גזלנים מיטן אַטאַמאַן בראש זענען קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן. אַנדערע פופציק גזלנים האָט מען גענומען געפאַנגען און זיי געבונדן ווי די שעפסן.

נאָך דער שלאַכט האָט ר׳ יצחק־וואָלף געגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל זיך אַ ביסל אָפּרוען נאָך דער שווערער פּראַצע. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן אַ לייוונטן געצעלטל, אָנגעצונדן אַ פייערל און געהייסן צו זיך אַהער ברענגען איינעם פון די געפאַנגענע גזלנים.

דער גזלן איז געקומען אין איין ציטערניש און פלאַטערניש און פאַר ר׳ יצחק־וואָלפן אַראָפּגענומען דאָס היטל ביז צו דער ערד.

קודם־כל האָט אים ר׳ יצחק־וואָלף מכבד געווען מיט אַ שמעק־טאַ־באַק.

דער גוי איז געווען אַ פּראָסטער יון אָן חכמות און ער האָט גאָרנישט געקאָנט באַנעמען ווי אַזוי אַ סאַמאָראָדנער גענעראַל איז אַזאַ עניו און איז אַ ניזשני טשין מכבד מיט אַ שמעק־טאַבאַק. ער איז גרייט געווען צו דערציילן וואָס ר׳ יצחק־וואָלף וועט אים נאָר פרעגן.

— ווהין זענען דער אַטאַמאַן מיט די פופציק גזלנים אַנטלאָפן? — האָט ר׳ יצחק־וואָלף אָנגעהויבן צו פאָרשן.

איידער אויסצוגעבן סודות פון חדר וואָלט זיך אַן ערלעכער גזלן בעסער געלאָזט קעפּן. פונדעסטוועגן — שוחד יעור עיני חכמים — דער גענעראַלסקער שמעק־טאַבאַק האָט ביים גזלן אויפגעשלאָסן די צונג און ער האָט ר׳ יצחק־וואָלפן געזאָגט, אַז דער אַטאַמאַן איז זיכער אַנטלאָפן צו זיין לייבלעכן ברודער. אָט דער ברודער איז אויך נישט אַבי ווער. ער איז אַן אַטאַמאַן איבער ים־גזלנים. צוזאַמען מיט אַ באַנדע פון צוועלף טויזנט רויבער וווינט ער אויף אַן אינדזל פון ים. דער אינדזל איז נישט באַקאַנט צו קיין שום בן־אדם. שיפן גייען דאָרט נישט פאַרביי מחמת דער אינדזל איז כולו מאַגנעט. ווען אַ שיף דערנענטערט זיך דאָרט, — ציט דער אינדזל פון איר אַרויס די אייזערנע נעגל. דעמאָלט צעפאַלט די גרעסטע שיף ווי אַ קאָרטן־הייזל. סיידן אַ שיף וואָס האָט קופערנע נעגל, קאָן דאָרט בשלום פאַרביישווימען. נאָר וועלכע שיף האָט קופערנע נעגל?

— און וואָס ווייטער? — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געפאָרשט.

— דיביידע ברידער — האָט דער גוי געענטפערט — פירן דאָס גזלנות בשותפות. איינער רויבט אויפן ים און איינער אויף דער יבשה. ווען איר, סוחרים, וואָלט זיך נישט געקליגט אין תחבולות — האָט דער גזלן געזאָגט צו ר׳ יצחק־וואָלפן — זיך נישט געטיילט אויף דריי מחנות און אונדז נישט אַרומגערינגלט, וואָלט איר נישט געווען געווינען די מלחמה. ס׳ערשטע מאָל זינט מיר זענען אויף גזלניש ברויט האָבן מיר פאַרשפּילט אַ מלחמה מיט פשוטע סוחרימלעך.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט געשמייכלט און ווייטער אויסגעפאָרשט דעם גוי:

— און ווו ווינען זיי דאָרט אויפן אינדזל?

— זיי ווינען אין אַ הייל — האָט דער גזלן געענטפערט. — אין

דער הייל איז תמיד ליכטיק ווי בייטאָג און זי איז פול מיט די וואונדער־לעכסטע פּאַלאַצן. די פּאַלאַצן זענען פול מיט אַלע תענוגים צו וועלכע אַ מענטש קאָן נאָר גלוסטן. אָבער וואָס קומט זיי אַרויס פון אַלע גלוסטע־נישן? — האָט דער גזלן געזאָגט מיט אַ שמייכעלע, — אַז אײנער ביי איינעם זענען זיי סריסים. זיי באַדאַרפן גאָרנישט קיין ווייבער. דאָרט גע־פינט זיך בלויז איין און איינציקע בת־מלכה מיט אירע צוויי דינסטמיידן. דאָס שיינקייט פון אָט דער בת־מלכה איז איינס אין דער וועלט. איר פּנים איז ווייס ווי מירמלשטיין און אירע האָר זענען ווי אייטל גינגאָלד. די גזלנים האָבן זי אַרויסגעגנבעט ביי איר טאַטן דעם מלך און זי אַוועק־געשטעלט ביים פּריפּעטשיק. זי מוז נעבעך דאָרט שיילן קאַרטאָפליעס און וואַשן דאָס געפּעס.

— ווי אַזוי קומט מען אַריין אין דער הייל? — האָט ר׳ יצחק־וואָלף נישט אויפגעהערט צו פאָרשן.

— זאָלן אַפילו קומען די גרעסטע חכמים און די גרעסטע גיבורים פון דער וועלט, וועלן זיי אויך נישט געפינען די טיר צו דער הייל — האָט דער גזלן געענטפערט — מחמת דעם אַטאַמאַנס אַן אַלטע מאַמע האָט זי געבויט מיט אייטל כישוף און שוואַרץ־קינצלעריי. די זקנה — זי לעבט נאָך איצט — האָט אָט די טמא חכמות געלערנט ביי די צוויי מלאכים עוזא און עוזיאל, וואָס זענען נאָך אין אָדם־הראשונס צייט אַראָפּגעפאַלן פון הימל. זיי וווינען עד־היום אינמיטן פון די הרי־חושך און טרייבן דאָרט אַלערהאַנט שוואַרץ־שבת.

— זיי אַזוי גוט און דערצייל מיר ווי אַזוי מען קומט אַריין אין דער הייל — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געזאָגט צום גזלן — בזכות זה וועל איך דיך פריילאָזן און דיר נאָך שענקען אַ שיינע מתנה.

דער גזלן איז געווען אַזוי איבערגענומען פון ר׳ יצחק־וואָלפס צוגע־לאָזנקייט, אַז ער האָט אַרויסגעגעבן דאָס שלאָס פון מויל און ר׳ יצחק־וואָלפן מוסר געווען אַלע סודות ווי אַזוי מען קומט אַריין אין דער הייל וואָס איז געמאַכט פון גרעסטן כישוף.

## קאַפּיטל דריי

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך איינגעשפּאַרט ער וויל דווקא פאָרן
למדינת גראַנדיאַ.

צומאָרגנס כלחוך האָט מען זיך אָוועקגעלאָזט ווייטער אין דער מדבר און מען איז זי אַדורכגעגאַנגען אין גרעסטן בשלום.

אויפן צענטן טאָג זענען זיי אָנגעקומען אין אַ גרויסער האַנדלס־שטאָט על שפת־הים. די סוחרים האָבן זיך תיכף גענומען צו מסחר און ס׳איז זיי באַלד אָוועקגעגאַנגען מיטן פולן שעפל. זיי האָבן אויך ר׳ יצחק־וואָלפן געראָטן זיך נישט צו שפּילן און זיך נעמען צו משא־ומתן. די גליקן — האָבן זיי געזאָגט צו ר׳ יצחק־וואָלפן — וואַלגערן זיך הי ממש אין די גאַסן.

פון אָנהויב פון אונדזער סיפור־המעשה ווייסן מיר אָבער, אַז ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך גענומען אין קאָפּ אַריין דווקא צו פאָרן למדינת גראַנדיאַ. פאַרוואָס עפּעס גאָר גראַנדיאַ ווען אין דער היגער שטאָט קאָן מען מאַכן די גרויסע געשעפטן? דאַרפן מיר וויסן: אויב אַ ייד נעמט זיך עפּעס אין קאָפּ אַריין און וויל דערפון נישט אָפּטרעטן — איז עס אַ באַשיימפּערלעכער ווונק פון דער אויבערשטער השגחה. יידישע עקשנות איז נישט קיין פּשוטע זאַך.

האָט ר׳ יצחק־וואָלף נישט געוואָלט הערן פון קיין שום גליקן. נייערט ער איז אַרומגעגאַנגען צווישן די שיפן ביים ים און געזוכט אַ שיף וואָס גייט למדינת גראַנדיאַ. גראָד איז דאָרט אַהין זייער זעלטן אָוועקגעגאַנגען אַ שיף.

איז ווידער יידישע עקשנות נישט קיין שפּילעכל און יגעתי ומצאתי תאמין — ר׳ יצחק־וואָלף האָט געגישטערט און געזוכט צווישן די שיפן און לסוף פאָרט געפונען עפּעס אַן אַלטע כלי פון אַ זעגל־שיף וואָס שטייט און וואַרט אויף די גוטע ווינטן, און ווען זיי וועלן, אם ירצה השם, טאָן

דעם רעכטן בלאָז, וועט זי גענעמען, אָט די זקנה הייסט עס, און זיך אַוועק־לאָזן קיין גראַנדיאַ.

מען האָט געוואַרט און געוואַרט און עס האָט פאַרט אַ בלאָז געטאָן דאָס רעכטע און געדיכטע. ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך מיט אַלעמען האַרציק געזעגנט, געזאָגט תפילת־הדרך און זיך אַרויפגעזעצט אויף דער מישטיינס־געזאָגטער שיף. אַבי זי גייט נאָר למדינת גראַנדיאַ.

## קאַפּיטל פיר

אַז אַלטע שיף. — שוין איינמאָל אַן אינדזל.

די שיף וואָס האָט ר׳ יצחק־וואָלפן געטראָגן קיין גראַנדיאַ איז, ווי יעדע זקנה, נישט געווען קיין איינרייסערקע. פון לאַנגע יאָרן אַרומפאָרן אין די מרחקים איז זי געקומען צום איינזעעניש, אַז ס׳איז נישטאָ צו וואָס זיך צו איילן און ס׳איז נישטאָ וואָס צו פאַרשפּעטיקן. דאָס קליגסטע וואָס אַ שיף קאָן טאָן אויף די ימים, איז — צו שווימען פּאַוואָליע.

די ווינטן האָבן געמעגט בלאָזן אין אירע זעגלען ווי די וואַרע רוחות — דער אַלטער שיף איז עס אָנגעגאַנגען ווי דער פּאַראַיאָריקער שניי. זי האָט געקרעכצט פון אַלע אירע זייטן און געשווומען קוים קוים, און גאָר גאָר פּאַמעלעכל.

ביי אַזאַ שווימעניש איז מען אָפּגעשווומען צוויי חדשים צייט און מען שווימט נאָך. ר׳ יצחק־וואָלף האָט אַמאָל אַ פרעג־געטאָן ביים קאַפּיטאַן:

נאָך ווייט קיין גראַנדיאַ?

האָט דער קאַפּיטאַן אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט און שטאַרק פאַר־צויגן זיין אַלטע צעבראָכענע פּיפּקע, ווי איינער זאָגט: עס הייבט זיך ערשט אָן!

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך אומישנע באַפריינדעט מיטן קאַפּיטאַן, כדי ביי אים אַלע מאָל זיך דערוויסן ווי עס האַלט מיט גראַנדיאַ. דער קאַפּיטאַן אָבער איז געווען אַ ווילדער שתקן, ער האָט געצויגן די פּיפּקע און אַ מאַך געטאָן מיט אַ פינגער. פון אַלע תנועות האָט ר׳ יצחק־וואָלף פאַרשטאַנען, אַז עס הויבט זיך ערשט אָן!

איינמאָל איז ר׳ יצחק־וואָלף ווידער צוגעשטאַנען צום קאַפּיטאַן און ביי אים געפרעגט וואָס עס הערט זיך מכח גראַנדיאַ?

דער קאַפּיטאַן האָט צוגענומען עפּעס אַן אַלטע שברי־כלי פון אַ שפּאַק־

טיוו צו די אויגן און געוויזן ר׳ יצחק־וואָלפן אַ גרויסן פלעק אויפן ים.

— דאָס איז גראַנדיאַ? האָט ר׳ יצחק־וואָלף געפרעגט אָן אַנטוויש־טער. עס איז אים געוואָרן זייער פריקרע, אַז דאָס גאַנצע גראַנדיאַ איז נישט מער ווי עפּעס דאָרט אַ פוסטער פלעק אויפן ים.

— וואָס עפּעס גראַנדיאַ? — האָט דער קאַפּיטאַן געזאָגט — וואָס מיינט איר, ר׳ יצחק־וואָלף, אָט אַזוי נעמט מען און מען קומט קיין גראַנדיאַ?! עס איז אָן אינדזל, אַ פּלה, וואָס ער געפינט זיך גאָר נישט אויף מיינע מאַפּעס. איך האָב טאַקע אַלטע מאַפּעס — האָט דער קאַ־פּיטאַן צוגעגעבן — אַ סך אינדזלען, וואָס זענען שוין היינט גרויסע ישובים, שטייען נאָך דאָרט נישט פאַרשריבן.

פּאַמעלעכל איז די שיף צוגעשווומען צום אינדזל. דער קאַפּיטאַן האָט אַלעמען געראָטן אַראָפּצוגיין אויף דער יבשה און דאָרט צו קאָכן וועטשערע. מען איז אַרונטערגעגאַנגען אויפן אינדזל און דאָרט אָנגע־לייגט אַ גרויס פייער.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך גענומען דורכצוגיין אויפן אינדזל און זוכן אַ ביחידותדיק אָרט ווו מען קאָן זיך אַוועקשטעלן דאַווענען מנחה.

ר׳ יצחק־וואָלף שטייט טאַקע ביחידות און עס דאַוונט זיך אים גאָר אַ געשמאַקער מנחה. אָט וויל ער זיך שוין אַוועקשטעלן דאַווענען שמונה־עשרה. פּלוצים הערט ער אַ גרויס גערוואַלד. מה רעש? מען איז גאָר אַרויפגעקראָכן אויף אַ לעבעדיקן וואַלפיש און מען שרייט: ראַטעוועט זיך! אַלע האָבן הענדום־פּענדום אָנגעהויבן צוריק צו לויפן צו דער שיף.

ר׳ יצחק־וואָלף איז געשטאַנען פונדערווייטנס מיט דער מנחה אויף די ליפּן. איידער וואָס־ווען האָט דער וואַלפיש נישט געמאַכט קיין לאַנגע מחזקות און געטאָן אַ שטאַרקן טרייסל מיטן וויידל.

ר׳ יצחק־וואָלף קוקט זיך אַרום — ער ליגט איינער אַליין צווישן די געוואַלדיקע פּאַליעס פון ים.

איז דאָך אָבער ר׳ יצחק־וואָלף געווען דער גרויסער שווימער, און נישט בלויז אַ שווימער, נייערט דער עיקר, אַ ייד אַ בעל־בטחון, איז ער געשווומען צווישן די פּאַליעס און דאָרט געשמאַק פאַרענדיקט די שמונה־עשרה פון מנחה.

# קאַפּיטל פינף

ר׳ יצחק־וואָלף האַלט ביים מאַכן אַ סיום אויף ש״ס.

ויהי ערב ויהי בוקר — דריי טעג און דריי נעכט איז ר׳ יצחק־וואָלף אַזוי געלעגן צווישן די פּאַליעס. דער ים האָט אַרומגעטראָגן אויף זיך אַ ייד אַ בעל־בטחון. ר׳ יצחק־וואָלף האָט שוין דריי מאָל געהאט אויסגעזאָגט גאַנץ תהילים און געחזרט משניות אויף אויסנווייניק. ער האָט געטראַכט, אַז עס וועט אים אויסקומען דאָ צו מאכן אַ סיום אויף ש״ס. עס איז טאַקע גוט צו זיין אַ ייד אַ בן־תורה אינמיטן די פּאַליעס פון דעם במצולות הים — טראַכט ביי זיך ר׳ יצחק־וואָלף.

פּאָרט זעט ער נישט קיין עק. הימל און וואַסער. הימל און וואסער.

פּאַמעלעכל הויבן אים אָן אויסצוגיין די כוחות. ער האָט שוין דעם דריטן טאָג גאָר נישט געהאט אין מויל.

ר׳ יצחק־וואָלף הויבט אָן צו טראַכטן וועגן ווידוי. מען דאַרף זיך גרייטן אהין וווהין אַן ערלעכער ייד דאַרף זיך גרייטן.

פּלוצים דערשפּירט ער ווי אַ פּאַליע טוט אים אַ נעם גאָר שטאַרק אין דער הויך און וואַרפט אים אַרויס אויף אַן אינדזל.

ר׳ יצחק־וואָלף דערשפּירט אונטער זיך טריקעניש. ער הערט ווי לינדע ווינטן רוישן צווישןביימער. ער איז נעבעך געווען זייער שוואַך און איז באַלד אַנטשלאָפן געוואָרן מחמת חולשות.

ווען נאָך אַ לאנגן שלאָף האָט ר׳ יצחק־וואָלף אויפגעמאַכט די אויגן האָט ער זיך געשפּירט קרעפטיקער. ער האָט זיך אַרומגעקוקט און געזען, אַז ער ליגט אונטער אַ שיינעם עפּלבוים. ער האָט אָפּגעריסן אַן עפּעלע, געמאַכט אַ בורא־פּרי־העץ און טועם געווען אַ דבר־מאכל נאָך דריי טעג פאַסטן.

נאָכן עפּעלע האָט זיך ר׳ יצחק־וואָלף געפילט גאָר ביי די כוחות. ויאמר בלבו — וואָס וועל איך דאָ ליגן? איך וועל מיך אויפהייבן און גיין ווייטער אויפן אינדזל און זוכן אַ שטאָט מיט יידן.

## קאַפּיטל זעקס

אַ שטאָט וואָס ווייסט נישט פון יידן.

וילך — האָט ר׳ יצחק־וואָלף נישט באַלאַמוטשעט און גענומען שפּאַנען. גייט ער און גייט און קומט אַריין אין עפּעס גאָר אַ ווונדערלעכער שטאָט. די שטאָט באַשטייט פון גאַסן און בנינים וואָס ער האָט נאָך נישט געזען זינט ער פאָרט ארום איבער די ווייטענישן פון דער וועלט. די הייזער קוקן אויס ווי שטיינערנע שור־הברס און פּיפּערנאָטערס. אויף יעדן דאַך שטייט אַן עבודה־זרה און זי האָט די צורה פון אַ שטערן.

טראַכט ביי זיך ר׳ יצחק־וואָלף: אַ רחמנות נעבעך אויף די היגע יידן! ווי פירן זיי דאָ מסחר? על פּי דין טאָר מען גאָר נישט גיין איבער גאַסן וואָס זענען כולו תיפלה. עס קאָן זיך דאָך, חלילה, מאַכן אַ מכשול און אַ ווינט בלאָזט אַרונטער דאָס היטל פון קאָפּ!

פרעגט ר׳ יצחק־וואָלף ביי אַ דורכגייער:

— ווו וווינען דאָ יידן? און ווו קאָן מען געפינען אַ יידישע שול צי אַ בית־המדרש?

יענער קוקט אים אָן ווי ער, ר׳ יצחק־וואָלף, וואָלט גערעדט טערקיש. דאָס ערשטע מאָל הערט יענער אַזאַ נאָמען ווי יידן. יידן? וואָס זענען דאָס סאָרע באַשעפענישן?

זעט ר׳ יצחק־וואָלף, אַז ער איז אריינגעפאלן ערגעץ אין עק וועלט. דערימעך ווייסן דאָ די גויים נישט פון יידן, און דערימעך זענען זיי אַזוי משוקע אין דער עבודה־זרה.

פאָרשט ווייטער ר׳ יצחק־וואָלף ביים אַדורכגייער. ער וויל פאָרט דערגיין אַ טאָלק אויף וועלכן עק פון דער וועלט די ים־פאַליעס האָבן אים דערטראָגן. ווער איז דאָ ביי אייך דער אדוני־מלך? פרעגט אַ טשיקאווער ר׳ יצחק־וואָלף.

ענטפערט אים דער פרעמדער:

— איבער אונדז קיניגט נישט קיין מלך נייערט אַ מלכה. זי טאָר נישט חתונה האָבן מיט קיין שום בן־אדם און מוז פאַרבלייבן אַ בתולה עד יום מותה. טאָמער שטאַרבט זי, קלויבט מען אויס אַן אַנדערע בתולה. מען קלינגט אין אַלע תיפלהס און מען קרוינט זי פאַר מלכה. אַזוי דרייט זיך דאָס רעדל זינט קדמונים.

אויב גויים האָבן אַן השגה צו ווינען אָן יידן — איז וואָס איז דער חידוש אַז זיי זענען פאָלגע משוגע — טראַכט ביי זיך ר׳ יצחק־וואָלף און גייט זוכן אַן אכסניה.

# קאַפּיטל זיבן

דער בורא־עולם פירט גוט דעם חשבון פון דער וועלט.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט געזען אַז עס וועט אים אויסקומען דאָ לאַנג צו וואַרטן אויף עפּעס אַ שטיקל שיפל קיין גראַנדיאַ. דערווייל מוז ער בלייבן אויף דעם עק וועלט וואָס ווייסט נישט פון קיין ייִד. עסן וועט ער מער נישט טאָרן סיידן טרוקן ברויט מיט פּירות. אויב ער וועט וועלן טרינקען אַ גלאָז מילך וועט ער אליין מוזן שטיין ביים מעלקן די קו.

גראָד האָט זיך געטראָפן: דער ערל, דער בעל־אכסניה ביי וועמען ר׳ יצחק־וואָלף האָט געוווינט, איז געווען אַ שטילער צוגעלאָזענער גוי. ר׳ יצחק־וואָלף האָט אים אפשר הונדערט מאָל איינגעחזרט אין קאָפּ, אַז ער איז אַ ייִד און וואָס אַ ייִד באַטייט צווישן די שבעים אומות. דער גוי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ און געבעבעט אויף זיין עק־וועלט־לשון. בשום אופן האָט ער נישט געקאָנט משיג זיין וואָס עס מיינט אַזוינס אַ ייִד.

— מילא, איז לא פּידלתי! געפינט זיך אַ גוי אויף דער וועלט וואָס ווייסט נישט פון קיין ייִד! — האָט ר׳ יצחק־וואָלף ביי זיך געטראַכט.

פּאַמעלעכל האָט זיך ר׳ יצחק־וואָלף דערוווּסט, פאַרוואָס די הייזער אין דער שטאָט קוקן אויס ווי שטיינערנע שור־הברס און פּיפּערנאָטערס, און פאַרוואָס אויף אַ יעדן דאך שטייט אַן עבודה־זרה אין דער צורה פון אַ שטערן. עס האָט זיך אויסגעלאָזט: די גויים אויפן עק־וועלט האָבן נאָך נישט אַפילו דעם שכל צו דינען צו דער זון און צו דער לבנה. זיי האַלטן נאָך גאָר פון פאָרנט און זיי דינען ערשט צום מזל שבתאי.

— דער בורא־עולם האָט גוט געטאָן וואָס ער האָט נישט אַריינגעזעצט אַפילו איין ייִד צווישן אַזעלכע נאַרישע ערלים — האָט ר׳ יצחק־וואָלף ביי זיך געטראַכט און נישט אויפגעהערט צו באַוווּנדערן דעם קלוגן וועלט־חשבון פון דער השגחה.

## קאַפּיטל אַכט

מצוות מלווה־מלכה.

ביי אַ דריי חדשים איז ר׳ יצחק־וואָלף אָפּגעזעסן אין דער אכסניה און געוואַרט אויף אַ שיף קיין גראַנדיאַ.

זיצט ער אַזוי ביי זיך אין שטיבעלע אַ שבת־קודש פאַרנאַכט. אָקערשט האָט ער געהאַט אָפּגעגעסן שלש־סעודות און ער האַלט אינמיטן זמירות.

קומט אַריין דער גוי, דער בעל־אכסניה, און זאָגט צו ר׳ יצחק־וואָלפן כהאי לישנאַ:

— הנה זייט וויסן, פרעמדער מאַן, אַז היינט אויפדערנאַכט — ווען עס גייט אויף דער ערשטער שטערן — ביז מאָרגן — ווען מען זעט דעם ערשטן שטראַל פון דער זון — איז די גרויסע חגאַ פון אונדזער גאָט, דער מזל שבתאי. פון אַ מענטש ביז אַ באַשעפעניש מוזן פאַסטן אין דער דאָזיקער צייט. מען טאָר נישט נעמען אין מויל אַריין אַפילו אַ טראָפּן וואַסער. ווער עס איז טועם דאָס מינדסטע, דעם האַקט מען אָפּ דעם קאָפּ און דערנאָך פערטלט מען אים אינמיטן דעם מאַרק פון אונדזער שטאָט.

זאָגט צו אים ר׳ יצחק־וואָלף:

— זייער שיין. אָבער איך בין אַ ייד און פאַר מיר גילטן נאָר די געזעצן פון דער גמרא. היינט ביינאַכט איז פאַראַן ביי אונדז יידן אַ הייליקע סעודה — הייסט זי מלווה־מלכה. עס איז גאָר נישט בנמצא דער כח אויף דער וועלט וואָס זאָל ביי מיר פועלן, אַז איך זאָל, חלילה, נישט מקיים זיין די דאָזיקע מצווה. פאָלגט מיך, פּאַניע, — זאָגט ר׳ יצחק־וואָלף צום גוי — און מאַכט אַ שווייג. ווער באַדאַרף וויסן, אַז ערגעץ אין אַ זייטיק שטיבעלע ביי אייך אין אכסניה זיצט עפּעס דאָרט אַ פרעמדער יהודי און עסט מלווה־מלכה?

דער גוי איז געווען אַן אָרנטלעכער און אַ צוגעלאָזענער און ער האָט

זיך שוין אָנגעהויבן צו וואַקלען אין דער דעה. פלוצים האָט מען דער־הערט פון דרויסן דאָס קלינגען פון תיפלהס און דאָס בלעקעכצן פון המונים גויים צו דעם מזל שבתאי.

דער בעל־אכסניה האָט זיך דערשראָקן און האָט אָנגעהויבן צו ציטערן און צו פּלאַטערן. ער האָט געזאָגט צו ר׳ יצחק־וואָלפן:

— איך וואָלט פאַר דיר אלצדינג געוועז געטאָן, מיין ליבער ייד, נאָר איך האָב מורא פאַרן מזל שבתאי.

# קאַפּיטל ניין

מען פירט ר׳ יצחק־וואָלפן קעפּן.

ויהי כאשר הגיע — עס האָט דערגרייכט די צוועלפטע שעה פון מוצאי־שבת־קודש ביינאַכט. ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך געוואַשן צו מלווה־מלכה. ער האָט אויפגעגעסן אַ כזית ברויט. מיט גרויס התלהבות האָט ער אָנגעהויבן צו זינגען: „דוד מלך ישראל חי וקיים״.

די טיר טוט זיך אַ פּראַל אויף מיט רעש און געפּילדער. אין ר׳ יצחק־וואָלפס שטיבעלע פאַלן אריין מיט גרויס כעס און גרימצאָרן צען כומרים פון דעם מזל שבתאי.

זייער אויסזען איז געווען גאָר פירכטערלעך. אויף די פּנימער האָבן זיי געטראָגן רויטע מאסקעס מיט דער צורה פון אויסטערלישע שקצים ורמשים. זיי זענען געגאַנגען אָנגעטאָן לאַנגע בלוט־רויטע זשופּיצעס. אויף די קעפּ האָבן זיי געהאַט הויכע שפּיציקע היט. די היט האָבן געהאַט דאָס געשטאַלט פון טורעמס און אויף די טורעמס האָבן געקלונגען אַלער־ליי גלעקלעך.

די עבודה־זרהדיקע פּאַרזעעניש האָבן געריטשעט אויף זייער ווילד לשון. מן־הסתם איז עס געווען דאָס אונטערשטע לשון פון די שבעים־לשונות.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט נישט אויפגעהערט צו זינגען זמירות און צו שרייען: „דוד מלך ישראל חי וקיים״.

די כומרים האָבן אים אָנגעכאַפּט פאַר די פּלייצעס און אים געפירט אין דער ערגסטער שטאָט־תפיסה.

צומאָרגנס כלחוך האָט מען ר׳ יצחק־וואָלפן אַוועקגעפירט אויפן מאַרק כדי אים צו קעפּן. די גאַסן זענען געווען שוואַרץ פון המונים. אַלע האָבן געטראָגן היט מיטן צייכן פון מזל שבתאי.

מען האָט ר׳ יצחק־וואָלפן געפירט מיט גרויסע צערעמאָניעס. ווי אַ

נידון־למיתה האָט מען אים אָנגעטאָן אין אַ ווייסן קיטל. די כומרים פון דער עבודה זרה זענען געגאַנגען פאַר אים און נאָך אים. זיי האָבן גע־האַלטן ליכט אין די הענט און געקלונגען מיט גלעקלעך.

אין מיטן מאַרק איז געשטאַנען אַ רויטע בימה. אויף דער בימה איז געשטאַנען אַ תליון אָנגעטאָן ווי אַ וואַרער אַשמדאי. אין דער האַנט האָט ער געהאַלטן אַ גרויסע און שאַרפע שווערד.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט נישט אויפגעהערט צו זינגען זמירות און צו שרייען: „דוד מלך ישראל חי וקיים!“

אָט איז ער שוין אויף דער בימה. דער תליון גיט אַ הויב אויף די שווערד און וויל ר׳ יצחק־וואָלפן אָפּהאַקן דעם קאָפּ.

## קאַפּיטל צען

דער יצר־הרע נעמט זיך צו דער מלכה און מען פירט ר׳ יצחק־וואָלפן אין די חצרות־המלכים.

דער תליון האָט נאָך נישט געהאַט באַוויזן אַראָפּצולאָזן די שווערד און אָפּצוהאַקן ר׳ יצחק־וואָלפן דעם קאָפּ — פּלוצלונג דערהערט מען פונדערווייטנס דאָס שאַרפע שאַלן פון זילבערנע פּאַנפאַרן און דאָס פּויקן פון פּויקן. עס שרייען „וויוואַט!" די המונים אין די גאַסן. מה רעש? מען טראָגט איצט אַרויס די קיניגלעכע בתולה פון אירע פּאַלאַצן און מען פירט זי מיט גרויס פּאָמפּע צו דער גרעסטער תיפלה פון מזל־שבתאי.

איז פאַראַן אַ שטרענגער דין אין יענער מדינה: ווען מען טראָגט אַרויס די מלכה פון אירע פּאַלאַצן מוז איעדער אויף דער גאַס בלייבן שטיין אויף זיין אָרט און טאָר נישט רירן מיט קיין אבר.

בלייבט דער תליון שטיין מיט דער אויפגעהויבענער שווערד איבער ר׳ יצחק־וואָלפס האַלדז און ר׳ יצחק־וואָלף הערט נישט אויף צו זינגען: „דוד מלך ישראל חי וקיים!"

דערווייל דערנענטערט זיך דער גאַנצער פּאַראַד מיט דער מלכה. צען כומרים — אָנגעטאָן פּונקט ווי די פּאַרזעענישן, די זעלביקע וואָס האָבן יצחק־וואָלפן געפירט אין תפיסה אַריין — טראָגן אויף זייערע פּלייצעס אַ טייערע גינגאָלדענע כסא־מלוכות. אויף דער כסא־מלוכה זיצט די מלכה אָנגעשפּיקעוועט מיט בריליאַנטן און אַבנים־טובות. אַלע האָבן זיי די צורה פון שטערן. גראָד איז די מלכה געווען אַ גרויסע יפת־תואר. אַרום דער כסא־מלוכה גייען אַלע שרים און יועצים מיט אַנטבלויזטע קעפּ און מיט ליכט אין די הענט. זיי קלינגען מיט גלעקלעך און בלעקעכצן. דערנאָך גייט אַ סך חיל מיט אַלערליי גענעראַלן בראָש. אַלע גייען זיי אָנגעטאָן אין גאָלדענע פּאַנצערס מיטן צייכן פון מזל־שבתאי.

מען פויקט, מען בלאָזט און מען טראָמפּייטערט. בקיצור — עס קאָכט זיך אין שטעטל.

טרעפט זיך גראָד און מען טראָגט פאַרביי די קיניגלעכע בתולה פאַר דער רויטער בימה אינמיטן מאַרק, ווו דער תלין שטייט מיט דער אויפגעהויבענער שווערד איבערן האלדז פון אַ נידון־למיתה, — און דער נידון־למיתה זינגט הויך די זמירות פון מלווה־מלכה.

צי האָט די בתולה סתם אויפגעהויבן די אויגן פון טשיקאַוועס וועגן, צי איבער עפּעס אַן אַנדער סיבה — די בתולה טוט אַ קוק־אָן ר׳ יצחק־וואָלפן — ותתחלחל המלכה מאוד — זי איז געוואָרן גאָר צעמישט אין די חושים. אַזאַ יופי פון אַ מאַנסביל האָט זי נאָך נישט געזען זינט זי זיצט און קיניגט אין אירע פּאַלאַצן. דער כח־הדם פון דער אייביקער בתולה איז איר געשטיגן אין קאָפּ אַריין. והיא לא ידעה — זי האָט גאָר אַליין נישט געוווּסט ווי דער יצר־הרע נעמט און וואַשט זיך צו איר ווי צו דעם גרויסן געבראַטנס.

גיט זי אַ צייכן מיט איר שרביט־הזהב.

די גאַנצע כאָפּטע שרים, כומרים און גענעראַלן שטעלט זיך אָפּ פאַר דער רויטער בימה ווו עס שטייט דער תלין מיט אַ ייד אַ נידון־למיתה.

פרעגט די מלכה: מה זה? פאַרוואָס גייט מען אָט דעם יונגנמאַן אָפּהאַקן דעם קאָפּ?

דערציילט מען איר מיט גרויס אונטערטעניקייט די גאַנצע מעשה פון אלף ביז תיו.

דער יצר־הרע האָט שוין אָבער די קיניגלעכע בתולה פעסט געהאַלטן אין זיינע לאַפּעס. — און דערימעך האָט זי זיך אָנגערופן:

— ער איז נאָך יונג און מחמת דעריבער איז ער אַ נאַר און ווייסט נישט, אַז מען טאָר נישט עסן אין דער נאַכט פון דער חגאָ פון מזל־שבתאי. אין דער תיפלה וועל איך שוין בעטן ביי אונדזער גאָט, אַז ער זאָל עס אים נישט נעמען פאַראיבל. דעם נידון־למיתה פירט אַוועק אין מיינע פּאַלאצן. איך וויל מיט אים דאָרט לערנען אַלע תורות און מנהגים פון אונדזער עבודה־זרה.

# קאַפּיטל עלף

ר׳ יצחק־וואָלף זאָגט „לאָ" און די מלכה פאַלט אַריין אין גרויס גרימצאָרן.

מען האָט ר׳ יצחק־וואָלפן אַוועקגעפירט אין די חצרות־המלכים. דאָרט האָט מען אים פאַרשלאָסן אין אַ באַזונדער חדר און געהייסן וואַרטן.

וואַרט ער ביי אַ צוויי שעה צייט — פּלוצים האָט ער פונדאַסניי דערהערט ווי עס שאַלן דרויסן די פּאַנפּארן און עס פּויקן די פּויקן. פאַרשטייט ער: מן־הסתם איז די מלכה צוריק געקומען פון דער תיפלה.

עס געדויערט נישט לאַנג און עס קומט אַריין אַ שוואַרצע דינסט־מויד. זי איז אויך אָנגעטאָן אין בגדי־חגא און מיטן צייכן פון מזל־שבתאי אויפן קאָפּ. זי נעמט אָן ר׳ יצחק־וואָלפן פאַר דער האַנט און פירט אים איבער פאַרשידענע קיניגלעכע חדרים.

לסוף לאָזט זי אים אַריין הינטער אַ גאָלדענער טיר.

אַ חדר פון רויטן מירמלשטיין. אויף אַ גאָלדן בעטל איז דאָרט גע־זעסן די קיניגלעכע בתולה. זי איז געווען ווי האַלב אויסגעטאָן. זי האָט אַ קוק געטאָן מיט אַ שמייכעלע אויף ר׳ יצחק־וואָלפן און אָן גרויסע הקדמות ארונטערגענומען דאָס פייגנבלעטל פון מויל און צו אים געזאָגט:

— שיינער מאנסביל, זיי מיר צו ווילן!

ר׳ יצחק־וואָלף איז פאַרציטערט געוואָרן און עס איז אים פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן. ער האָט געזען, אַז עס הימלט אים, חלילה, דער גאַנצער עולם־הבא.

איז ער דאָך אָבער געווען אַ קלוגער ייד, האָט ער ביי זיך געטראַכט: איך וועל עס מאַכן מיט חכמה און אַזוי ארום וועל איך מיך אַרויסדרייען פון דעם ביטערן נסיון.

אַ גרויסער בעל־דברן איז ער געווען, האָט ער אָנגעהויבן צו דער־ציילן דער מלכה, אַז ער איז אַ ייד... דערביי האָט ער צוזאמענגענומען

אין זכרון דאָס גאַנצע דברי־שפלות מיט וועלכע די שונאי־ישראל רעדן וועגן יידן. און ער האָט עס אויך דער מלכה דערציילט. פאַרשטייט זיך, אז ער האָט עס געטאָן מיט דער כוונה זיך צו פארמיאוסן אין די אויגן פון דער מלכה.

זעט זיך אויס: די קיניגלעכע בתולה האָט גאָר נישט געוואָלט הערן די רייד פון ר׳ יצחק־וואָלפן. זי האָט נאָך יצר־הרעדיקער צו אים גע־שמייכלט און ווידער געזאָגט: זיי מיר צו ווילן, שיינער מאנסביל.

האָט ר׳ יצחק־וואָלף געזען אַז מיט דיבורים וועט ער גאָר נישט מאכן. האָט ער אָנגעהויבן צו וויינען און איז איר געפאלן צו די פיס און זי געבעטן, אַז זי זאָל רחמנות האָבן אויף זיין חלק עולם־הבא.

עס איז אָבער געווען אַ וויינען צו דער וואַנט.

האָט ר׳ יצחק־וואָלף אַ זאָג־געטאָן: לאָ!

דערהערט „לאָ" איז די בתולה אַריין אין אַ ווילדן גרימצאָרן און האָט ר׳ יצחק־וואָלפן געסטראַשעט, אַז אויב ער וועט איר באותו הרגע נישט זיין צו ווילן, וועט זי אים הייסן אָפשינדן אַ לעבעדיקן די הויט און דערנאָך אים פערטלען אין מיטן מאַרק.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט אָבער געזאָגט: טו מיט מיר וואָס דו ווילסט, מאַיעסטעט. איך בין אַ ייד און האָב אַ ירושה פון דורות ווי אזוי צו זיין אַן עומד־ בנסיון.

די בתולה האָט געזען, אַז מיט סטראשונקעס וועט זי גאָר נישט פועל זיין — האָט זי אים געהייסן פאַרשליסן אין אַ חדר־מיוחד. ער זאָל דאָרט מער נישט באַקומען ווי טרוקן ברויט מיט וואסער. שלאָפן זאָל ער אויף אַ צעריסענעם שטרוי־זאק.

# קאַפּיטל צוועלף

יצחק־וואָלף האַלט זיך!

זיצט אַזוי ר׳ יצחק־וואָלף איינער אַליין אין אַ פֿאַרשלאָסן חדר. פֿאַר אים שטייט אַן ערדענע קרוג מיט וואַסער און אַ לאַבן טרוקן ברויט. אין אַ ווינקל אויף דער ערד ליגט אַ צעריסענער אָרעמאַנסקער שטרויזאַק.

עס איז שווער געווען צו וויסן מה ילד יום, און צי וועט ער נאָר, חלילה, נישט נכשל ווערן ביים נסיון? ווען ער טוט אַ מאַך צו די אויגן, נעמט דער בעל־דבר ימח שמו — און פֿירט אים צו צו די בליקן די קי־ניגלעכע בתולה בכל יפֿיה — מחמת זי איז באמת געווען אַ זעלטענע יפֿת־תואר.

זעט ר׳ יצחק־וואָלף, אַז מיט די אייגענע כוחות וועט ער פֿאַרט, חלילה, נישט באַווייזן בייצושטיין דעם נסיון. דערמאָנט ער זיך: ביי יידן זענען פֿאַראַנען צוויי שווערדן אַקעגן וועלכע קיין שום שונא אין דער וועלט האָט נאָך נישט געהאַט קיין תקומה, און דאָס זענען: בטחון אין האַרצן און תהילים אויף די ליפּן.

הויבט ר׳ יצחק־וואָלף אָן צו זאָגן תהילים. ער זאָגט און זאָגט און די שעהן לויפֿן און לויפֿן. עס ווערט שוין גוט פֿינצטער, און דער תהילים גייט אים נישט אַראָפּ פֿון די לעפּצן. ער שפּירט ווי אין זיין האַרצן וואַקסט אויס דער בטחון ווי אַ גרויסע און שטאַרקע שוץ־מויער. ער זאָגט אַזוי לאַנג ביז די אויגן קלעפּן זיך אים צו. ער גייט צו צום ווינקל און לייגט זיך אַוועק אויפֿן צעריסענעם אָרעמאַנסקן שטרוי־זאַק.

קוים איז ער געהאַט אַנטשלאָפֿן געוואָרן זעט ער אין חלום ווי זיין טאַטע זכרונו לברכה, ר׳ יעקב־משה, דער אדיר פֿון מדינת־פּה־לין שטייט אים צוקאָפּנס. דער מת־טהור גייט אָנגעטאָן אין אַ ווייסע אַטלעסענע זשו־

פּיצע מיט זילבערנע סטראָקעס און אויפן קאָפּ טראָגט ער אַ טייער רביש
שטריימל. ער זאָגט אים בלויז דריי ווערטער:

— יצחק־וואָלף, האַלט זיך און זיי אַ ייד!

תוך כדי דיבור איז דער מת־טהור פאַרשוווּנדן געוואָרן אין עפּעס
אַן אויסטערליש ליכטיקייט.

## קאַפּיטל דרייצן

אַז אַ ייד וויל זיין אַן עומד־בנסיון — איז דאָך ניט שייך.

ר׳ יצחק־וואָלף טוט אַ ריס אויף די אויגן און וויל ווייטער זאָגן תהילים. פּלוצים שפּירט ער אַ וואַרעמען שמעקנדיקן אָטעם לעבן זיין אויער. ער הערט אַ שטיל געפּליסטער וואָס בעט זיך ווי מיט היגטישער בקשה: שיינער מאַנסביל, זיי מיר צו ווילן!

ר׳ יצחק־וואָלף טוט זיך אַ קוק אום. ער טאַפּט מיט די הענט און דערשפּירט לעבן זיך אַ וואַרעמען שמעקנדיקן גוף. זעט ער, אַז די קיניג־לעכע בתולה האָט זיך לעבן אים אַוועקגעלייגט אויפן צעריסענעם אָרע־מאַנסקן שטרוי־זאַק.

ווידער זעט ר׳ יצחק־וואָלף ווי אין חלום דאָס געשטאַלט פון זיין פאָטער ר׳ יעקב־משה אין דער ווייסער אַטלעסענער זשופּיצע און מיטן רבישן שטריימל אויפן קאָפּ. דער מת־טהור ווייזט מיט אַ פינגער אויפן פענצטער.

ר׳ יצחק־וואָלף שפּרינגט אויף פון געלעגער, לויפט צו צום פענצ־טער, האַקט אויס אַ שויב און שפּרינגט אַראָפּ ווי אין אַ תהום פון דער דרויסנדיקער נאַכט.

דער גרויסער זכות פון נסיון איז אים, מן־הסתם, בייגעשטאַנען. קיינער פון די וואכן האָט נישט געזען ווי ר׳ יצחק־וואָלף שפּרינגט אַראָפּ פון אַ פענצטער פון קיניגלעכן פּאַלאַץ.

ער איז געלאָפן אַן אָטעם צום ברעג ים. די ערשטע שיף וואָס ער האָט געזען, איז ער אויף איר אַרויפגעלאָפן.

ווי באַלד ר׳ יצחק־וואָלף איז נאָר געווען אויף דער שיף האָט זי באותו הרגע צעלאָזט אירע זעגל־טיכער און אַוועקגעשווומען אין די נאַכט־פינצטערנישן.

## קאַפּיטל פֿערצן

כל־זמן שהנשמה בקרבי — מוז אַ ייד וואַרטן אויף נסים.

ווען ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך געפֿונען ווייט אויפֿן אָפֿענעם ים, האָט ער זיך דערוווסט, אַז ער פֿאָרט מיט אַ שיף פֿון מענטשן־פֿרעסער. מען וועט אים פֿאַרקויפֿן צו שוואַרצע מענטשן־פֿרעסער, וואָס וווינען אויף גאָר ווייטע אינדזלען הינטערן קו־המשוה. דאָרט וועט מען אים אָפּבראָטן אויפֿן פֿייער און אויפֿעסן.

ויאמר בלבו — ווען ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך דערוווסט פֿון דער שיינער בשורה, האָט ער צו זיך געזאָגט: גם זו לטובה! גוט וואָס כ׳האָב מ׳יר כאָטש אָפּגעראַטעוועט דעם עולם־הבא. כל זמן שהנשמה בקרבי — ווי לאַנג עס קלאַפּט אין אַ ייד אַ לעבעדיקע אָדער מוז ער האָבן בטחון און וואַרטן אויף נסים.

## קאַפּיטל פופצן

מען פאַרקויפט ר' יצחק־וואָלפן צו מענטשן־פרעסער.

נאָך אַ נסיעה פון פינף חדשים איז די שיף צוגעקומען צו דעם שווארצן אינדזל.

ר' יצחק־וואָלף טוט אַ קוק אויף די שיינע באַלעבאַטים פון דעם אינדזל — און ער האָט זיינע אויגן נישט געגלויבט. סאַמע קויל־שוואר־צע קליינע דיקע מענטשעלעך. זיי לויפן אַרום אדם־נאַקעטע בלויז מיט פייגנבלעטער אויף די לענדן. די ליפּן זייערע זענען בלוט־רויט און גע־וואַלדיק דיק. די נעזער דערגרייכן זיי ביז צום נאָפּל. ווייסע שאַרפע ציי־נער, גרויסע ווי די לאָפּעטעס, האָבן זיי אַרויסגעשטאַרצט פון די ליפּן און אַפער געקראָכן אויף די שווארצע גאָמבעס.

די שיף האָט געבראַנגט סחורה ביי אַ צוויי הונדערט נפשות. זכרים און נקבות.

די שוואַרצע מענטשעלעך האָבן באַטאַפּט די סחורה. דערביי האָבן זיי געקלאַפּט מיט די שאַרפע ציינער און געשנויפלט מיט די נעזער. זעט זיך אויס, אַז די סחורה איז געווען פערווי־סאָרט. ווען מען וועט זי אָפּ־בראָטן אויפן פייער וועט זי זיין די אמתע מעדני־מלכים.

אויף די פעלדער פון יענעם אינדזל וואלגערן זיך אַרום בריליאַנטן און אבנים־טובות ווי ביי אונדז פשוטע שטיינער... זיי האָבן פאַר די שווארצע מענטשן ־ פרעסער נישט קיין שום ווערט. האָבן זיי פאַר יעדן נפש דעם שיפס־קאַפּיטאַן אָנגעשיט צען זעק מיט בריליאַנטן. דערביי האָבן זיי גאָר געלאַכט פון דעם נאַרישן קאַפּיטאַן וואָס נעמט פאַר אַזעל־כע פּעטע ביסנס, זעק מיט טויטע שטיינער. די שווארצע מענטשעלעך זענען זיכער געווען, אַז דעם קאַפּיטאַן פעלט עפּעס אַ קלעפּקע אין קאָפּ. אָט די האַלב־נאַקעטע האַלטן זיך גאָר פאַר די גרעסטע חכמים. ביי זיי

קומט אויס, אַז זיי טוען דער גאַנצער וועלט אָן אַ ספּאָדיק און נאַרן ביי איר אויס דעם כל־טוב.

נאָכדעם ווי די שיף איז אַוועקגעפאָרן אָן אָנגעלאָדענע מיט בריליאַנטן, האָבן די מענטשן־פרעסער פאַרשלאָסן די געקויפטע נפשות אין אַ הייל. אינעווייניק איז געווען ליכטיק פון די בריליאַנטן און שמאראגדאן וואָס האָבן זיך דאָרט אַרומגעוואלגערט ווי פשוט מיסט.

אין דער הייל זענען געלעגן גאַנצע בערג מיט פייגן, טייטלען, מילגרוימען און ווייַנטרויבן. — כדי די געקויפטע נפשות זאָלן עסן און ווערן פעט.

ביי אַלעמען וואָס זענען צוזאמען מיט אים געווען פאַרשלאָסן אין דער הייל האָט זיך ר׳ יצחק־וואָלף אויסגעפרעגט ווער זיי זענען. עס זענען געווען מענטשן פון אַלע שבעים אומות און שבעים לשונות. אַ ייד איז געווען ר׳ יצחק־וואָלף אַליין.

נאָך עטלעכע טעג זענען די שוואַרצע אַרייַנגעקומען אין דער הייל. זיי האָבן אַיעדן באַטאפּט און געזען צי ער האָט זיך עפּעס אויסגעפּאַשעט. ווען עמיצער האָט געגומען אויף זיך לייב האָבן זיי מיט אים נישט געמאַכט קיין לאנגע מחזקות. טאָקע נאָך אינעווייניק אין דער הייל האָבן זיי אים אויפגעשטאָכן אויף אַ שפּיז, אַ ביסל אים געבראָטן אויפן פייער און אים אויפגעפרעסן אַ האַלב־לעבעדיקן.

# צענט בילד

## קאַפּיטל איינס

ר׳ יצחק־וואָלף פאַסט תעניתים. — עס קומען צופאָרן דריי ארחי־
פרחי וואַזשנע מיוחסים.

געזען וואָס די שוואַרצע מענטשעלעך זענען אויסן מיט די בערג גלוסטיקע פּירות, האָט ר׳ יצחק־וואָלף ביי זיך באַשלאָסן, אַז אַחוץ די סעודות פון שבת, און דער עיקר די סעודה פון מלווה־מלכה, זאָל ער גאָר נישט טועם זיין און כסדר פאַסטן.

כך הוה. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און פון דעם גאַנצן שיינעם מאַנסביל ר׳ יצחק־וואָלף איז געוואָרן עפּעס דאָרט אַ זעקל ביינער. ממש נישט מער ווי א שאָטן פון אַ מענטש. די שוואַרצע האָבן אים כסדר באַ־טאַפּט, אולי ירחם — טאָמער קאָן מען אים פאָרט אַרויפנעמען אויף דער בראָט־שפּיז! טאַפּ היינט, טאַפּ מאָרגן! גיי און גריזשע ביינער! האָבן זיי זיך מיישב געווען און אים געלאָזט לויפן און אים געמאַכט פאַר אַ וואַ־סער־טרעגער.

דערווייל האָט זיך ר׳ יצחק־וואָלף אויסגעלערנט דאָס ווילדע קוי־דערוועלש פון די שוואַרצע. מן־הסתם געהער עס גאָרנישט צו די שבעים לשון פון די אומות. און ער האָט פּאַמעלעכל אָנגעהויבן צו פאַרשטיין וואָס אָט די מענטשן־פרעסער רעדן צווישן זיך און וואָס עס זענען זיי־ערע מחשבות און תחבולות.

צום יאָר איז ווידער געקומען די שיף מיט געכאַפּטע נפשות.

ר׳ יצחק־וואָלף טוט אויף טשיקאַוועסט א קוק וועמען מען האָט דאָ געברענגט, כדי ער זאָל אויפגעפרעסן ווערן פון די שוואַרצע — דערזעט ער פלוצים דריי יונגעלייטלעך. זיי זענען נעבעך געגאַנגען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן ווי ביטערע אָרעמעלייט — אָבער ר׳ יצחק־וואָלף האָט באַלד געזען, אַז דאָס זענען אַחינו בני ישראל. און דווקא איידעלע יידן. נישט געקוקט דערויף וואָס זיי זענען געגאַנגען אָנגעטאָן אין שמאַטעס און אין טראַנטעס, האָט מען פאָרט געזען אַז דאָס זענען יידן וואַזשנע מיוחסים.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיי דערלאַנגט שלום־עליכם.

תחילת האָבן די אָפּגעריסענע מיוחסים ר׳ יצחק־וואָלפן געענט־פערט זייער קילבלעך. עס איז זיי נישט אָנגעשטאַנען דער וואַסערטרע־גער. — זיי האָבן זיך אָבער אַרומגעקוקט און געזען ווי די שוואַרצע מענטשעלעך קלאַפּן מיט די ציינער און שנויפּלען מיט די נעזער — האָבן זיי פאַרשטאַנען אַז דאָ באַקט מען נישט קיין לעקעכלעך, — און דאָ גילט נישט קיין יחוס.

די דריי מיוחסים האָבן סוף כל סוף פאַרגעסן, אַז פאַר זיי שטייט עפּעס דאָרט אַ פּראָסטער וואַסערטרעגער און זענען באַלד מיט ר׳ יצחק־וואָלפן געוואָרן גאָר היימיש. זיי האָבן אים געפרעגט באַלד אויף לשון־קודש און האַלב אויף עברי־טייטש (כדי די ערלים זאָלן נישט פאַרשטיין) צי ער ווייסט נישט קיין עצה ווי אַזוי ניצול צו ווערן פון די שוואַרצע מענטשעלעך?

— בטחון, ליבע יידן! דאָס איז די בעסטע עצה — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געענטפערט אויף פּראָסט מאַמע־לשון — אויב אַ ייד האָט נאָך בטחון, איז נאָך נישט געוועזן דער פאַל אויף דער וועלט, אַז ער זאָל נישט ניצול ווערן פון אַלע צרות. נאָר קודם־כל יידן, דערציילט מיר מה שמיכם? פון וואָסערע תפוצות־ישראל קומט איר, און ווי אזוי האָט מען אייך געכאַפּט?

איינער פון די דריי, ווי עס זעט זיך אויס, דער גרעסטער מיוחס, האָט געענטפערט ר׳ יצחק־וואָלפן:

— עס איז אַ לאַנגע מעשה, ר׳ ייד, און עס איז אַ מעשה בתוך מעשה.

— וואָס האָבן מיר קיין צייט נישט? — האָט ר׳ יצחק־וואָלף גע־ענטפערט — ווי יעדע מעשה וואָס געשעט מיט יידן, איז עס מן־הסתם אַ מעשה פון גאָלע נסים. דערימעך בין איך זי זייער טשיקאַווע צו הערן. לאָמיר זיך, ליבע יידן, אַוועקזעצן אונטער אָט דעם פייגנבוים, און איר יונגערמאַן, דערציילט!

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך מיט די דריי יידן טאַקע אַוועקגעזעצט אונ־טער אַ פייגנבוים. דער גרעסטער מיוחס פון די דריי האָט אָנגעהויבן צו דערציילן.

## קאַפּיטל צוויי

די שטערן־קוקער שטייען אויפן דאַך. — מען בויט אונטער דער ערד אַ פּאַלאַץ.

— מיין פאַטער איז אַ גרויסער מעכטיקער קיניג איבער לענדער און אינדזלען. זיין שם־הקודש איז ר׳ צבי־פלטיאל דער אכציקסטער. איך בין זיין קרוינפּרינץ און איך הייס אליקום. איך האָב געהאַט אַ ייִנגערע שוועסטער פון מיר און זי האָט געהייסן אסתר. זי איז געוועזן די גרעסטע יפת־תואר אונטער דער זון און איז געבוירן געוואָרן מיט גאָלדענע האָר.

ביי אונדז אין לאַנד איז אַ מנהג, אַז ווען עס ווערט געבוירן אַ בת־מלכה, גייען די קיניגלעכע שטערן־קוקער ביינאַכט אַרויף אויפן דאַך פון די חצרות־המלכים און קוקן נאָך אין די שטערן וואָסער מזל עס איז באַשערט דער נייער בת־מלכה.

זענען זיי, די קוקער, געשטאַנען אויפן דאַך, געקוקט און געקוקט. לסוף זענען זיי אַראָפּגעקומען און געזאָגט צו מיין פאַטער דעם מלך:

— אדוננו המלך, עס איז אונדז אַפילו פריקרע אייך צו דערציילן וואָס מיר האָבן געזען אין די שטערן. נאָר פאַרפאַלן, מיר מוזן זאָגן דעם אמת. ובמלוא — אין דעם טאָג ווען די בת־מלכה אסתר וועט אַלט ווערן דרייצן יאָר וועלן קומען סריסים און זי אַרויסגנבענען פון קיניגלעכן פּאַלאַץ.

ביי אַ גוישן מלך וואָלט מען אַזעלכע שיינע שטערן־קוקער געקעפּט און געפּערטלט אינמיטן מאַרק. אַ יידישער מלך איז אָבער פול מיט חסד און איז נישט קיין גזלן.

מיין טאַטע, זיין מאַיעסטעט ר׳ צבי־פלטיאל דער אכציקסטער, האָט אָנגעהויבן צו זוכן תחבולות ווי אזוי אויסצובאַהאַלטן די בת־מלכה, אַז אין טאָג פון איר דרייצנטן יאָר זאָלן זי די סריסים נישט געפינען.

ויאמרו השטערן־קוקער — האָבן די שטערן־קוקער געזאָגט צום קיניג:

— יעשה ויבנה — זיין מאַיעסטעט זאָל ערגעץ אויף אַ וויטן אינד־זל פון זיינע אינדזלען אויסבויען אַן אונטערערדישן פּאַלאַץ. אַ פּאַלאַץ מיט אַ סך חדרים און מיט שטאַרקע קופּערנע טירן. דאָרט זאָל מען אַרייַנ־לייגן מאַכלים און משקאָות אויף אַ יאָר צייט. כשתגיע — ווען די בת־מלכה אסתר וועט דערגרייכן צו איר דרייצנטן יאָר, זאָל מען זי דאָרט איינשליסן צוזאַמען מיט צוויי פון אירע בעסטע חברטעס. זאָל זי דאָרט זיין אויסבאַהאַלטן ביז עס וועט פאַרבייגיין דאָס יאָר וואָס מיר האָבן געזען אויפגעשריבן אין די שטערן.

וייטב הדבר בעיני המלך — און דער מלך האָט געזאָגט: איר זענט קיין עין־הרע קלוגע יידן, מיינע שטערן־קוקער!

ויקח — דער מלך ר׳ צבי־פּלטיאל האָט צונויפגערופן די גרעסטע חכמים און בוי־מייסטערס פון זיינע קיניגרייכן. אונטער דער ערד האָבן זיי געמאַכט אַ פּאַלאַץ קונציק און וווּנדערלעך וואָס עין לא ראַתה. הגם דער פּאַלאַץ איז געווען טיף טיף אונטער דער ערד, פונדעסטוועגן איז דאָרט געווען ליכטיק ווי אין אַ זומער־טאָג און לופטיק ווי אין אַ לוסט־גאָרטן. מען האָט דאָרט אַרייַנגעזעצט די בת־מלכה אסתר מיט צוויי פון אירע בעסטע חברטעס. כדי עס זאָל איר נישט זיין אומעטיק אַ יאָר צייט אונטער דער ערד האָט מען איר מיטגעגעבן די שענסטע מעשה־ביכלעך כדי זי זאָל זיי לייענען, צווישן זיי די מעשה־ביכלעך פון ר׳ יאַנקל לע־רער פון דער שטאָט לאָדזש. מען האָט איר אויך מיטגעגעבן אַלערליי כלי־זמר, האַרפעס און צימבלען כדי זי זאָל שפּילן און אַז אויך אירע חברטעס זאָלן פאַר איר שפּילן.

ווען אַלצדינג איז געווען פאַרטיק כתוב וחתום, האָט מען אַלע טירן צום פּאַלאַץ צוגעחתמעט מיט קיניגלעכע זיגלען.

די חכמים און בוי־מייסטערס האָבן געשווירן אין טלית און תפילין, אַז זיי וועלן האַלטן בסוד ווו עס געפינט זיך די בת־מלכה אסתר.

## קאַפּיטל דריי

שריי חי־וקיים! — דאָס פייגעלע איז אַרויסגעפלויגן.

ויהי ככלות השנה — קוים וואָס מען האָט זיך דערוואַרט, אַז עס זאָל זיך איבערדריי'ען דאָס דרייצנטע יאָר פון דער בת־מלכה אסתר.

דער מלך ר' צבי־פלטיאל, די מלכה חנה־רבקה, אַלע שרים און יועצים זענען צוגעגאַנגען צו דער הייל. זיי קומען צו און זעען: די זיגלען אויף די טירן זענען נישט גערירט. די שמחה איז געווען אין לשער. די בת־מלכה איז בשלום אַריבערגעקומען דעם גזר וואָס איז איר געווען אָנגעשריבן אין די שטערן!

מען ברעכט אויף די זיגלען און מען גייט אַריין אינעווייניק אין דעם אונטערערדישן פּאַלאַץ. עס איז דאָרט טאַקע ליכטיק ווי אין אַ זומער־טאָג, אָבער דעם מלך ווערט פינצטער פאַר די אויגן — נישטאָ די בת־מלכה!

עס איז געוואָרן אַ גרויסע יללה. גיי שריי חי־וקיים! די סריסים זענען טאַקע געקומען און אַרויסגעגנבעט די בת־מלכה, ככתוב וחתום ווי די שטערן־קוקער האָבן געזען אויפן דאַך.

וחקרנו — האָט מען זיך אָנגעהויבן אויסצופרעגן ביי פאַרשידענע קאַפּיטאַנען און ים־פאָרער, ווער און וואָס זענען דאָס אַזוינס די סריסים און ווו וווינען זיי?

האָבן אַלע געענטפערט בפה אחד: אַז אָט די סריסים זענען אַ באַנדע גזלנים וואָס וווינען ווייט ווייט אויפן מאַגנעט־אינדזל. אָבער אַלע האָבן זיך געוווּנדערט ווי אַזוי האָבן אָט די סריסים געוווּסט די סודות פון דעם אונטערערדישן פּאַלאַץ און ווי אַזוי האָבן זיי באַוויזן פון דאָרט אַרויסצונעמען די בת־מלכה און דערביי נישט אָנצורירן די זיגלען ביי די טירן?

פרעג היינט, פרעג מאָרגן — דאָס פייגעלע איז אַרויסגעפלויגן.

מען האָט געמאַכט אַסיפות אויף אַסיפות. לסוף האָבן די זיבעציק יועצים געזאָגט צום מלך:

— זאָל זיין מאַיעסטעט אויסקלייבן צוויי פון זיינע בעסטע גענע־ראַלן ווי אויך אַ מאה אלף חייל, העלדן גיבורי־מלחמה. זאָל מען זיי אַלעמען אַרויפזעצן אויף שיפן און אַוועקשיקן אויפן מאגנעט־אינדזל. זיי וועלן אויסהרגענען די רויבערישע סריסים און צוריק ברענגען די בת־מלכה אסתר.

מען האָט געפאָלגט די עצה פון די זיבעציק יועצים און זיך גע־גרייט אין וועג אַריין.

ווען דאָס חייל מיט די צוויי גענעראַלן זענען שוין געזעסן אויף די שיפן, איז דער קרוינפּרינץ אליקום געגאַנגען צום מלך און אים געבעטן, אַז ער זאָל אים דערלויבן מיטצופאָרן אויף מלחמה און אויך העלפן באַ־פרייען זיין שוועסטער די בת־מלכה.

דער מלך האָט זיך אַפילו תחילת געקווענקלט. נאָר דער קרוינפּרינץ איז באַשטאַנען אויף דאָס זייניקע. ער האָט זיך אַרויפגעזעצט אויף דער שיף און געפאָרן מלחמה האַלטן מיט די סריסים.

## קאַפּיטל פיר

אר און ווי צום בן־מלך מיט די צוויי גענעראַלן! — בטחון, יידן!

עס רעדט זיך לייכטער ווי עס טוט זיך.

דאָס חייל פון קיניג ר׳ צבי־פּלטיאל איז נאָך דריי חדשים פאַרן אָנ־געקומען אויפן מאַגנעט־אינדזל.

די צוויי גענעראַלן, — איינער האָט געהייסן ר׳ משה־חיימל און דער צווייטער ר׳ ישראל־פּנחסל, — האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי מאַפּעס און אָנגעהויבן אויסצואַרבעטן די שלאַכט־פּלענער. זיי האָבן געהאַט אַ שם פאַר גרויסע סטראַטעגן. נאָר וואָס פועלט די בעסטע סטראַטעגיע ווען דער שונא איז אַ גראָבער קאָפּ אַ כאַמולע?

איידער נאָך אונדזערע צוויי גענעראַלן האָבן באַוויזן אויסצושטעלן דאָס שלאַכטפעלד, זענען די סריסים אונדז באַפאַלן ווי די ווילדע לעמ־פּערטן און פון אונדזער גאַנץ חייל געמאַכט פּיפּקע. איך מיט די צוויי גענעראַלן זענען קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן. אָט די שיף מיט מענטשן־פרעסער האָט אונדז געכאַפּט. קודם־כל האָבן זיי פון אונדז אַראָפּגעצויגן די גינגאָלדענע גענעראַלסקע מלבושים און אונדז אָנגעטאָן ווי ארחי־פרחי. איך בין דער קרוינפּרינץ אליקום — האָט ער געזאָגט און געוויזן אויף זיין צעריסענער קאַפּאָטע — אָט די צוויי יונגעלייט — האָט ער געוויזן אויף די קרוע־ובלו׳עדיקע מיוחסים — זענען די באַרימטע סטראַטעגן ר׳ משה־חיימל און ר׳ ישראל־פּנחסל. קוקט נישט וואָס זיי גייען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן. דאָס זענען וואַרע אַלעקסאַנדער מוקדונס.

דער קרוינפּרינץ אליקום האָט נעבעך געטאָן אַ טיפן זיפץ און גע־זאָגט צו ר׳ יצחק־וואָלפן:

— אַזוי דרייט זיך דאָס רעדעלע פון דער וועלט, עולים ויורדים.

פונדעסטוועגן זענען מיר פאָרט איצט קיין עין־הרע פיר יידן. צוויי ציווילנע יידן און צוויי גענעראלן — שייך מיר זאָלן נישט געפינען קיין עצה ווי אזוי ארויסצוקריכן פון די מענטשן־פרעסער!

ר׳ יצחק־וואָלף האָט נאָך אַמאָל אָנגעקוקט די צוויי גענעראַלן מיט דעם בן־מלך און האָט צו זיי געזאָגט:

— נישט געדאגהט יידן! לאָמיר האָבן בטחון!

## קאַפּיטל פינף

ר׳ יצחק־וואָלף קנעלט מיט דעם שוואַרצן עשו עולם־הזה.

חשבתי בלבי — האָט זיך ר׳ יצחק־וואָלף מיישב געווען און געזאָגט צו זיין שוואַרצן באַלעבאָס ביי וועמען ער האָט געטראָגן וואַסער.

— שאַנאָווני פּאַניע, טאָג ווי נאַכט טוסטו נישט מער נייערט דו נאַגסט די ביינער פון געבראָטענע מענטשן. דו ביסט ביי זיך זיכער, אַז קיין בעסערס אויף דער וועלט איז מן־הסתם נישט פאַראַן.

— ס׳איז דען דאָ אַ גרעסערער עולם־הזה ווי מענטשן־פלייש? — האָט זיך דער שוואַרצער געפרעגט. עס איז אים אויסגעקומען אַ ווילדער חידוש וואָס עפּעס דאָרט אַ וואַסערטרעגער גייט אים לערנען עולם־הזה.

— עס איז דאָ נאָך אַ גרעסערער עולם־הזה, וואַשע פּרעוואָסכאָדי־טעלסטוואָ — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געענטפערט — און ער האָט צוזאמענ־גענומען זיין גאַנצן כח־הדיבור און פאַרן שוואַרצן מענטשעלע אָנגעהויבן אויסצומאָלן די גרויסע תענוגים פון דעם ביטערן טראָפּן.

עשו האָט טאַקע אַ שווערן קאָפּ אָבער אויף דער כוסה כאַפּט ער זיך ווי אַן עילוי, דעם שוואַרצן איז דאָס וואַסער געקומען אין מויל אַריין און ער האָט געזאָגט צו ר׳ יצחק־וואָלפן, אַז אויב ער וועט אים נישט מאַכן די משקה, נעמט ער אים, ר׳ יצחק־וואָלפן, הייסט עס, אַרויף אויף דער בראָט־שפּיז און שלינגט אים איין אַ לעבעדיקן.

— איך מוז האָבן דריי משרתים צו דער אַרבעט — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געזאָגט און געוויזן אויפן בן־מלך מיט די צוויי גענעראַלן — גיב מיר אָט די דריי שמענדריקעס צו הילף. זעסט דאָך, אַז זיי זענען נעבעך הויט און ביינער! וואָס וועסטו זיי דאָרט בראָטן, מישטיינס געזאָגט, אויף דער שפּיז.

— מסכים — האָט דער שוואַרצער געזאָגט — אַבי לאָמיך שוין דערלעבן אַ לעק צו טאָן דעם ביטערן טראָפּן.

ר׳ יצחק־וואָלף, דער בן־מלך און די צוויי גענעראלן האָבן גענומען גאַנצע בערג מיט ווייַנטרויבן און זיי אַרייַנגעקעלטערט אין געוואַלדיקע פעסער. די פעסער מיטן געקעלטערטן ווייַן האָבן זיי אַוועקגעשטעלט אין דער הייל און געוויזן דעם שווארצן, אַז פון אָט די פעסער וועט אַרויסקו־מען אַ משקה, וואָס זייַנע שווארצע עלטער־באָבעס האָבן עס אַפּילו נישט געזשלאָקעט אין דער קימפּעט.

## קאַפּיטל זעקס

די פּוסטע קרעטשמע אויפֿן וואַסער. — די סטראַטעגיע פֿון אַ וואַסערטרעגער.

נאָך דריי חדשים איז שוין דער ווײַן אין די פֿעסער געווען שטאַרק און קרעפּטיק. ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך אַרויפֿגעשטעלט אויף אַ שטיין און געשריגן אויפֿן קוידערוועלש פֿון די שוואַרצע מענטשעלעך:

— שמעו נאָ רבותי, פֿון קליין ביז גרויס, קומט אַלע צוזאַמען און איך וועל אײַך מכבד זײַן מיט אַ משקה וועט איר עס האָבן צו געדענקען.

ויבואו — איז געווען אַ צוזאַמענגעלאָף אַרום ר׳ יצחק־וואָלפֿן. די שוואַרצע האָבן אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט די ציינער און צו שנויפּלען מיט די נעזער. אַפֿילו זקנים און חולאָים וואָס האָבן שוין געהאַלטן ביים שטאַרבן זענען געקומען צו קריכן אויף אַלע פֿיר און אַרויסגעשטעקט זייערע צינגער צו ר׳ יצחק־וואָלפֿן. פֿון אַלע עקן אינדזל איז מען געקומען צו לויפֿן און געקלאַפּט מיט די ציינער.

וירא — ווען ר׳ יצחק־וואָלף האָט געזען אַז עולם שטייט שוין דאָ מיט קינד און קייט, האָט ער זיי אַלע אַרויפֿגעפֿירט אויף אַ גרויסער אַלטער שיף וואָס די ווינטן און די פּאַליעס האָבן אַמאָל געהאַט צוגע־טריבן צום אינדזל. די שיף איז געשטאַנען אַ ליידיקע ווי אַ פּוסטע קרעטשמע און האָט זיך געוויגט אויף די פּאַליעס.

עולם איז אַרײַנגעגאַנגען אין דער פּוסטער קרעטשמע אויפֿן וואַסער.

ר׳ יצחק־וואָלף, דער בן־מלך און די צוויי גענעראַלן האָבן אָנגע־הויבן צו טיילן ישן־נושן.

אַזעלכעס האָבן די שוואַרצע נאָך נישט געהאַט געטרונקען זינט זיי ווױנען דאָ אויפֿן אינדזל. זיי האָבן ברייט געעפֿנט זייערע מײַלער און געוויזן מיט די הענט אַז מען זאָל דאָרט אַרײַנגיסן און אַרײַנגיסן גאַנצע

לאָגלען מיטן ביטערן טראָפּן. זיי האָבן געזשלאָקעט און געזשלאָקעט און די יידן האָבן נישט געזשאַלעוועט.

עולם מענטשן־פרעסער זענען אַוועקגעפאַלן שכורע ווי לוט. זיי זע־נען איינגעשלאָפן און אָנגעהויבן צו כראָפּען, אַז מען האָט עס געהערט מייל־ווייט.

כטוב לב המלך ביין — ווען ר׳ יצחק־וואָלף מיט זײַנע יידן האָבן געזען ווי עס האַלט, — האָבן זיי נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און האָבן אויסגעבויערט אַ לאָך אין דער דאָזיקער פּוסטער קרעטשמע פון אַ שיף. די מפּולת האָט אויך נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און איז אונטערגעגאַנגען אין די טיפענישן פון ים אוקינוס צוזאַמען מיט אַלע שווארצע מענטשעלעך.

וכראות — ווען דער בן־מלך ר׳ אליקום און די גענעראַלן ר׳ משה־חיימל און ר׳ ישראל־פּנחסל האָבן געזען וואָסערע קלוגע תחבולות אַט דאָס פּראָסטע וואָסערטרעגערל האָט אויסגעטראַכט, — האָבן זיי פאַר־געסן, אַז זיי זענען די גרויסע מיוחסים און זענען געפאַלן ר׳ יצחק־וואָלפן אויפן האַלדז און אים אָנגעהויבן צו קושן ווי ער וואָלט טאַקע גע־ווען זייערס גלייכן. די גענעראַלן האָבן צו אים געזאָגט:

— מיר זענען דאָך עפּעס די גרויסע סטראַטעגן און די גרויסע מלומדי־מלחמה, אָבער בחרפּתנו מוזן מיר מודה זיין, אַז צו דער סטראַ־טעגיע פון אַ וואָסערטרעגער קומט עס נישט.

די שמחה האָט די פיר יידן געהויבן אין דער לופטן און זיי האָבן געמאַכט אַ סעודת־פּורים.

נאָכדעם זענען זיי אַרויסגעגאַנגען אויף די פעלדער און דאָרט אָנ־געשטאָפּט פולע קעשענעס מיט בריליאַנטן און אבנים־טובות און באַ־שלאָסן צו וואַרטן אויף ווייטערע נסים.

## קאַפּיטל זיבן

עס קומט די שיף מיט די געכאַפּטע נפשות.

יעדן טאָג איז ר׳ יצחק־וואָלף געשטאַנען ביים ים און אויסגעקוקט ווען עס וועט שוין ווידער קומען די רויבער־שיף מיט געכאַפּטע מענטשן.

עס זענען פאַרבייגעגאַנגען שיינע עטלעכע חדשים.

ענדלעך איז אָנגעקומען די שיף. זי איז געווען אָנגעפּאַקט מיט אנשים נשים וטף. דער שיפס־קאַפּיטאַן טוט אַ קוק. אויפן ברעג שטייט קיינער נישט אחוץ דעם וואַסערטרעגער.

— ווו זענען אַלע שווארצע מענטשעלעך? — האָט דער שיפס־קאַפּיטאַן געפרעגט ביי ר׳ יצחק־וואָלפן מיט גרויס חידוש.

— פרעגט גאָרנישט, פּאַניע, — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געענטפערט מיט גרויס שמחה — מען קרוינט הייַנט אַ שוואַרצן מלך אויפן אינדזל און ס׳איז שמחה וששון. עולם פרעסט מענטשן־פלייש גלייך ווי עס וואָלט געווען שור־הבר און לויתן. אלע אונטערטאַנען זענען פאַרזאַמלט אין דער הייל און פּראַוועזן דאָרט די גרויסע סעודה לכבוד דעם נייעם מאַ־יעסטעט. מיך האָט מען טאַקע אָוועקגעשטעלט דאָ אויפן ברעג כדי אייך אויסצוקוקן און צו פאַרבעטן אויף דער סעודהניו. באַלאַמוטשעט נישט, וויסאָקאָבלאגאראָדיע, און קומט שוין מיט אייער גאַנצע חברותא גזלנים אַריין אין דער הייל. עולם וואַרט.

דער שיפס־קאַפּיטאַן און די גזלנים האָבן דערהערט, אַז מען טוט זיי אָן אַזאַ וואזשנע כבוד און מען פאַרבעט זיי אויף דער קאָראָנאַציע, האָבן זיי נישט לאנג באַלאַמוטשעט. זיי האָבן זיך האָפערדיק געדרייט ביי די וואָנצעס און איינס ביי איינס אַריין אין דער הייל.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיי נאָכגעשריגן, אַז זיי זאָלן גיין טיפער און טיפער, מחמת די סעודה איז גאָר העט אין עק פון דער הייל.

ויהי — אַלע גזלנים ווי איין מאַן זענען שוין געווען טיף אינעווייניק

און דאָרט געטאָפּטשעט אין די פּינצטערנישן און געזוכט די סעודה — ויקחו — האָבן די פיר יידן דערווייל צוגעקיילערט גרויסע שטיינער צו דעם אַריינגאַנג פון דער הייל, אָנגעלייגט דאָרט אַ פייער און אויסגערויכערט די שיף־גזלנים ווי די וואַנצן.

ויהי ככלות — אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט די גזלנים — זענען די פיר יידן געלאָפן צו דער שיף מיט געכאַפּטע נפשות און אָנגעזאָגט די גרויסע בשורה מכל הנעשה. די שמחה איז געווען אין לשער. אַלע זענען געפאַלן ר׳ יצחק־וואָלפן צו די פיס און אים געדאַנקט פאַר דעם, וואָס ער האָט זיי אָפּגעראַטעוועט דאָס לעבן.

— דערווייל, איידער מיר פאָרן אָוועק — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געזאָגט צו די באַשמחהטע געכאַפּטע נפשות — גייט אַרויס אויף די פעלדער און קלויבט אויף בריליאַנטן און אַבנים־טובות!

כך הוה. ווען די „געכאַפּטע" זענען צוריק געקומען אויף דער שיף איז אַיעדער פון זיי געווען אַ געוואַלדיקער מיליאָנטשיק.

דאָ האָט ר׳ יצחק־וואָלף געוויזן, אַז נישט בלויז וואָס ער איז אַ חכם ונבון, אַ מלומד־גדול און אַ סטראַטעג, נייערט אויך אַ שיפס־קאַפּיטאַן איז ער איינער אין דער וועלט. ער האָט געהייסן צעלאָזן די זעגל־טיכער און ויסעו — די ווינטן זענען געווען גוטע ווי די לעמעלעך.

נאָך צוויי חדשים נסיעה איז מען בשלום אָנגעקומען צו דער הויפּטשטאָט פון זיין מאַיעסטעט ר׳ צבי־פלטיאל דעם אַכציקסטן.

## קאַפּיטל אַכט

פיר אליהו הנביאס.

איז עס דאָך אָבער געווען אַ שיף אָנגעשפּיקעוועט מיט מיליאָנטשי־קעס, זענען זיי, די געוועזענע געכאַפּטע נעבעך, זיך באַלד צעלאָפן אי־בער דער שטאָט און געזוכט די גרויסע געשעפטן און געוואָלט קויפן הייזער און מאַיאָנטקעס. אויף דער שיף זענען דערווייל פאַרבליבן בלויז ר׳ יצחק־וואָלף, דער בן־מלך און די צוויי גענעראַלן. מחמת זיי זענען געגאַנגען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן, האָט קיינער נישט געוואָלט אויף זיי קוקן. אַ פּשיטאַ, אַז קיינער פון די שטאָט־מענטשן האָט אין די דאָזיקע ארחי־פרחי נישט דערקענט דעם לייבלעכן קרוינפּרינץ און די צוויי באַרימטע גענעראַלן.

תחילת האָבן זיי געהאַט בדעה אַוועקצוגיין אין די חצרות־המלכים און זיך דאָרט מגלה זיין פאַרן קיניג ר׳ צבי־פּלטיאל. הגם זיי האָבן ר׳ יצחק־וואָלפן געהאַלטן פאַר אַ פּראָסטן וואַסערטרעגער — פונדעסט־וועגן האָבן זיי אים אויך געוואָלט מיטנעמען.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך אָבער אָנגערופן:

— שמעני, קרוינפּרינץ, וגם אתם הגענעראַלן! איר ווילט פאָלגן מיין עצה?

אַלע דריי זענען געווען שטאַרק איינגעגלויבט אין ר׳ יצחק־וואָלפס חכמה, האָבן זיי נישט לאַנג געטראַכט און מסכים געווען.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט גענומען און מיט זיי אַוועקגעגאַנגען הינטער דער שטאָט. דאָרט האָט ער אויסגעזוכט עפּעס אַ מפּולת פון אַ שטיבע־לע. פאַר דער טיר איז געשטאַנען אַן אַלטער אָרעמער ייד אין שפּאַנצער און הויזן און געהאַקט האָלץ.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט געזאָגט צום אָרעמאַן דעם האָלץ־העקער:

— ר׳ ייד, אויב איר וועט אונדז אַלע פיר אַריינגעמען צו זיך אין

דער מפולת און דאָרט לאָזן וווינען אַ לענגערע צייט און אויב איר וועט האַלטן בסוד וועד עס וווינט ביי אייך, וועלן מיר אייך באַלוינען כאחד הגבירים.

דערביי האָט ר' יצחק־וואָלף דעם אָרעמען האַלץ־העקער געוויזן אַ גאָלדן רענדל.

דער קבצן האָט דערזען אַזאַ מטמון, איז ער גרייט געווען צו שווערן בנקיטת חפץ אויף אַלצדינג וואָס מען וועט פון אים פאַרלאַנגען. ער האָט די פיר אָרעמעלייט מיט גרויס פאַראַד אַריינגעפירט אין דער מפולת.

ביים פריפּעטשיק איז געשטאַנען אַן אַלטע יידענע, דעם האַלץ־הע־קערס ווייב. זי האָט מיט אַ קאָכלעפל געמישט אין אַ קליין טעפּל. דערזען, ווי איר שמעיה בעל־פּרנסה פירט אַריין פיר ארחי־פּרחי, און דערביי בייגט ער זיך פאַר זיי אין דרייען, האָט זי, די יידענע הייסט עס, געוואָלט אַרויס מיטן אמתן ברוך־הבא.

— עס פעלן מיר אָרעמעלייט? — האָט זי געשריגן.

ר' יצחק־וואָלף האָט איר פונדערווייטנס געוויזן אַ גאָלדן רענדל. די יידענע איז שיער נישט אַוועקגעפאַלן אין חלשות.

— נאָט אייך דאָס רענדל, — האָט ר' יצחק־וואָלף געזאָגט צו דער־יידענע — און קאָכט וועטשערע. מיר זענען געבעך שטאַרק הונגעריק.

די יידענע איז זיכער געווען, אַז צו איר אין דער מפּולת זענען אַריינ־געקומען פיר קיילעכיקע אליהו־הנביאס.

## קאַפּיטל ניין

ביים האַלץ־העקער אין שטיבעלע. — ר׳ יצחק־וואָלף טאַפּט
דעם דופק.

ביי דער וועטשערע האָט ר׳ יצחק־וואָלף אָנגעהויבן אויסצופרעגן ביים האָלץ־העקער נייעסן פון דער שטאָט. פּאַמעלעכל איז ער אַרויפגעקומען אויף די חצרות־המלכים און געפרעגט וואָס עס מאַכט דער מלך מיט זיינע קינדער.

— עס גייט אים נעבעך, דעם ירום־הודו אונדזערן, מיט דער פּוטער אַראָפּ — האָט דער האָלץ־העקער געזיפצט — אַ טאָכטער האָט מען ביי אים אַרויסגעגנבעט. איז ער געגאַנגען און אַוועקגעשיקט זיין בן־מלך מיט צוויי גענעראַלן ווי אויך אַ סך חייל מלחמה צו האַלטן און אהיים צו ברענגען די בת־מלכה. ווי מיר הערן, איז פון דעם גאַנצן וויסק נישט איבערגעבליבן קיין פליג. וואָס קלערט איר, ליבע יידן? אַבי מען מיינט, אַז אַ מלך זיצט אין אַ פעסל מיט צוקער. גאָלדענע שיך קוועטשן טיילמאָל אַ סך מער ווי ארחי־פּרחישע לאַפּטשעס.

דאָ האָט דער האָלץ־העקער געטאָן אַ שמייכל און אָנגעקוקט די פיר אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע אביונים וואָס זענען געזעסן ביים טיש און געגעסן וועטשערע.

— טאַקע, נעבעך, — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געזאָגט מיקלאַמפּערשט מיט אַ זיפצעלע. — זאָגט מיר נאָר, ר׳ יידי! אַ סך חתונות זענען דאָ ביי אייך אין שטאָט? ווי איר קוקט מיך אָן בין איך אַ בדחן און אָט די דריי יידן זענען קלעזמאָרים. מיר זוכן דאָ פּרנסה, פעטער.

— וואָס רעדט איר, ר׳ ייד! — האָט דער האָלץ־העקער געזאָגט מיט אַ ציטער — זינט עס האָט געטראָפן דאָס אומגליק מיטן קיניגלעכן הויף ליגן די היגע קלעזמאָרים ניין איילן אָרצה. יידן מאַכן טאַקע חתונות,

אָבער עס איז אַ גזירת־המלכות, אַז די חתונות מוזן זיין שטילע. קלעז־מאָרים טאָרן נישט שפּילן און בדחנים טאָרן נישט באַזינגען און זאָגן גראמען. ווען עמעץ טוט אַ צי מיטן סמיטשיק אָדער זאָגט חלילה דעם מינדסטן גראַם, איז אחת דתו להמית. וואָס פרעגט איר — ס׳איז תשעה־באב ביי אונדז אין שטעטל.

## קאַפּיטל צען

ר׳ יצחק־וואָלף שפּילט אַ פּריילעכס און מען פירט אים אַוועק אין קייטן.

איז דאָך עפּעס ר׳ יצחק־וואָלף געווען דער גרויסער פידל־שפּילער, האָט ער נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און אַרויסגעגאַנגען אויפן מאַרק קויפן אַ פידעלע.

מחמת דעם גזירת־המלכות, אַז מען טאָר נישט שפּילן אויף חתונות זענען פידלען געוואָרן בזיל הזול. די טייערסטע פידל האָט מען געקאָנט קויפן פאַר אַ האַרטן פוילישן גראָשן. פידלען זענען נעבעך אַרונטערגעקו־מען אויף אַזאַ אביונישער מדריגה, אַז מאַרק־יידענעס האָבן זיי געהאַלטן צווישן זייערע קאָשיקעס מיט עפּל און פאַרקויפט פידלען אויפן פונט.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט גענומען דאָס פידעלע און איז אַוועק דערמיט אין אַ קרעטשמע. ער האָט זיך געהייסן געבן אַ קעלישעקל בראָנפן. ווי־באַלד נאָר ער האָט געהאַט אויסגעטרונקען דעם בראָנפן, האָט ער זיך מיטן פידעלע אַוועקגעשטעלט אינמיטן פון דער קרעטשמע און אָנגעהויבן צו שפּילן אַ פריילעכס.

אין דער קרעטשמע איז געוואָרן אַ בהלה. דער אַרענדאַר איז צו־געלאָפן צו ר׳ יצחק־וואָלפן און געוואַלדעוועט:

— צי זענט איר משוגע געוואָרן, ר׳ ייד? מען וועט דאָך אונדז אַלע דאָ קעפּן. ווייסט איר דען נישט פון דער גזירה, אַז דער וואָס טוט נאָר אַ ריר מיטן סמיטשיק איז אחת דתו להמית?

תוך כדי דיבור איז טאַקע די קרעטשמע פול געוואָרן מיט פּאָליציי. מען האָט גענומען ר׳ יצחק־וואָלפן מיטן פידעלע און אַוועקגעפירט צום שופט.

# קאַפּיטל עלף

דינא דמלכותא דינא. — מען גייט ר׳ יצחק־וואָלפן קעפּן.

דער שופט איז געווען אַן ערלעכער ייד און אַ למדן, האָט ער דע־רימעך געהאַט אַ בעסערן טביעת־עין ווי דער קרוינפרינץ און די צוויי גענעראַלן. ער האָט באַלד דערקענט, אַז ר׳ יצחק־וואָלף איז נישט קיין וואַסערטרעגער נייערט אַ גרויסער תלמיד־חכם. ווי נעמט מען אַזאַ ר׳ יצחק־וואָלף און מען איז אים דן למיתה?

דער שופט האָט טאַקע דעם דינאָ דמלכותא געדרייט אַהין און אַהער און געזוכט זכותים. ער האָט אַפילו געזאָגט זייער אַ שאַרף און קונציק פּשטל, און אַלצדינג כדי מציל צו זיין דעם געמשפּטן. דער חטא איז אָבער געלעגן אויף דער האַנט. אַלע האָבן געזען און געהערט דאָס פידעלע אויף וועלכן ר׳ יצחק־וואָלף האָט געשפּילט אין דער קרעטשמע.

דער שופט האָט נאָך אַמאָל אַרויסגענומען פון ספרים־אַלמער ש״ס ופוסקים, ראשונים און אחרונים, געבלעטערט און געגישטערט. צום סוף האָט ער נעבעך געטאָן אַ שווערן זיפץ און אַרויסגעגעבן אַ פּסק: חייב־מיתה.

נאָך דעם פּסק רופט זיך ר׳ יצחק־וואָלף אָן צום שופט:

— אדוני הדיין! עס פירט זיך ביי אַלע אומות ולשון, אַז אַ נידון־למיתה טוט מען זיין לעצטן פאַרלאַנג. נו, פאַרלאַנג איך דעריבער: שרייבט אויף מיין גאַנצע ספּראַווע אויף אַ בויגן פּאַפּיר. דאָס כתב צו־זאַמען מיט מיר שיקט צום מלך. איר וועט זען, נישט בלויז וואָס זיין מאַ־יעסטעט וועט מיר שענקען דאָס לעבן, נאָר ער וועט אויך מבטל זיין דעם גאַנצן גזירת־המלכות. יידן וועלן פונדאַסניי מעגן שפּילן און בדחנים וועלן פונדאַסניי באַזינגען חתנים און כלות.

דער שופט האָט אַפילו אָנגעקוקט ר׳ יצחק־וואָלפן ווי ער וואָלט גע־ווען עפּעס געווירט אויף דער קלעפּקע. נאָר פאַרפאַלן — עס איז דער לעצטער רצון פון אַ נידון־למיתה.

ויעש — און ער האָט געטאָן כפי ר׳ יצחק־וואָלף האָט פאַרלאַנגט.

## קאַפּיטל צוועלף

ששון ושמחה אין די חצרות־המלכים.

ירום הודו ר׳ צבי־פּלטיאל דער אַכציקסטער האָט אַ שמועס געטאָן מיט ר׳ יצחק־וואָלפן און האָט באַלד געזען וואָסער כלי־מפואר פון אַ ייד עס שטייט פאַר אים. ויכמרו רחמיו — סטייטש ווי נעמט מען אַזאַ תכשיט און מען גייט אים קעפן? זיין מאַיעסטעט האָט אויך אַרומגעניש־טערט אין ש״ס ופוסקים און געזוכט אַן עצה. פאַרפאַלן! דינא דמלכותא דינאַ! האָט ער נעבעך געטאָן אַ שווערן זיפץ און געזאָגט צו ר׳ יצחק־וואָלפן:

— אַ שאָד אַזאַ פה מפיק מרגליות! אַזאַ ייד זאָל נעבעך מוזן לעקן ערד!

ווען ר׳ יצחק־וואָלף האָט געזען, אַז דער מלך האָט שוין אויסגע־ליידיקט אַלע ספרים־אַלמערס און ס׳איז אפילו נישטאָ דער מינדסטער אחרון וואָס זאָל זאָגן אַ גוט וואָרט פאַרן צום טויט־פאַרמשפּטן, האָט ער, ר׳ יצחק־וואָלף הייסט עס, געזאָגט צום קיניג:

— אדוני מלך, איך האָב אַן עצה.

— אדרבה, ר׳ יצחק־וואָלפשי — האָט זיין מאַיעסטעט געזאָגט און געטראַכט ביי זיך: אפשר ווייסט טאַקע דער ייד פון אַ פאַרוואָרפענעם „שאלות ותשובות״ וואָס קאָן אים ראַטעווען.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך לומדיש אָנגענומען פאַר דער באָרד און געזאָגט מיט אַ גמרא־ניגון:

— דער גזירת־המלכות איז דאָך נאָר שייך באם די בת־מלכה איז פאַרלוירן. ווי איז אָבער דער דין, אדוני המלך, ווען די בת־מלכה לעבט און דער בן־מלך מיט די צוויי גענעראַלן זענען ברוך־השם בקו־הבריאות?

באותו הרגע איז דער קיניג אויפגעשטאַנען פון זיין כסא־מלוכה און געפאַלן ר׳ יצחק־וואָלפן אויפן האַלדז.

— איר ווייסט עפּעס, ר׳ יצחק־וואָלפשי, פון מיין בן־מלך און מיין בת־מלכה? — האָט ער געכליפּעט.

— פון אַלף ביז תיו — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געענטפערט מיט גרויס וואַזשנעקייט.

דער קיניג האָט דעם ארחי־פרחי, דעם נידון־למיתה, אָנגעכאַפּט פאַר דער האַנט און אים אַוועקגעזעצט אויף דער גאָלדענער שטול פון משנה־למלך וואָס איז געשטאַנען רעכטס פון דער כסא־מלוכה.

— דערציילט, ר׳ יצחק־וואָלפשי סערדצע, האָט זיך דער מאַיעס־טעט געבעטן ביים אָפּגעריסענעם שלעפּער.

והדבר נשמע — אין צווישן האָט די ידיעה דערגרייכט אין די גע־מעכער פון דער מלכה מרת חנה־רבקה. די סריסי־המלך האָבן איר דער־ציילט, הנה, עס איז אָנגעקומען עפּעס אַ ייד אַן אָרעמאַן וואָס מען גייט אים קעפּן, און ער האָט געבערענגט גרוסן פון די פאַרלוירענע פּרינצלעכע הויכקייטן.

די מלכה איז אַריינגעלאָפן אין טראָן־זאַל. דער קיניג האָט איר הענ־דום־פּענדום דערלאַנגט דעם שרביט הזהב ווי עס פירט זיך וועדליק די עטיקעטעס פון דער מגילה, — עטיקעטעס, וואָס ווערן שטאַרק אָפּגעהיט אין אַלע קיניגלעכע הייף ביי יידן.

די מלכה חנה־רבקה האָט אויך געכאַפּט אַ גאָלדן בענקל און זיך אויך אַוועקגעזעצט לעבן דעם מיקלאָמפּערשטן ארחי־פרחי, ר׳ יצחק־וואָלף.

ויפתח את פיו — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געעפנט דאָס מויל און דער־ציילט די גאַנצע מעשה מיט אַלע פּיטשעווקעס. דער בן־מלך ר׳ אליקום — האָט ער געזאָגט — און די גענעראַלן ר׳ משה־חיימל און ר׳ ישראל־פּנחסל געפינען זיך הינטער דער שטאָט אין אַ שטיבעלע פון אַ האָלץ־העקער. זאָל מען תיכף ומיד אַהין שיקן גאָלדענע קאָטשן און זיי ברענ־גען להצרות־המלכים.

## קאפיטל דרייצן

ואעיר שושן. — דריי דלותים פארן אויף גאלדענע קאטשן.

מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס עס האָט זיך געטאָן אין שטעטל ווען מען האָט געזען ווי קיניגלעכע גאָלדענע קאָטשן פאָרפאָרן מיט פאַראַד און געפילדער פאַרן אָרעמען שטיבעלע פון האָלץ־העקער, — כאַפּן פון דאָרט אַרויס דריי אָפּגעריסענע און אָפּגעשליסענע אביונים און פאָרן מיט זיי צוריק אין די חצרות־המלכים.

די מהומה איז געוואָרן נאָך גרעסער ווען מען האָט געהערט ווי די לאַקאַיעס אויף די קאָטשן שאַלן מיט גאָלדענע טראָמפּייטן און זענען מודיע, אַז מען פאָרט!

באַלד זענען די גאַסן געוואָרן שוואַרץ פון מענטשן, דאָס מיינט מען יידן. פון אַלע פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט אנשים, נשים וטף.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און מען איז געוויר געוואָרן: די דריי אביונים זענען גאָר דער קרוינפּרינץ ר' אליקום, און די צוויי באַרימטע גענעראַלן ר' משה־חיימל און ר' ישראל־פּנחסל.

איז געוואָרן די גרויסע ששון ושמחה אין שטעטל און מען האָט אַרויסגעהאָנגען פענער.

די חצרות־המלכים האָבן געבלאַנקט און געשעמערירט מיט גאָלדענע מונדירן, מחמת דער מלך, די מלכה און אַלע שרי־מלוכה זענען געשטאַנען און אָפּגעוואַרט.

ווען די גאָלדענע קאָטשן מיט די דריי דלותים זענען אָנגעקומען צו פאָרן, האָבן זיך אַלע געבוקט ביז צו דער ערד. דער מלך און די מלכה האָבן געטאַנצט אין דער לופטן.

די גאַסן זענען געוואָרן שוואַרץ פון אחינו בני ישראל און עס האָט געהילכט דער „ויחי!"

## קאַפּיטל פּערצן

עס ווערט אַ יקרות אויף פידלען און ר׳ יצחק־וואָלף ווערט סיי משנה־למלך און סיי דער חתן פון דער בת־מלכה אסתר.

אין די חצרות־המלכים האָט מען געמאַכט די גרויסע סעודה. ייך־המשומר האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. מען האָט אויך געטיילט מתנות לאביונים. עס איז ווידער אַרויס אַ שטרענגער גזירת־המלכות, אַז אין גאַנצן לאַנד זאָל מען פּראַווען פּורים. דער העכסטער סענאַט האָט באַלד מתיר געווען צו שפּילן און צו זאָגן גראַמען. אין די חצרות־המלכים האָט פאַרהילכט פון קלעזמאָרים און בדחנים. אויך אין אַלע גאַסן און געמארקן האָבן געשפּילט קאַפּעליעס און בדחנים זענען געשטאַנען צווישן די פּי־דעלעך און געוויזן וואָס זיי קאָנען. יידן האָבן זיך געפרייט און פידלען זענען ווידער עולה־לגדולה געוואָרן און ס׳איז געוואָרן אויף זיי אַ יקרות.

אַזוי האָט מען געהוליעט זיבן טעג און זיבן נעכט.

ויהי ממחרת פון זיבעטן טאָג האָט מען געמאַכט אַ קיניגלעכע אסיפה. מען האָט זיך דערמאָנט, אַז די שמחה איז נאָר אַ האַלבע. די בת־מלכה אסתר געפינט זיך דערווייל אין געפאַנגענשאַפט ביי די סריסים.

ס׳איז געבליבן, אַז מען זאָל ווידער שיקן נאָך אַ גרעסער חייל אויפן מאַגנעט־אינדזל, — און ווידער מיט די גענעראַלן ר׳ משה־חיימל און ר׳ ישראל־פּנחסל בראש.

הגם עניוות איז נישט קיין טבע פון גענעראַלן, האָבן אָבער ביידע באַרימטע סטראַטעגן געזאָגט בפה אחד:

— מיר וועלן גיין אויף מלחמה, מאַיעסטעט, נאָר בתנאי, אַז ר׳ יצחק־וואָלף זאָל זיין אונדזער פעלדמאַרשאַל.

— מסכים — האָט זיין מאַיעסטעט ר׳ צבי־פּלטיאל דער אַכציקסטער געזאָגט — אָבער איך שטעל אויך אַ תנאי. ראשית: מאַך איך שוין ר׳ יצחק־וואָלפן פאַר משנה־למלך און זעץ אים אַוועק אויף דער רעכטער

זייט פון מיין כסא־מלוכה. שנית: בין איך זיך מיט אים למזל משדך. ווען ער וועט צוריקברענגען די בת־מלכה אסתר וועלן מיר אם ירצה השם פראַ־ ווען די חתונה און איך וועל אים אַוועקגעבן מיין כתר־מלכות.

אַלע האָבן געשריגן: מזל־טוב! זאָל לעבן דער משנה און דער פעלד־ מאַרשאַל ר׳ יצחק־וואָלף!

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך באַדאַנקט פאַר דעם גרויסן כבוד און פאַר דער שיינער געראָטענער כלה. ער האָט אָבער צוגעגעבן: אַז אַ חייל וואָס זאָל אפילו זיין כחול־הים און ווי די שטערן אין הימל, וועט אויך נישט זיין בכוח מנצח צו זיין די סריסים. עס איז אַ באַנדע פון גרויסע מכשפים. דערצו איז דאָרט פאַראַן אַן אַלטע מאַמע ימח־שמה און זי איז גאָר אַ ווילדע מכשפה. אירע רביס אין כשוף זענען די געפאַלענע מלאכים עוזא און עוזיאל וואָס הויזן אין די הרי־חושך. וואָס קאָן דאָ פועלן חייל? האָט ר׳ יצחק־וואָלף געזאָגט און אויסגעטרונקען אַ גאָלדענעם בעכער מיט אַלטן פוילישן מי־דבש.

די גאַנצע קיניגלעכע אסיפה איז געבליבן זיצן מיט אַראָפּגעלאָזענע נעזער.

— נישט געדאגהט יידן! — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געזאָגט — מיר פוילישע יידן קאָנען אַזעלכע חכמות, וואָס אַקעגן זיי איז דער גרעסטער כשוף קיי־און־שפיי און הוילער שפינוועבס. מיט אָט די חכמות פון פויל־ שע יידן וועל איך, בלי־נדר, מאַכן אַ תל פון די סריסים מיט זייער אַלטער מאַמע און מיט דעם גאַנצן קלאָפּערגעצייג פון דער קליפּה. איך וועל, אם ירצה השם, צוריקברענגען מיין כלה שתחיה, די בת־מלכה, און מיט איר גיין אונטער דער חופּה כדת משה וישראל.

— איך בין גרייט מיטצונעמען אַ פופציק טויזנט מאַן פון דער שענסטער קיניגלעכער גוואַרדיע — האָט ר׳ יצחק־וואָלף ווייטער געזאָגט — איך באַדאַרף זיי נישט פאַר מלחמה. — פשוט איך וויל אַהיימברענ־ גען די בת־מלכה מיט גרויסע מיליטערישע פּאַראַדן.

— שפּיל זיך מיט פוילישע יידן! — האָט צופרידן געזאָגט ר׳ צבי־ פלטיאל דער אַכציקסטער און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל זיך צו גרייטן אין וועג אַריין.

## קאַפּיטל פופצן

דער ים אוקינוס איז געגליכן צו אַ בשר־ודם.

צוויי חדשים זענען די קריגס־שיפן מיט חייל געפאָרן אויפן ים. אין דער אַדמיראַל־שיף איז געפאָרן דער פעלדמאַרשאַל ר׳ יצחק־וואָלף און זיינע צוויי מיטהעלפער די גענעראַלן ר׳ משה־חיימל און ר׳ ישראל־פּנחסל. די ווינטן זענען געווען גוטע און מען האָט געמיינט, אַז אָט אָט קומט מען צו צום מאַגנעט־אינדזל.

האָט אָבער דער ים זיינע משוגעתן. אין זיינע גענג און דרכים האָט ער אַ סך פון אַ בשר־ודם. ער האַלט אויך פון דעם אל תאמין בעצמך — גלייב מיר נישט! איז ער זיך מיישב, דער אוקינוס הייסט עס און צעפּענ־טעט אַ שטורעם־ווינט אשר לא קם. די פלאַכע וואַסערן האָבן זיך איבער־געדרייט די קאַפּאָטעס און זענען גאָר געוואָרן גרויסע בערג און טיפע טאָלן. עס האָט געוואָיעט און געפּיפּן אין דעם יעלו שמים ירדו תהומות. אין מיטן פון אָט אָ דעם שקאָצישן פּורים־שפּיל פון אוקינוס האָבן די גרויסע קריגסשיפן מיט חייל און מיטן פעלדמאַרשאַל און די גענעראַלן, אויסגע־קוקט ווי די פּיצינקע שוועבעלעך וואָס טראָגן זיך איבער אַ כף־הקל. דער אוקינוס האָט די קליגסטע קאַפּיטאַנען איצט געוויזן די גרויסע פייג. זיי האָבן געמעגט שטיין ביי די זעגל־ביימער און קוקן מיט שפּאַקטיוון מה ילד יום און וואָס דער ים איז מיט זיך אויסן?

ויהי — עס פאַרשטייט זיך: אויף אַזאַ ים־חתונה האָבן די שיפס־קאַ־פּיטאַנען פון זיין מאַיעסטעט ר׳ צבי־פּלטיאל נישט געוווסט ווו איין און ווו אויס. ווידער און ווידער האָבן זיי אַריינגעקוקט אין די מאַפּעס און דאָרט געטייטלט מיט די פינגער. דעם ים אוקינוס האָט עס געאַרט ווי דער פאַראַיאָריקער שניי. מאַלע וואָס עס שטייט געשריבן אין די מאַפּעס! ער, דער ים הייסט עס, האָט אַוועקגעטראָגן די שיפן ווו זיין האַרץ האָט זיך געגלוסט.

ווען די שטורעם־ווינטן האָבן זיך געלייגט און די הימלען האָבן זיך אויסגעלייטערט, ויביטו — מען טוט אַ קוק — מען געפינט זיך גאָר העט אויפן ים־הקרח איינגעשלאָסן צווישן אייז־בערג ווי אין אַ תפיסה. ווי אַזוי אַרויסצוקומען פון דער פּעטשקע — האָבן ר׳ צבי־פּלטיאלס קאַפּי־טאַנען נישט געוווסט. זיי האָבן אַלע צוזאַמען געטאָן אַ שמעק־טאַבאַק און געזאָגט צום פעלדמאַרשאַל און צו די צוויי באַרימטע סטראַטעגן:

— ס׳איז נישט גוט, רבותי, וואָס נישט גוט הייסט. מען דאַרף זיך גרייטן ווי ערלעכע יידן. געוויס געקוקט אין די מאַפּעס! עס איז די העכסטע צייט זיך צו נעמען צום „מעבור יבוק" און צו טראַכטן וואָס מען זאָל ענט־פערן ביים בית־דין־של־מעלה.

איז דאָך אָבער דער פעלדמאַרשאַל ר׳ יצחק־וואָלף געווען דער גרוי־סער בעל־בטחון, האָט ער געזאָגט צו די שיפס־קאַפּיטאַנען:

— נישט געדאגהט, יידן! גיט מיר, זייט מוחל, אייערע שפּאַקטיוון — וועל איך אַ קוק טאָן אין די מרחקים און זען מה יאונה — אפשר איז גאָר אין מיטן ים־הקרח פאַראַן אַ שטאָט מיט יידן?

# עלפט בילד

## קאַפּיטל איינס

אומעטום דערגרייכט אַ ייד מיט בטחון.

ווי ר׳ יצחק־וואָלף שטייט אַזוי און קוקט מיט אַ שפּאַקטיוו אויף די מרחקים פון ים־הקרח, דערזעט ער פּלוצים פונדערווייטנס אַן אינדזל. ער טוט אַ געשריי צו די שיפס־קאַפּיטאַנען:

— אדרבה, זעט יידן! ווען מען קוקט אַריין מיט בטחון אין די שפּאַק־טיוון ווייזן זיי טאַקע וואָס מען וויל.

די קאַפּיטאַנען האָבן אויך אָנגעהויבן צו קוקן מיט זייערע שפּאַק־טיוון, אָבער זיי האָבן אַ זיפץ געטאָן:

— אמת, ר׳ יצחק־וואָלף, מיר זעען טאַקע אַן אינדזל. אָבער ווי קומט מען דאָרט אַהין ווען אונדזערע שיפן שטייען איינגעשלאָסן אין דעם אין יוצא ואין בא פון אייז־בערג?

— ווען אַ ייד האָט נאָר אַ ביסעלע בטחון קומט ער אומעטום אַהין — האָט ר׳ יצחק־וואָלף אַ געשריי געטאָן — איך וועל אַליין צופוס אַרי־בערקלעטערן איבער אַלע אייז־בערג און וועל אַהין דערגרייכן צום אינדזל. לאָמיך נאָר, בלי־נדר, דאָרט זיין וועל איך אייך אַלעמען אַרויסנעמען פון דער פּעטשקע.

## קאַפּיטל צוויי

ר׳ יצחק־וואָלף ריכט אָפּ חצות צוזאַמען מיט ירמיה הנביא.

אַז אַ פעלדמאַרשאַל זאָגט עפּעס איז דאָך נישט שייך.

ויעש — ר׳ יצחק־וואָלף האָט נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און זיך אָנגעהויבן גרייטן אין וועג אַריין. אין אַ זעקל האָט ער מיטגענומען טלית און תפילין און אַביסל צידה־לדרך. מחמת עס איז געווען דאָנער־שטיק אינדערפרי האָט ער זיך קודם־כל באַזאָרגט מיט אַ כזית ברויט אויף מלווה־מלכה. האָט ער דאָך נישט געוווסט ווי לאַנג עס וועט אים אויסקו־מען צו קלעטערן איבער די אייז־בערג. אפשר וועט ער גאָר מוזן האַלטן שבת אויפן אייז?

ער האָט זיך מיט אַלעמען האַרציק געזעגנט, געזאָגט תפילת־הדרך און זיך פון דער אַדמיראַל־שיף אַראָפּגעלאָזט אויפן אייז און אָנגעהויבן צו גיין.

ער האָט אָנגעהויבן צו קלעטערן איבער די אייז־בערג. זיי זענען גע־ווען קאַלט און גליטשיק. ערטערווייז זענען זיי געווען געשפּאָלטן און די שפּאַלטן האָבן אַרויסגעקוקט צו ר׳ יצחק־וואָלפן ווי די פינצטערע בליקן פון אַ גיי־צלמות. דאָס אייז און די זון האָבן אים געבלענדט אין די אויגן און דאָרט געשניטן ווי מיט שאַרפע מעסערס. טייל מאָל האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דער בטחון האָט אים פאַרלאָזן און ער וועט נישט ביי־קומען די שרעקלעכע מכשולים פון די אייז־בערג. ער איז געקראָכן אויף אַלע פיר און אָנגעהויבן צו זאָגן תהילים. יעדעס קאַפּיטל תהילים האָט אים אַריינגעגעבן אַ נייעם כוח און ער האָט ווייטער געקלעטערט.

דאָס אינדזל האָט זיך פאַמעלעכל דערנענטערט צו זיינע בליקן.

עס איז געוואָרן קעלטער און קעלטער. די זון האָט זיך גענויגט צו מערב. ר׳ יצחק־וואָלף האָט געזען, אַז עס ווערט שפּעט, און ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען מנחה. ווען ער האָט געעפנט די אויגן נאָך שמונה־

עשרה האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז דאָס אינדזל איז צוגעקומען נעענ־טער.

ער האָט פונדאָסניי אָנגעהויבן צו קלעטערן מיט פרישן חשק, און ער האָט געטראַכט, אַז ער וועט דערגרייכן דאָס אינדזל ביז מעריב און ער וועט דאָרט דאַווענען און עסן וועטשערע.

ווען ר׳ יצחק־וואָלף איז אַרויפגעקומען אויפן אינדזל איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. אויפן הימל האָט געלויכטן די פולע לבנה און זי האָט באַלויכטן דאָס אינדזל.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט זיך אַרומגעקוקט אין דעם לבנה־ליכט און ער האָט געזען נייערט אַ רוי'ע פעלדזיקע וויסטעניש. ער האָט זיך אַוועקגע־זעצט אָפּרוען אויף אַ שטיין. די לבנה האָט וואָס אַמאָל בלאסער און זיל־בערנער געלויכטן. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען מעריב.

קוים וואָס ער האָט זיך געהאַט אויסגערוקט שמונה־עשרה, האָט ער פּלוצים געהערט אַ ביטער געוויין. דאָס געוויין איז געווען גאָר יאָמער־לעך און צוגלייך האָט עס אין זיך געהאַט דאָס מתיקות פון ימים־נוראימ־דיקן דאַווענען. ר׳ יצחק־וואָלף האָט ממש געשפּירט ווי עס דריקט אים ביים האַלדז אי פון אַ יאָמער אי פון אַ דערהויבנקייט. און ער האָט אָנ־געהויבן צוצוגיין צו דער זייט פון אינדזל פון וואַנען דאָס געוויין קומט.

אין מיטן פון די פעלדזן, וואָס זענען געווען פאַרגאָסן מיט בלאַסן לבנה־ליכט, איז געשטאַנען אַ קליין שטיבעלע. ר׳ יצחק־וואָלף האָט גע־עפנט די טיר. ער טוט אַ קוק: אויף אַ קליין פוסן־בענקעלע זיצט אַן אַל־טער ייד מיט אַ לאַנגער גראָער באָרד. ער טראָגט אַ זאַק אויף די לענדן און האָט אַש אויפן קאָפּ. דער ייד זיצט און וויינט יאָמערלעך אויף חורבן ירושלים, אויף גלות ישראל און אויף גלות השכינה.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט געשפּירט ווי פון די אויגן פליסן אים טרערן. די נשמה איז אים שיער נישט אויסגעגאַנגען פון אַ טרויעריקער מתיקות. ער האָט זיך אויסגעטאָן די שיך, זיך אַוועקגעזעצט לעבן אַלטן ייד אויף דער ערד און צוזאַמען מיט אים אָפּגעריכט חצות און צוזאַמען מיט אים גע־וויינט אויף חורבן ירושלים און אויף גלות ישראל.

ווען דער מאָרגנשטערן האָט גרוי אַריינגעשיינט דורכן קליינעם

פענצטערל האָבן ביידע יידן אויפגעהערט צו וויינען. ר׳ יצחק־וואָלף האָט מיט גרויס ערפורכטיקייט געפרעגט ביים אַלטן ייד:

— ווער זענט איר, רביניו?

— איך בין ירמיה הנביא, האָט דער אַלטער ייד געענטפערט.

באותו הרגע איז אַלצדינג פאַרשווונדן אין דער לופטן און ר׳ יצחק־וואָלף איז איינער אַליין געבליבן אויף אַ פעלז.

## קאַפּיטל דריי

בײַ דוד המלכן אויף מלווה־מלכה.

וישא את עיניו — ר׳ יצחק־וואָלף טוט אַ הייב אויף די אויגן און זעט אַ באַרג.

— איך וועל אַקערשט צוגיין צום באַרג, האָט ער צו זיך געזאָגט.

ווען ער איז דאָרט אַהין צוגעקומען האָט ער דערזען אַ הייל. איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין דער הייל. אינעווייניק איז געווען אַ ליכטיקייט ווי אין אַ וואַרעמען זומער־טאָג, מחמת די גאַנצע הייל איז געווען אויסגעפּלאַס־טערט מיט די ווונדערלעכע איידל־שטיינער ישפה און ספּיר. ר׳ יצחק־וואָלף איז ווייטער געגאַנגען און איז צוגעקומען צו אַ טויער. דאָס טויער איז אויך געווען פון אייטל אבנים־טובות.

ער מאַכט אויף דאָס טויער און קומט אַרײַן אין אַ לוסט־גאָרטן. עס זענען דאָרט געוואַקסן איידעלע פּרוכטביימער ווי אויך רויזן און בלומען. אויף די ביימער האָבן געזונגען אַלערליי ווונדערלעכע פאַרביקע פייגל. דאָס מתיקות פון זייער געזאַנג איז געווען אין לשער — עס זענען דאָרט אויך געווען גרינע פּאַפּוגייען וואָס זענען געשטאַנען אויף די צווייגן און האָבן געזאָגט תהילים און מעמדות.

ובאמצע הפרדס — אין מיטן דעם לוסטגאָרטן איז געשטאַנען אַ פּאַ־לאַץ וואָס איז געווען געבויט פון די איידלשטיינער ספּיר און ישפה און יהלום. ער האָט געלויכטן ווי די זון. אויפן פּאַלאַץ איז געווען אַ גרויסער טורעם אין דעם געשטאַלט פון אַ זילבערנער בשמים־ביקס. אויפן שפּיץ פון טורעם האָבן געלויכטן און געשעמערירט ווי שטערן די ווערטער „מגדל דוד״.

ר׳ יצחק־וואָלף האָט נישט לאַנג געטראַכט און איז אַרײַנגעגאַנגען אינעווייניק אין פּאַלאַץ. אַלצדינג איז דאָרט געווען פון סאַמע איידלשטיין און אַלצדינג האָט געלויכטן העל און ווונדערלעך. די חדרים זענען געווען

איינער שענער פאַרן אַנדערן. מען האָט אָבער נישט געזען קיין בן־אדם.

ווען ר׳ יצחק־וואָלף איז אַריינגעקומען אין זיבעטן חדר האָט ער גע־מיינט, אַז אָט איז ער אין דעם לבנת־הספיר פון דעם זיבעטן הימל. אויף אַ גרויסער שטול וואָס איז געווען אויסגעהאַקט פון דעם איידלשטיין פּטדה איז געזעסן אַן אַלטער גרייז־גראָער ייד אָנגעטאָן אין אַ ווייסער אַטלעסענער זשופּיצע און מיט אַ גאָלדענער קרוין אויפן קאָפּ. דער ייד האָט געהאַלטן אַ חומש אין דער האַנט און מעביר געווען די סדרה שנים מקרא ואחד תרגום. זיין קול איז געווען זיס און יידישלעך ווי די טעג פון ימות־המשיח. רעכטס און לינקס פון אים זענען מיט גרויס ערפורכטיקייט געשטאַנען משרתים אָנגעטוענע אין זעלטענע בגדי־מלכות. זייערע פּני־מער האָבן געלויכטן ווי די שטילע איידעלע שבת־ליכט אין פּרייטיק צו־נאַכטס.

מען האָט ר׳ יצחק־וואָלפן באַלד אָוועקגעזעצט לעבן דעם אַלטן ייד מיט דער גאָלדענער קרוין און מען האָט אים געגעבן צו עסן און צו טרינ־קען מעדנים, וואָס ער האָט גאָר נישט געגלויבט, אַז אַזוינס און אַזעלכעס איז בנמצא אויף דער וועלט. ר׳ יצחק־וואָלף האָט דאָרט געהאַלטן שבת.

ערשט מוצאי־שבת נאָך הבדלה האָט אים דער אַלטער ייד געגעבן שלום־עליכם און באַהאַרצט געזאָגט: גוט וואָך, ר׳ יצחק־וואָלף!

נאָכדעם האָט דער אַלטער גענומען אַ פידעלע און אָנגעהויבן צו שפּילן די זמירות פון מוצאי־שבת. מחמת מתיקות האָט עס ביי ר׳ יצחק־וואָלפן געהאַלטן ממש ביי כלות־הנפש. אים האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער גאַנצער פּאַלאַץ איז געוואָרן אַ ניגון פון מוצאי־שבת־קודש.

אַ שעה פאַר חצות האָט מען געגרייט אַ טיש צו מלווה־מלכה. צו דער מלווה־מלכה זענען אַריינגעקומען נאָך זיבן גרייז־גראָע יידן. אַ יעדער פון זיי האָט פּונקט אויסגעקוקט ווי דער פריערדיקער זקן. מען האָט דער־לאַנגט צו מלווה־מלכה אַכצן טויזנט מאכלים כמנין ח״י, און אַלע האָבן געהאַט דעם לעתיד־לבוא־טעם פון שור־הבר און לויתן. נאָכדעם האָט מען ווייטער געשפּילט. אַלע אַכט זקנים האָבן זיך אָנגענומען פאַר די הענט און געטאַנצט אַ חסידיש ריקודל.

עס איז געוואָרן האַלבע נאַכט און מען האָט געהערט דאָס קרייען פון

צו האָן. דאָ איז דער זקן אין דער גאָלדענער קרוין צוגעגאַנגען צו ר׳ יצחק־וואָלפן און צו אים געזאָגט:

— הנה זייט וויסן, אַז איך בין דוד המלך און אָט די זיבן יידן זענען די שבעה רועים, די זיבן פאַסטעכער פון פאָלק ישראל. בזכות וואָס איר האָט זיך מוסר־נפש געווען פאַר דער מצווה מלווה־מלכה, האָט איר זוכה געווען מיט די אייגענע אויגן צו זען אייער שכר.

און דוד המלך עליו השלום האָט ר׳ יצחק־וואָלפן דערלאַנגט אַ קליין שטיינדעלע ישפה און צו אים געזאָגט כהאי לישנא:

— אָט דאָס שטיינדעלע איז מכניע אַלע כשפים און רוחות רעות. גייט צוריק צו אייערע שיפן, ר׳ יצחק־וואָלף!

באותו הרגע איז אַלצדינג פאַרשוואונדן אין דער לופטן.

## קאַפּיטל פיר

א שטורעם־ווינט טראָגט צו די שיפן צום מאַגנעט־אינדזל.

ווי ר׳ יצחק־וואָלף איז צוגעקומען צום ברעג פון ים און געוואָלט אָנ־הויבן צוריק צו קלעטערן איבער די אייז־בערג, האָט ער דערזען ווי צווישן די בערג ציט זיך אַ שמאָל שטעגעלע. במשך אַ פערטל שעה צייט איז ער געווען ביי די שיפן.

מען האָט שוין דאָרט דעם פעלדמאַרשאַל ר׳ יצחק־וואָלפן געהאַלטן פאַר אַ פאַרלוירענעם. ווען מען האָט אים דערזען אַ לעבעדיקן און אַ פריי־לעכן איז דאָס גאַנצע חייל געוואָרן מלא שמחה. אַלע האָבן ממש דער־פילט אין זייערע הערצער אַ נייעם בטחון.

עס איז נישט פאַרגאַנגען אַ רגע און עס האָט זיך געמאַכט אַ גרוי־סער שטורעם־ווינט. די אייז־בערג האָבן זיך אָנגעהויבן צו וואַקלען און די וואַסערן זענען געגאַנגען כאַדאַראַם. זיי האָבן די שיפן ווי לייכטע שווע־בעלעך אַרויסגעטראָגן פון דער אייז־תפיסה. ווען די שטורעם־ווינטן האָבן זיך געלייגט און די הימלען האָבן זיך אויסגעלייטערט, האָט מען געזען, אַז אָט שטייט מען פאַרן מאַגנעט־אינדזל.

ויאמר הפעלדמאַרשאַל — האָט דער פעלדמאַרשאַל ר׳ יצחק־וואָלף געטאָן אַ קאָמאַנדע צום חייל און צו די גענעראַלן ר׳ משה־חיימל און ר׳ ישראל־פנחסל:

— שבו על מקומכם — זיצט אויף אייערע שיפן. איך אַליין וועל אַרויסגיין און מיך ספּראַווען מיט די סריסים און ברענגען מיין כלה די בת־מלכה אסתר.

## קאַפּיטל פינף

די בת־מלכה אסתר מיט אירע צוויי חברטעס שיילן קאַרטאָפּלעס
און זינגען אַ לידעלע.

ויהי כאשר עלה — ר׳ יצחק־וואָלף האָט נאָר וואָס געהאַט אַרויפגע־שטעלט אַ פוס אויפן מאַגנעט־אינדזל און האָט געוואָלט אָנהייבן זוכן די פאַרכשופטע הייל — זעט ער פלוצים ווי עפּעס דרייט זיך אים פאַר די אויגן געשווינד ווי אַ וויכער. מחמת דאָס געשווינדקייט פון דעם דרייען האָט ר׳ יצחק־וואָלף נישט געוווסט וואָס דאָס איז אַזעלכעס. האָט ער אָבער נישט באַלאַמוטשעט און אַרויסגענומען פון דער קעשענע דאָס שטיינדעלע ישפה וואָס ער האָט געהאַט באַקומען פון דוד המלך און האָט עס אָקעגנגעשטעלט דעם כשוף.

באותו הרגע האָט זיך דער וויכער אָפּגעשטעלט און ר׳ יצחק־וואָלף האָט געזען אַ קליין שטיבעלע פון סאַמע מאַגנעט.

ער האָט געעפנט די טיר און אַריינגעגאַנגען. דאָרט האָט געפלאַקערט אַ פּריפּעטשיק. אויף דער ערד זענען געזעסן דריי בתולות אָנגעטוענע אין שמאַטעס און אין טראַנטעס. והנה קולפות קאַרטאָפּלעס. זיי האָבן גע־שיילט קאַרטאָפּלעס און צוזאַמען געזונגען אַ לידעלע:

אויף דעם גרינעם באַרג
אויף דעם הויכן גראָז
שטייען אַ פּאָר דייטשן
מיט די לאַנגע בייטשן.
הויכע מאַנען זענען זיי.
קורצע קליידער טראָגן זיי.
אבינו מלך...

ר׳ יצחק־וואָלף האָט אַ קוק געטאָן אויף איינער פון די דריי בתולות נעבעך, און ער זעט ווי פון אונטער דער צעריסענער אָרעמאַנסקער פאַ־טשיילע וואָס זי טראָגט אויפן קאָפּ קוקן אַרויס גינגאָלדענע האָר.

ביי ר׳ יצחק־וואָלפן איז איצט נישט געווען דער מינדסטער ספק, אַז דאָס איז די בת־מלכה אסתר, און די צוויי אַנדערע שנאָרערטעס זענען אי־רע חברטעס.

די דריי בתולות האָבן זיך שטאַרק געחידושט ווען זיי האָבן פּלוצים געזען אַ פרעמדן ייד אינעווייניק אין דעם כשוף־הייזעלע. וחדלו לקלוף קאַרטאָפלעס — זיי האָבן אויפגעהערט צו זינגען און צו שיילן קאַרטאָפּ־לעס.

## קאַפּיטל זעקס

קלוגע גוײם װײסן אַז פאַרשפּילט איז פאַרשפּילט. — פאַראַדן אין דער הױפּטשטאָט פונעם קיניג ר׳ צבֿי־פּלטיאל.

ר׳ יצחק־װאָלף האָט נישט לאַנג באַלאַמוטשעט און די דרײַ בתולות אָנגעהױבן צו דערצײלן די גאַנצע מעשה פון אַלף ביז תּיו און אַז ער איז דער פעלדמאַרשאַל פון ר׳ צבֿי־פּלטיאלס חיילות און איז געקומען זײ ראַ־טעװען. צום סוף האָט ער אַרױסגענומען אַ ברילִיאַנט און דערלאַנגט דער בת־מלכּה און געזאָגט, אַז דאָס גיט ער איר חתימה־געלט מחמת ער איז איר חתן צום גרױס מזל.

ר׳ יצחק־װאָלף האָט געזאָגט, אַז אױף די שיפן ליגן אַפילו גינגאָל־דענע בגדי־מלכות פאַר דער פּרינצעסין מיט אירע חבֿרטעס, נאָר משום עין־הרע איז בעסער, אַז ער זאָל זײ אַהײמברענגען אין די חצרות־המלכים אָנגעטוענע אין די שמאַטעס און טראַנטעס װאָס זײ טראָגן.

עודם מדבּרים — עפנט זיך די טיר און עס קומען אַרײַן אין שטי־בעלע עטלעכע גענעראַלן און שׂרים פון די סריסים.

זײ האָבן אַ קוק געטאָן אױף ר׳ יצחק־װאָלפן און געזען װי ער האַלט דאָס שטײנדעלע ישפה אין דער האַנט זענען זײ געװאָרן װײס װי די װאַנט. קלוגע גוײם זענען זײ געװען, האָבן זײ דערימעך געװוסט פון לאַנ־גער דערפאַרונג, אַז אױב אַ ייד האַלט דאָס שטײנדעלע ישפה אין דער האַנט, האָט ער מן־הסתּם אױך בטחון אין האַרץ — און דעמאָלט האָבן אַלע כּשפים און מכשפות און אַפילו די געפאַלענע מלאכים עוזא און עוזיאל קענען אים אַ פּנים פון חוזק. די סריסים האָבן געזען, אַז זײ זענען געבליבן בײ שראַגע, האָבן זײ טאַקע באַלד אַרונטערגענומען די היטלען און געזאָגט צו ר׳ יצחק־װאָלפן:

— מיר האָבן פאַרשפּילט מיטן קנאַק. טו מיט אונדז װאָס דו װילסט!

— איך שענק אײַך דאָס לעבן — האָט ר׳ יצחק־װאָלף געזאָגט —

בתנאי איר זאָלט אייער גאַנץ עשירות אויפלאָדענען אויף מיינע שיפן און דערנאָך זאָלט איר אַלע מיט מיר מיטפאָרן אין די קיניגרייכן פון זיין מאַיעסטעט ר׳ צבי־פלטיאל און דאָרט ווערן מיין לייב־גוואַרדיע.

— מסכים — האָבן די סריסים געזאָגט צו ר׳ יצחק־וואָלפן — מיר זענען קלוגע גויים און מיר האַלטן פונעם כלל, אַז פאַרשפּילט איז פאַר־שפּילט.

די סריסים האָבן טאַקע אַ גאַנצן טאָג אַרויפגעשלעפּט זייער עשרות אויף ר׳ יצחק־וואָלפס שיפן. ווען די שיפן זענען שוין געווען פול ביזן אויג מיט געוואַלדיקע רייכטימער, האָט מען בתופים ובמחולות אַרויפגע־פירט די דריי אַרעמאַנטעס, דאָס הייסט, די בת־מלכה אסתר מיט אירע צוויי חברטעס. דאָס גאַנצע חייל האָט געשריגן: וויוואַט!

דערנאָך האָט מען פונאַנדערגעלאָזט די זעגל־טיכער און ויסעו איז דער טייטש: געפאָרן.

די ווינטן זענען געווען גוטע און עס האָט נישט לאַנג געדויערט אין אויף די ברעגעס פון דער הויפּטשטאָט פון מלך ר׳ צבי־פלטיאל דעם אַכ־ציקסטן האָט מען געזען ווי פון דער ווייטנס אויפן ים קומען אָן שיפן. מען האָט אָנגעהויבן צו קוקן אויף שפּאַקטיוון.

מען האָט נישט לאַנג באַדאַרפט צו קוקן. פון די ים־ווייטענישן האָט דערגרייכט דאָס שאַרפע שפּילן פון קאַפּעליעס. מען האָט באַלד דערקענט די קאַפּעליעס פון ר׳ יצחק־וואָלפס חיילות.

אין דער הויפּטשטאָט האָט מען הענדום־פּענדום אַרויסגעהאַנגען פע־נער. דער מלך, די מלכה, אַלע שרים ויועצים ווי אויך, קיין עין־הרע גרויסע המונים פון פשוטע עמך־יידן, האָבן זיך געזאַמלט אויף די ברעגעס. ווען די שיפן זענען געקומען צוצושווימען איז ערשט געוואָרן דער אמתער שמחה וששון.

פון דער ערשטער שיף זענען אַראָפּגעגאַנגען דער פעלדמאַרשאַל ר׳ יצחק־וואָלף מיט די דריי קרוע־ובלו׳עדיקע אָרעמאַנטעס. תחילת האָט מען זיך גאָר נישט געכאַפּט ווער דאָס זענען אַזוינס. די גינגאָלדענע האָר פון דער בת־מלכה אסתר האָבן אָפּערגעלויכטן פון אונטער דער בעטלע־רישער פאַטשיילע וואָס זי האָט געטראָגן אויפן קאָפּ. די מלכה חנה־רבקה

אין אירע גאָלדענע בגדי־מלכות איז אַרויסגעפאַלן אויפן האַלדז פון א״ד אָרעמאַנסקער טאָכטער און ס׳איז געוואָרן דאָס גרויסע געוויין. די ווייבער צווישן די המונים האָבן מיטגעוויינט. אָבער די מאַנסבילן האָבן זיך גע־ריבן אין די הענט און געשריגן „ויחי!״

דערנאָך איז אַראָפּגעגאַנגען דאָס חייל מיט די גענעראַלן ר׳ משה־חיימל און ר׳ ישראל־פּנחסל בראש, און עס האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן די וויוואַטן.

ערשט פון די לעצטע שיפן זענען אַראָפּגעגאַנגען די סריסים. אַלע זענען געשטאַנען און געקוקט, וואָס זענען דאָס פאַרא פאַרשוינען? ר׳ יצחק־וואָלף האָט באַלד אויפן ברעג דערציילט מכל הנעשה. און כדי אַלע יידן זאָלן עס וויסן האָט מען עס געלאָזט אויספּויקן און אויסטרומייטערן אין אַלע גאַסן און געמאַרקן, והעיר שושן צהלה ושמחה.

## קאַפּיטל זיבן

מען ציט קניפּלעך און מען פּאָרט אויף חתונות.

דאָ האָט ר׳ יצחק־וואָלף געענדיקט זיין דערציילונג. ער האָט אָבער צוגעגעבן, אַז זיין מאַיעסטעט ר׳ צבי־פּלטיאל האָט נישט געוואָלט לאַנג באַלאַמוטשען און באַלד מאַכן די גרויסע חתונה צווישן אים, ר׳ יצחק־וואָלפן הייסט עס, מיט דער בת־מלכה אסתר. מען וויל דאָרט, אין די חצרות־המלכים, מאַכן אַ חתונה אשר לא חתונו אבותינו. איז מיר אָבער געקומען צו חלום דער טאַטע זכרונו לברכה ר׳ יעקב־משה, דער אדיר פון מדינת פה־לין — האָט ר׳ יצחק־וואָלף געזאָגט — און מיך תיכף ומיד גע־הייסן אָוועקרייטן אין דער הויפּטשטאָט פון קיניג ר׳ יחזקאל דעם ניין און ניינציקסטן. „אין זיינע פּאַלאַצן, בני היקר״, — האָט דער מת־טהור געזאָגט, — „וועסטו טרעפן דיינע צוויי ברידער״. איך בין טאַקע אַהער געקומען און בעט אייך, אַז איר זאָלט אַלע מיט מיר פאָרן אויף מיין חתונה.

— ס׳טייטש? — האָט ר׳ ישׂשכר־בער געזאָגט — איך האַלט אויך ביים חתונה האָבן מיט דער פּרינצעסין חגלה. אין די מאַיאָנטקעס פון גראַף ר׳ נפתלי זיצט און וואַרט די פּרינצעסין ציפּורה. איר טאַטע דער מלך ר׳ שראגע־פייוויש וואָס זיצט הינטער די הרי־חושך און קיניגט דאָרט איבער די בני גד ובני ראובן דאַרף מסכים צו זיין אויפן שידוך צווישן זיין בת־מלכה מיטן קרוינפּרינץ פון די בני־משה ר׳ יקותיאל־פגעיאל. איז — ווי קומט־זשע די קאַץ איבערן וואַסער?

האָט דער משנה־למלך ר׳ אחיתופל געפּסקנט, אַז מען זאָל ציען קניפּ־לעך ווו און ביי וועמען עס זאָלן זיין די חתונות.

מען האָט געצויגן קניפּלעך פון ר׳ אחיתופלס פּאַטשיילע. זיין מאַיעס־טעט ר׳ יחזקאל האָט אַרויסגעצויגן דאָס קניפּל, אַז אַלע חתונות זאָלן למזל זיין ביי אים אין די חצרות־המלכים.

קודם כל האָט מען געשיקט אַ שטאַפּעט צו די בני גד ובני ראובן הינ־טער די הרי־חושך, כדי דער מלך ר׳ שראגע־פייוויש און די מלכה שפּרינ־צע־עטל זאָלן געבן הסכמה אויפן שידוך מיטן קרוינפּרינץ פון די בני משה.

צווישן אַלע יידישע מלכים אין גאַר דער וועלט האָט זיין מאַיעסטעט ר׳ שראַגע־פייוויש געהאַט אַ שם פאַר אַ גרויסן ערלעכן ייד און אַ תלמיד־חכם. די מלכה שפּרינצע־עטל האָט געשמט ווי אַ גרויסע מלומדת וואָס איז אויסגעבונדן אין אַלע פּרומע ספרימלעך אויף עברי־טייטש, אַחוץ דעם קאָן זי אויך די שבע חכמות.

דער שטאַפּעט האָט נישט מער געטאָן נייערט געריטן און געריטן טאָג און נאַכט. מחמת דערימעך איז ער טאַקע באַלד אַהין געקומען הינ־טער די הרי־חושך. ער האָט געברענגט צום מלך ר׳ שראגע־פייוויש אַ ידידי־בריוועלע פון מלך ר׳ יחזקאל. אין דעם בריוועלע איז געווען גע־שריבן מכל הנעשה. ר׳ שראגע־פייוויש האָט זיך תיכף ומיד שואל־עצה געווען מיט דער מלומדת דער מלכה שפּרינצע־עטל. דער שידוך איז וויל געפעלן געוואָרן. זיי האָבן צוריק באַפוילן צום קיניג ר׳ יחזקאל נישט מער ווי צוויי ווערטער: מזל־טוב! און האָבן געזאָגט צום שטאַפּעט, אַז אם ירצה השם, בשעה מוצלחת וועלן זיי קומען צום קיניג ר׳ יחזקאל אין דער הויפּט־שטאָט אויף דער חתונה. לכבוד דער שמחה של מצווה וועלן זיי מיט־ברענגען אַ גרויס חייל פון סאַמע לומדים מופלגי־תורה. דאָס מינדסטע זעלנערל ביי די בני גד ובני ראובן איז אָנגעשטאָפּט ווי אַ פּויק מיט ש״ס ופוסקים. מען קאָן זיך פאָרשטעלן וואָס די גענעראַלן דאָרט קאָנען.

ווען דער שטאַפּעט איז צוריקגעקומען הענדום־פּענדום צו רייטן און האָט מיטגעברענגט דעם „מזל־טוב״ פון קיניג ר׳ שראגע־פייוויש, האָט מען ווידער אָוועקגעשיקט צוויי רייטנדיקע שטאַפּעטן. איינעם צום גראַף ר׳ נפתלי אין די מאַיאָנטקעס און איינעם צום קיניג פון די בני־משה ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי.

צום גראַף ר׳ נפתלי האָט דער משנה־למלך ר׳ יששכר־בער אייגנ־הענטיק געשריבן אַ שיין לשון־קודשדיק בריוועלע. דאָרט האָט ער אים באַפוילן איינצושפּאַנען אַלע גאָלדענע קאָטשן און צו קומען למזל מיט דער

בת־מלכה ציפורה אויף איר חתונה. אינעם בריוועלע איז געווען צוגעשריבן צו דער קיניגלעכער כלה, הנה, אַז מען איז שוין געוועןביים טאַטעשי מיט דער מאַמעשי הינטער די הרי־חושך און זיי זענען מסכים אויפן שי־דוך מיטן קרוינפּרינץ ר׳ יקותיאל־פּגעיאל.

מען האָט זיך דאָרט אין די מאַיאַנטקעס פון גראַף ר׳ נפתלי גע־ווונטשן מזל־טוב און זיך אָנגעהויבן גרייטן אויף דער חתונה.

ווען דער צווייטער שטאַפּעט איז אָנגעקומען אין די פּאַלאַצן פון קי־ניג ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי און געברענגט די בשורות טובות, איז אויך דאָרט אַלצדינג געגאַנגען כאַדאַראַם פון שמחה. נישט מער וואָס דער מאַ־יעסטעט פון די בני משה האָט זיך תחילת אַביסל געקווענקלט ווען ער האָט דערהערט אַז מען מוז פאָרן אויף דער חתונה אין די חצרות־המלכים פון ר׳ יחזקאל דעם ניין און נײַנציקסטן.

— ווו איז יושר? — האָט ער געזאָגט צום שטאַפּעט — איך האָב דאָך למזל דעם זון מיט דער טאָכטער. האַ?

דער שטאַפּעט האָט אים אונטערטעניקסט געמאָלדן, אַז מען האָט גע־צויגן קניפּלעך און דער קיניג ר׳ יחזקאל האָט אַרויסגעצויגן דאָס קניפּל.

— מילא! — אויב קניפּלעך איז דאָך נישט שייך — האָט געזאָגט דער קיניג ר׳ שמעיה בן זכריה הלוי און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל זיך גרייטן צו דער נסיעה.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אַרום דער הויפּטשטאָט פון קי־ניג ר׳ יחזקאל האָבן זיך אויפגעהויבן געוואַלדיקע וואָלקנס שטויב. פון די שטויבן אַרויס האָט מען געהערט דאָס הילכן פון קאַפּעליעס. עס זענען אָנגעקומען די קיניגלעכע מחותנים מיט זייערע סוויטעס און מיט זייערע חיילות. אַ גרויסן שטויב האָבן אָנגעמאַכט די גאָלדענע קאָטשן פון גראַף ר׳ נפתלי. דאָרט זענען געפאָרן דער גראַף, די גראַפינע דבורה און די כלה, די בת־מלכה ציפורה.

צום לעצטנס האָט זיך אויפגעהויבן גאָר אַ שטאַרקער וואָלקן מיט שטויב. דאָרט האָבן מאַרשירט די בני גד ובני ראובן מיט זייער מלך ר׳ שראַגע־פייוויש און מיט זייער מלכה די מלומדת שפּרינצע־עטל. זייערע קאַפּעליעס זענען געווען גאָר חידושדיקע. מחמת זיי האָבן נישט געהאַט

קיין אַנדער כלי־זמר אַחוץ שופרות. ווען מען האָט געהערט ווי אין דעם שטויב־וואָלקן — אין וועלכן עס האָבן מאַרשירט די בני גד ובני ראובן — בלאָזן שופרות, האָט מען געמיינט, אַז דער יום־טוב ראש־השנה איז אויך מיטגעקומען ווי אַ מחותן אויף דער חתונה.

ענדלעך האָט מען דערלעבט צו זען די חיילות פון מלך ר׳ שראַגע־פייוויש. זייַנע זעלנער זענען געגאַנגען אָנגעטאָן ווי קירהשע יידן אין לאַנ־גע אַטלעסענע בעקעשעס, מיט לאַנגע שפּיציקע בערד און מיט געקרייזלטע פּיאות. אויפן קאָפּ האָבן זיי געטראָגן בייערט שטריימלעך מיט שפּיצן. זיי זענען אפילו געגאַנגען אין מושטער, נאָר גייענדיק אין מושטער האָבן זיי יידישלעך געמאַכט מיט די הענט און זיך מפלפל געווען אין חידושי־תורה.

הכלל, עס איז געווען לעבעדיק און לוסטיק אין שטעטל פון קיניג ר׳ יחזקאל דעם גיין און ביינציקסטן. ס׳איז געווען אַן אמתער קיבוץ־גלויות פון אַלערליי יידן. מען האָט נאָר געוואַרט, אַז אין דער גראַטשקע זאָל אויך משיח אָנקומען צו רייטן ווי אַ ייד אַן אָרעמאַן אויף אַ ווייס אייזעלע.

צו שרייבן פון די חתונות בשעה מוצלחת שטייגט שוין באמת אַרי־בער די כוחות פון אַ היינטיקן מחבר. פאַרשטייט זיך, אַז עס זענען געקו־מען קלעזמאָרים און בדחנים מכל שבטי ישראל אין גאָר דער וועלט. ווען איך, דער מחבר הייסט עס, זאָל גיין אויפשרייבן בלויז די גראַמען וואָס בדחנים האָבן געזאָגט אויף אָט די קיניגלעכע חתונות, וואָלט איך מיך באַ־דאַרפט אָוועקזעצן אויף טעג און נעכט און שרייבן און שרייבן. מייַנע שרייבעניִשן וואָלטן זיכער געווען פאַרנומען די פּאָליצעס פון צען גרויסע ספרים־אַלמערס.

# קאַפּיטל אַכט

ויהי ממחרת — און אויף אַלע יידן געזאָגט.

ויהי ממחרת נאָך די שבע־ברכותן האָבן טאַקע אַלע פיר מלכים געהאַלטן וואָרט און אַוועקגעלייגט זייערע קרוינען אויפן טיש. מען האָט מיט גרויס פּאַראַד אָנגעטאָן די פיר קרוינען אויף די קעפּ פון די פיר אייידעמלעך און זיי אַוועקגעשענקט אַלע קיניגרייכן אין גאַר די תפוצות ישראל. די חיילות פון אַלע פיר מלכים האָבן געשריגן: מזל־טוב! קאַפּעליעס האָבן געקנאַקט. די שופרות פון די בני גד ובני ראובן האָבן געבלאָזן תקיעה, שברים, תרועה.

באַלד נאָך די גרויסע פּאַראַדן האָבן אַלע פיר אַלטע מלכים באַשלאָסן אַוועקצופאָרן קיין ירושלים עיר הקדושה. זיי האָבן דאָרט געוואָלט פאַרברענגען זייערע לעצטע יאָרן על התורה ועל העבודה און מיט תהילים־זאָגן ביי דער כותל־מערבי. כך הוה. אין ירושלים האָבן זיך אַלע פיר מאַיעסטעטן אַריינגעצויגן אין דער „שכונה מאה שערים" און זענען דאָרט געוואָרן גבאים איבער די פּושקעס פון ר' מאיר בעל הנס.

די מלכה פון די בני גד ובני ראובן, די גרויסע מלומדת מרת שפּרינצע־עטל האָט פונדעסטוועגן מיטגענומען קיין ירושלים אַביסל פון אירע זעלנער. די הייַנטיגע „נטורי קרתא" זענען טאַקע די לייבלעכע אייניקלעך פון די דאָזיקע זעלנער.

באַלד נאָך די קיניגלעכע שבע־ברכות האָט מען חתונה געמאַכט די באַרימטע גענעראַלן ר' משה־חיימל און ר' ישראל־פּנחסל מיט די צוויי חברטעס פון דער בת־מלכה אסתר און ס'איז פונדאָסניי געווען והעיר שושן.

די פיר יונגע מלכים זענען מיט גרויסע פּאַראַדן צוריקגעפאָרן אין די הויפּטשטעט פון זייערע קיניגרייכן. זיי האָבן אין אַלע שטעט געמאַכט נייע ישיבות און דער עיקר האָבן זיי געזען אַז יידן זאָלן האָבן פּרנסה.

*
**

צום סוף אַביסעלע ווינטשעוואַניעס:

ווען אַ מחבר לייגט אַוועק דיבורים ווערט פון אַ פּראָסטן מיטוואָך דער פריילעכער יום־טוב פּורים. פון מים־אחרונים וואַסער ווערט אַ כוסה, און אַ יעדע מעשה — אַ לא נברא ולא היתה. דער סקריפּ פון אַ פען קלינגט דעם מחבר ווי אַ ניגון — און אַ יעדער אמת באַקומט אַ פּנים פון אַ ליגן. דרום ליבע רבותי, טוט קיין שקרים מער הערן. בזכות זה ווערדן וויר קיין ארץ ישראל קערן. השם יתברך וועט פון אַלע ערדן און ימען ברענגען יידן מיט משיח בן דוד צוזאַמען. בפירוש אַלע יידן — סיי אַן ארחי־פּרחי סיי אַ קצין. אמן כן יהי רצון.

# דאָס פּוילישע יידנטום

ביכער-סעריע פון דעם צענטראַל-פאַרבאַנד פון פּוילישע ייִדן
אין ארגענטינע
רעדאַקטאָר: מאַרק טורקאָוו

פאַרלאַג-לייטער: אברהם מיטלבערג

## ביז איצט דערשינען:

31) **שמחה פּאָליאַקיעוויטש** — אַ טאָג אין טרעבלינקע
32) **מרדכי שטריגלער** — אין די פאַבריקן פון טויט
33) **אברהם נחתומי** — אין שאָטן פון דורות
34) **יחיאל לערער** — מיין היים **(אויספאַרקויפט)**
35) **יוסף וואָלף** — לייענענדיק פּרצן...
36) **צפּורה קאַצענעלסאָן־נאַכומאָוו** — יצחק קאַצענעלסאָן
37) **י. הירשהויט** — פינצטערע נעכט אין פּאַוויאַק
38) **נחום סאָקאָלאָוו** — פּערזענלעכקייטן
39) **רחל קאָרן** — היים און היימלאָזיקייט **(לידער)**
40) **א. אלמי** — מאָמענטן פון אַ לעבן
41) **מנשה אונגער** — פשיסכע און קאָצק **(אויספאַרקויפט)**
42) **מ. בורשטין** — איבער די חורבות פון פּלוינע
43) **מ. קיפּניס** — הונדערט פאָלקס־לידער **(אויספאַרקויפט)**
44) **ז. סעגאַלאָוויטש** — מיינע זיבן יאָר אין תל־אביב **(אויספאַרקויפט)**
45) **ד״ר ה. שאָשקעס** — אַ וועלט וואָס איז פאַרביי... **(אויספאַרקויפט)**
46) **שלמה וואַגאַ** — חורבן טשענסטאָכאָוו
47) **אברהם זאַק** — יאָרן אין וואַנדער **(לידער)**
48־49) **ש. איזבאַן** — פאַמיליע קאַרפּ **(אויספאַרקויפט)**

(פרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע 1950)

50) **ד״ר א. מוקדוני** — מיינע באַגעגענישן **(זכרונות)**
51) **ר. שושנה־קאַהאַן** — אין פייער און פלאַמען **(אויספאַרקויפט)**
52) **י. י. טרונק** — די יידישע פּראָזע אין פּוילן
53) **יאַנאַס טורקאָוו** — אין קאַמף פאַרן לעבן **(אויספאַרקויפט)**
54) **יצחק פּערלאָוו** — די מענטשן פון „עקזאָדוס 1947״ **(ראָמאַן)**
55) **פּנחס ביזבערג** — שבת־יום־טובדיקע יידן
56־57־58) **שלום אַש** — פּעטערבורג־וואַרשע־מאָסקווע
59) **ד״ר פיליפּ פרידמאַן** — אָשוויענטשים
60) **ב. ראָזען** — טלאָמאַצקע 13
61־62) **דוד פלינקער** — אין שטורעם **(ראָמאַן)**
63) **יאַנוש קאָרטשאַק** — משהלעך, יאָסעלעך, ישראליקלעך
64—65) **מרדכי שטריגלער** — „ווערק צע״

(פרעמירט דורכן האָפּער־לייב ליטעראַטור־פאָנד ביים יידישן קולטור־קאָנגרעס, בוענאָס איירעס 1951)

66) **חיים גראַדע** — שיין פון פאַרלאָשענע שטערן
67) **רבקה קוויאַטקאָווסקאַ** — פון לאַגער אין לאַגער
68) **יואל מאַסטבוים** — מיינע שטורמישע יאָרן **(זכרונות)**
69) **אליהו טראַצקי** — גלות דייטשלאַנד
70) **ד״ר י. שאַצקי** — קולטור־געשיכטע פון דער השכלה **(אויספאַרקויפט)**
71) **נחמן מייזיל** — געווען אַמאָל אַ לעבן... **(אויספאַרקויפט)**
72) **י. י. טרונק** — סימכע פלאַכטע פון נאַרקאָווע **(אויספאַרקויפט)**

(פּרעמירט דורכן צבי־קעסעל־ליטעראַטור־פאָנד, מעקסיקע, 1951)

### פּרעסע־אָפּרופן וועגן דער ביכער־סעריע

# דאָס פּוילישע ייִדנטום

**ב. מאַנדעל** שרייבט וועגן „מיינע שטורמישע יאָרן“ פון יואל מאַסטבוים („לעבנס־פראַגן“, תל־אביב, יולי 1951):

פאַראַן ביכער, וואָס פאַנגען דיך פון ערשטן זייטל אָן און צווינגען דיך צו לייענען — ריכטיקער: צו שלינגען — בלעטל נאָך בלעטל, אַזוי ביזן סוף.

אַזאַ בוך איז יואל מאַסטבוימס: „מיינע שטורמישע יאָרן“.

אינגאַנצן עטלעכע צענדליק יאָר זינט יענער צייט, וואָס מאַסטבוים שילדערט אונדז און דאָך — וואָס פאַראַ מהלך פון דער היינטיקער צייט־פּלאַן. אַ דיסטאַנץ נישט אויסצומעסטן.

דאָס ייִדישע שטעטל, וואָס האָט הונדערטער יאָרן געריזלט און געשלאָגן מיט קוואַליק ייִדיש לעבן, איז מער נישטאָ. גאָרנישט נישט איז געבליבן פון די שיינע פאַרבנרייכע ייִדישע שטעטלעך אין פּוילן צווישן זיי — פונעם ייִדישן שעדלעץ. אפילו יאַצעק מיטן גלאָבוס אויף די פּלייצעס — אָדער ווי שעדלעצער ייִדן פלעגן רופן: „יאַצעק מיט דער באָמבע“ — איז אויך אָפּגעמעקט געוואָרן. אָבער ווען מען לייענט מאַסטבוימס „שטורמישע יאָרן“, ווערט מען אַזוי צעברויזט, אַזוי פאַרכאַפּט און מיטגעריסן, אַז עס זעט אונדז אויס, ווי דאָס אַלץ וואָלט פאַר אונדזערע אויגן פאַרגעקומען און מיר אַליין געפינען זיך אין מיט פון אָט דעם קאָפּיקן לעבן.

מאַסטבוימס בוך איז געבויט אויף אויטענטישע פאַקטן, פּאַסירונגען און זכרונות, אָבער ווי אַן עכטער שרייבער האָט מאַסטבוים נישט פאַרלוירן דעם חוש פאַרן קינסטלערישן אמת אַזוי, אַז דאָס זענען ניט בלויז פאַקטן און געשעענישן, נייערט דער מחבר האָט דאָ אַריינגעהויכט זיין אייגענעם קינסטלערישן אָטעם — זיין אייגענעם צוגאַנג צום לעבן.

דער הויפּט־העלד פונעם בוך איז דעם מחברס זיידע, שמחה גלעזער, אַן אייגנטימער פון אַ גלאָז־הוטע. די ראָזיקע זיידע־טעמע איז, אייגנטלעך, שוין פיל מאָל אויסגענוצט געוואָרן און באַקומען אַן אָפּשפּיגלונג אין דער ייִדישער ליטעראַטור. ס'איז גענוג בלויז צו דערמאָנען, אַז נאָך מיט אַ פערטל יאָרהונדערט צוריק האָט ה. ל. זשיטניצקי אָנגעשריבן אַ גאַנץ בוך וועגן „דעם זיידנס הייזל“. אָבער אין זשיטניצקיס בוך האָבן מיר געהאַט אַ באַשרייבונג פונעם פּאַטריאַרכאַלישן ייִדישן לעבן. דאָרט האָבן מיר געהאַט פאַרצייטישע זיידעס מיט ווייסע בערד, וואָס האָבן גערעדט מיט זוהר־שפּראַך, און גאָטס־פאַרכטיקע צאינה וראינה־באָ־



יואל מאַסטבוים

# מײַנע שטורמישע יאָרן

בעס, וואָס זענען געווען שטילער ווי וואַסער און זיך געהאַלטן נידעריקער ווי גראָז. מאַסטבוימס זיידע איז אַן אַנדערער: ס'איז אַ שטיין־הייכער ייד, אַ הוטניק, וואָס עקספּלואַטירט שטאַרק זיינע אַרבעטער און חלומט צו ווערן אַ גלאָז־קעניג. עס גייט אים גאָרנישט אָן: „די טעג און נעכט זענען פאַרנומען מיט אויפרייסן שינעס פון דער באַן און מיט אונטערצינדן הייזער פון צאַרישע טשינאָווניקעס, נאָר ער, שמחה, טראַכט פון איינס: וואָס וועט דאָס אַלץ געבן זיין גלעזעריי? (זייט: 95). מיט אַ זייטל ווייטער: „...זאַשטשענקאָ איז איבערגעפאַלן געוואָרן, עס איז נישט קיין גרויסער ענין פאַר שמחהן צו טראַכטן איבער אַ טויט פון אַ טשינאָווניק, אָבער עס זענען אַרויסגעפלויגן כך וכך שויבן, דאָס באַשעפטיקט זייער דעם מוח שמחהס...“

די צייט וואָס מאַסטבוים שילדערט אונדז, איז דער סוף פון נייַנצנטן און אָנהויב צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. ס'איז די שטורמישע צייט פון רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד — דער באַגין פון דער שפּעטערדיקער רעוואָלוציע.

דער מאַטראָסן־אויפשטאַנד אין פינלאַנד; דער אויפשטאַנד פון פעטערבורגער פלאָט; די בונטן אויפן אוראַל און דער אויפשטאַנד פון די דאָנער קאָזאַקן האָבן געשלאָגן טיפע וואָרצלען און געהאַט אַ גרויסע השפּעה אויף דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין פּוילן.

אויך די יידישע גאַס איז אויפגערודערט און מיטגעריסן: נייע פּראָבלעמען נעמען נורטעווען ביי דער יידישער יוגנט; דאָס לעבן איז פול מיט צוזאָג, מיט דראַנג צו דערגרייכונגען און נייע, פאַרבאָרגענע כוחות רייסן זיך צום אַקטיוון קאַמף קעגן צאַר. יידישע אַרבעטער פּראָטעסטירן, שטרייקן און שטעלן זיך אונטער די פענער פון פּ. פּ. ס., „בונד“, „פּועלי ציון“ און אַנאַרכיסטן. נישטאָ קיין יידיש הויז, וואָס זאָל נישט זיין אַרומגעכאַפּט מיטן פייער פון קאַמף.

שעדלעץ ווערט אַ שטאַרקע נעסט פאַר רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט. מאַסטבוימס פאָטער, וועלכער פאַרטראָגט נישט קיין סאָציאַלע אומרעכטן, וואַרפט זיך מיט לייב און לעבן אין דער באַוועגונג. זיין שטאַרקע פּראָטעסטירנדיקע נאַטור געפינט דאָ אַ ברייט פעלד פאַר אַרבעט: פירט אָן מיט שטרייקן — טאַקע אין זיין שווערס הוטע; — רעדט מיט פויערים וועגן פאָווסטאַניע; איבער

דעם, אַז מען דאַרף פּאַניען נישט דינען; נישט צאָלן קיין פּאָדאַטקעס; פירט אַגיטאַציע צווישן די חסידישע בחורים אין בית־המדרש; האַלט אָן קאָנטאַקט מיט די פּוילישע חברים און ביי אים אויפן בוידעם ווערן אויסגעאַרבעט פּלענער פון אַטענטאַטן און — באָמבעס.

אַ גוטן פּאַרטנער אין זיין קאָנספּיראַטיווער אַרבעט געפינט ער אין זיין זון, יודלען, וואָס איז איבערגעגעבן מיט האַרץ און נשמה דער אַרבעטער־זאַך. ביידע — דער פאָטער מיטן זון — אַגיטירן קעגן שמחהן: דער פאָטער בונטעוועט די הוטע־אַרבעטער וועגן אַ לוין־העכערונג און קלענערן אַרבעטס־טאָג; און דער זון זיינער, יודל, קלערט־אויף די גלעזערס, אַז זיי אַרבעטן פאַר גראָשנס...

בטבע איז יודל אַ שטילער, אַ גוטהאַרציקער, וואָס איז גרייט יעדנעמען אָפּצוגעבן אַלץ פון זיך אַראָפּ, אָבער ווען עס האַנדלט זיך אין אַ סאָציאַלער אומגערעכטיקייט, טרעט ער אַרויס מיט דער שטרענגסטער שאַרפקייט.

בלויז פון די דריי געשילדערטע טיפּן איז צו זען, אַז מיר האָבן דאָ פאַר זיך גאַנץ אַנדערע מענטשן — אַ גאַנץ אַנדער שטעטל ווי מיר זענען געוווינט צו זען. (אַ חוץ י. מ. ווייסנבערג, וועלכער האָט געגעבן אַ קערנדיק, פולבלוטיק שטעטל).

אָבער דאָס זענען נישט די איינציקע טיפּן אינעם בוך. פאַראַן דאָ אַ רייכע גאַלעריע פון: הוטע־אַרבעטער, רעוואָלוציאָנערן, אָפּיצירן, גלחים, וואַנדער־טרופּעס מיט זייערע דירעקטאָרן און פּרימאַדאָנעס, שוחטים, דאָקטוירים, ווייבער, רעקרוטן און אַנדערע טיפּן, וואָס יעדער פון זיי איז אַ שטיק אייגנאַרטיק לעבן — אַן אייגענע וועלט. דאָס רוב פון די־אָ טיפּן זענען געשילדערט מיט אַזאַ איבערציינגדיקער קראַפט, אַז דו ווערסט מיטגעריסן מיט זייערע האַנדלונגען, פּאַסירונגען, באַוועגונגען — מיטגעריסן מיט זייער לעבן.

עס זענען אָבער אינעם בוך פאַראַן בילדער האַמעטנע און נישט נאַטיקלעכע. צו די־אָ געהערט די באַשרייבונג פון ווייַנאַכט־באַל אין וויאַטקער אָפּיצירן־קלוב. (זייט 130).

אַ שאָד אויך, וואָס דער מחבר האָט זיך אַזוי ווינציק אָפּגעשטעלט ביי אַ טייל העלדן, וואָס וואָלטן, געדאַרפט פאַרנעמען אַ גרויסן און חשובן אָרט אינעם בוך. אַזוי, למשל, ווערט אינעם זייער אינטערעסאַנטן קאַפּיטל: „די אַמאָליקע ערשטע מאַיען“ דערמאָנט משה מעזריטשער ווי אַ צופעליקייט, ווי אַ קליינער, קנאַפּ־זאָגנדיקער עפּיזאָד. אין דער אמתן וואָלט אַזאַ באַקאַנטער אַרבעטער־טוער געדאַרפט פאַרנעמען אַ גאָר גרויסן אָרט (און אפשר — אַ גאַנץ בוך). משה מעזריטשער — זיין אמתער נאָמען: משה קויפמאַן — איז געווען גוט באַקאַנט אין די יידישע אַרבעטער קרייזן פון זיין פּאָליטישער און ליטעראַרישער טעטיקייט: מיטגעאַרבעט אין אַ ריי פּאַרטיי־אויסגאַבעס און פאַרעפנטלעכט — אין יאָר 1933 — זיינע ווערטפולע זכרונות וועגן דעם „אָנהויב פון דער יידישער אַרבעט אין

פ. פ. ס.״ (זע: „ייוואָ־בלעטער״ — פּרץ־בוך — באַנד 28, נומ׳ 1, 1946, זייט 202).

זייער אינטערעסאַנט איז דער ער־שטער טייל פונעם קאַפּיטל: „מיינע מאָלערישע יאָרן״ — די פיר בריִדער, די „פּעטקעס״. דאַקעגן, איז דער סוף פונעם קאַפּיטל — די יידישע פּריי־זיוואניקעס — אַרויסגעקומען ביז גאָר בלאַס. (פאַרגלייך פּ. בימקאָ: „רעקרוטן״).

צו די פאַרביקע און קינסטלערישע קאַפּיטלען געהער: „דער טשעליאַ־בינסקער שוחט וויל מיך פאַר אַן איי־דעם״. אמת, אַז מיר האָבן דאָ אַ זייער בצמצומדיק קאַפּיטל, אָבער יואל מאַסטבוים האָט אַ באַזונדערן טאַ־לאַנט דורך קליינע, אין פלוג אומבאַ־דייטנדיקע פאַקטן, עפּיזאָדן און האַנדלונגען, צו לאָזן אונדז פילן דעם כאַראַקטער און אייגנשאַפט פונעם געשילדערטן העלד.

די בילדער, וואָס מאַסטבוים מאָלט און די פיגורן, וואָס ער צייכנט, זע־נען אינטערעסאַנט, לעבעדיק, קרעפ־טיק און האָבן אַ חוץ זייער ליטעראַ־רישן, אויך אַ געשיכטלעכן ווערט.

יואל מאסטבוימס העלדן, וועלכע זענען, ליידער, היפשלעך פאַרגעסן געוואָרן צוליבן היטלער־חורבן, זענען איצט, אונטער דער געניטער האַנט פונעם קינסטלער, אויפגעשטאַנען תחית־המתים.

---

*I. I. TRUNK*

# EL MUNDO ESTA LLENO DE MILAGROS

*(Novela)*



Editado por la
**Unión Central Israelita Polaca en la Argentina**
Buenos Aires, 1955